# ישראל ליכטנשטיין
# געדענקבוך




ארויסגעגעבן פון פאַרלאַג
שלמה מענדעלסאָן-פאָנד
ביי דער געזעלשאַפט קולטור און הילף

מעקסיקע, ד. פ. 1967

## *Memorias Sobre*

# *Israel Lichtnshtain*

EDITADO POR EL FONDO MENDELSON DE LA
SOCIEDAD PRO CULTURA Y AYUDA



Impreso en México por:
**"IMPRENTA MODERNA PINTEL, S. A."**
Dr. Garciadiego No. 28
México 7, D. F.
1 9 6 7



**ישראל ליכטנשטיין**

געבוירן אין וולאצלאוועק אין יאָר 1884

# אינהאלט:

# אָפּרופן נאָכן טויט

# אַריינפֿיר-וואָרט

מיר גיבן איבער אין די הענט פֿון אונדזערע חברים, תּלמידים און פֿריינד פֿון ישראל ליכטנשטיין דאָס בוך געווידמעט זיין לעבן און שאַפֿן.

מיט עטלעכע און דרייסיק יאָר צוריק האָט די אַרבעטערשאַפֿט פֿון לאָדזש יידישע און נישט־יידישע, צוזאַמען מיט די ברייטע יידישע פֿאָלקסמאַסן באַגלייט דעם פֿאַרשטאָרבענעם ישראל ליכטנשטיין צו זיין אייביקער רו.

די דרייסיק יאָר, וואָס זיינען געווען דאָס טראַגישסטע קאַפּיטל אין דער יידישער געשיכטע — די תּקופֿה פֿונעם אומקום פֿון מזרח־אייראָפּעאישן יידנטום — האָבן נישט באַוויזן אַרויסצורייסן פֿון זכרון פֿון די אָפּגעראַטעוועטע פֿון די גאַזקאַמערן און קאָנצענטראַציע־לאַגערן און פֿון דעם רעשטל לעבן־געבליבענע חברים דעם אָנדענק פֿון ישראל ליכטנשטיין.

צום 30סטן יאָרצייט נאָך ישראל ליכטנשטיין, אין יאָר 1963, זיינען אויף דער איניציאַטיוו פֿון אַפֿרים לוזער זעלמאַנאָוויטש זיך צונויפֿגעקומען עטלעכע לאָדזשער בונדיסטן: ש. מילמאַן, לאה שאַפּראַן, ה. קעמפּינסקי, און אויך ס. ערליך און באַשלאָסן זיך צו באַמיען אַרויסצוגעבן אַ ישראל ליכטנשטיין אָנדענקבוך. דאָס איז דערמעגלעכט געוואָרן אַ דאַנק די חברים: מאיר סילמאַן פֿון מעלבורן, אויסטראַליע, וועלכער האָט בייגעטראָגן אַ באַדייטנדע סומע געלט פֿאַר דעם צוועק, הערשל גרינשטיין פֿון מעקסיקע, וועלכער האָט גענומען אויף זיך צו דעקן אַלע אויסגאַבן פֿון אַרויסגעגעבן דאָס בוך, ווי אויך עטלעכע חברים אין ניו־יאָרק, לאָס אַנדזשעלעס, מאָנטרעאַל, מעקסיקע און בוענאָס איירעס, וועלכע האָבן זיך פֿאַר דעם צוועק באַשטייערט.

סאָפֿיע דובנאָוו־ערליך האָט אויף זיך גענומען די אַרבעט פֿון אָנשרייבן די ביאָגראַפֿיע פֿון ישראל ליכטנשטיין און צו רעדאַגירן דעם גאַנצן געדרוקטן מאַטעריאַל.

ביים צוגרייטן דאָס בוך האָבן די מחברים זיך באַנוצט מיט די מאַטעריאַלן פֿון בונד־אַרכיוו פֿון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג א. נ. פֿון פֿראַנץ קורסקי.

סאָפיע דובנאָוו-ערליך

# דאָס לעבן

## פון

# ישראל ליכטנשטיין

## ערשטער קאַפּיטל

# קינדער־יאָרן

ישראל ליכטנשטיין איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1884 אינעם שטעטעלע קאָוואַל ביי וולאָצלאַוועק, זיין פֿאָטער איז געווען אַן אָרעמער מלמד. שפּעטער איז די משפּחה פֿון יעקב ליכטנשטיין אַריבערגעפֿאָרן קיין וולאָצלאַוועק. ישראלס מאַמע איז געשטאָרבן ווען ער איז געווען אַ קליין קינד, און אין גיכן האָט זיין פֿאָטער געבראַכט אין שטוב אַ צווייטע ווייב. די משפּחה האָט אָנגעהויבן וואַקסן פֿון יאָר צו יאָר און מיט איר וווּקס איז געוואַקסן די נויט. די שטיפֿמאַמע האָט געהאַלטן אין איין שעלטן איר שלימזלדיקן מאַן און די הונגעריקע קינדער — פֿרעמדע און אייגענע. זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, פֿרעמדע קינדער פֿלעגן קריגן אַ טאָפּלטע פּאָרציע קללות — דער קליינער ישראל איז געווען איינער פֿון זיי.

ווען ישראל איז געוואָרן אַ דערוואַקסענער מענטש, האָט ער אָנגעהויבן צו טראַכטן, אַז זיין שטיפֿמאַמע איז נישט געווען אַזאַ שלעכטע, נאָר אַ שטאַרק פֿאַרביטערטע צוליב די שטענדיקע דאגות און נויט. פֿון דעסט וועגן האָט דער קליינער יתום שטאַרק געליטן צוליב דעם וואָס זי האָט אים געהאַלטן פֿאַר אַן איבעריקן מויל אין שטוב. די ביטערע דערפֿאַרונג פֿון די קינדער־יאָרן איז אויף אייביק געבליבן אין זיין זכרון: נאָך אַ ריי יאָרן, רעדנדיק אין נאָמען פֿון אַן אַנאָנימען יונגן אַרבעטער, באַשרייבט ער זיין אייגענע קינדהייט אויף אַזאַ אופֿן: „איך קום פֿון ווינקלגעז, ווו ענגשאַפֿט, שמוץ און קראַנקייט האָבן פֿאַרסמט די לופֿט, האָבן פֿאַרמיאוסט דאָס לעבן. מיין טאַטע און מיין מאַמע זיינען פֿון דער שווערער האָרעוואַניע, פֿון די אייביקע דאגות, פֿון הונגער, אַרבעטסלאָזיקייט און דערנידעריקונג יונגערהייט איינגעטריקנט געוואָרן... איך בין געוואַקסן אָן ליבע, אָן ליכט, אָן וואַרעמקייט...״ *)

---

*) ביילאַגע צום „לאָדזשער וועקער״ — „לאָדזשער סאָציאַליסטישע יוגנטשטימע״, יאַנואַר 1930.

## ישראל ליכטנשטיין

ווען ישראל איז געוואָרן צוועלף יאָר אַלט, האָט מען אים אוועקגעגעבן

צו אַ בעל־מלאכה אַלס לערניינגל. וועגן דעם דערציילט זיין נאָענטער פריינד י. י. טרונק אין זיין בוך „פוילן":

„דער קליינער ישראל האָט נאָך געוואָלט בלייבן ביי זיין טאַטער אין חדר און ווייטער לערנען דאָס ליבהאַרציקן חומש, הגם דער טאַטער האָט אים נישט געקאַרגט דעם קאַנטשיק און די שטיפמאַמע האָט אים דערלאַנגט דאָס מאָגערע שיסעלע גריץ מיט אַ בייזן ברום, ווי ער וואָלט צוגענומען דעם ביסן ברויט פון דעם מויל פון אירע אייגענע קינדער. דער טאַטע האָט נישט געקאָנט אויסהאַלטן די בייזוויליקייטן פון דעם צווייטן ווייב און דעם קליינעם ישראלן אוועקגעגעבן „אויף דער לער" צו אַ מעשׂנגיסער.

„דער מעשׂנגיסער איז געווען אַן אַלטער בייזער ייד אויך מיט אַ יונג צווייט ווייב וואָס האָט געציילט די קאַרטאָפל אין טאָפ אריין און געקאַרגט אַלעמען, אַפילו דעם אייגענעם מאַן, דעם ביסן אין מויל אריין. דערפאַר האָט זי אים נישט געקאַרגט קיין קינדערלעך אויף זיינע עלטערע יאָרן... עס האָט נאָר געהייסן, אַז ליכטנשטיין לערנט זיך דאָ די מלאכה פון מעשׂגיסעריי, אין דער אמתן האָט ער כסדר געמוזט העלפן דער בייזער באַלעבאָסטע, אַרויסטראָגן דאָס מיסט און טאָן אַלערליי שטובזאַכן... עסן האָט זי אים געגעבן ווייניק און בייז געברומט, ווען זי האָט אים סוף־כל־סוף דערלאַנגט דאָס מאָגערע מאָלצייט.

„ביי נאַכט, ווען די קולות אין שטוב האָבן זיך באַרואיקט... האָט דער אַלטער מעשׂנגיסער גענומען מישן און איבערגיסן דאָס צעגאָסענע פייער־דיקע מעטאַל אין די קעסלעך. דער אַלטער ייד איז געשטאַנען אין אַ יאַרמל־קע לעבן די פייערדיקע צעפלאָסענע עלעמענטן און גערעדט צו זיך. ליכטנ־שטיין, אַ הונגריקער און שלעפעריקער האָט דאַן געמוזט שטיין לעבן דעם אַלטן, בייזן, צו זיך ריידנדיקן ייד אין מיטן דעם רויטן אָפשיין פון די פלאַמען און אים העלפן בלאָזן דורך רערן אויף די שווער־צעגאָסענע מעטאַלן".

דער בחור האָט סוף־כל־סוף נישט אויסגעהאַלטן און אוועקגעלאָפן אַהיים. דער קבלת־פנים אין שטוב איז נישט געווען קיין פריינדלעכער. די שטיפמאַמע האָט דעם בחורל גוט אָנגעזידלט. מען האָט באַשלאָסן צו שיקן אים צו אַ בעקער.

דאָס לעבן אין דער בעקעריי איז געווען נאָך ערגער, ווי אין דער מעשׂנ־גיסעריי. די בעקעריי האָט זיך געפונען אין אַ קעלער, און דאָרטן איז געווען שטענדיק פינצטער און דושנע. דער בעקער איז געווען אַן אָנגעכמורעטער, שווייגנדיקער ייד, וואָס פלעגט שלאָפן שטייענדיקערהייט. י. י. טרונק דער־

ציילט, אַז דאָס בחורל „האָט געמוזט זיין דער משרת ביי אַלעמען און אַלע האָבן אים ליב געהאַט צו קנייפּן, אַז די טרערן האָבן זיך אים געשטעלט אין די אויגן. ער האָט געמוזט אַרויסטראָגן די פּאָמעניצע, אַלעמען באַדינען. די בעקער־געזעלן האָבן אים גערופן „אינטעליגענטל" — דערפאַר, ווייל זיי האָבן ביי אים אַמאָל געפּאַקט אַ לערנביכל אויף זיך צו לערנען פּויליש. בזכות זה האָט ער געקריגן גוט אויסגעקנייפּט און מען האָט אים אויסגע־שמירט דאָס פּנים מיט טייג. ער האָט געוויינט. די בעקער־געזעלן האָבן זיך דערפון מער צעלאַכט און אים געגעבן אַ קאָפּ פון הינטן. ליכטנשטיין האָט זיך אויסגעלערנט, אַז מען טאָר נישט וויינען ווען עס טוט וויי.

„...איין מאָל אין דער וואָך ביינאַכט האָט מען אים געגעבן אַ בעזים אין דער האַנט אַריין און ער האָט געמוזט אַריינקריכן טיף אין די אינעווייני־קייטן פון באַקאויוון און דאָרט אויסקערן די אַש... פון די בערג אַש וואָס ער האָט געמוזט אויסקערן האָבן די פונקען צו אים אַרויסגעקוקט ווי די אויגן פון שלאָפנדיקע מלאכי־חבלה. ער האָט זיך דערמאָנט אין די גיהנם־מעשיות פון יידישע מוסר־ספרים. ער האָט זיך געפילט גאָר ביטער איינזאַם אין מיטן די הייסע טונקלקייטן פון באַקאויוון. ער האָט געקערט די קאָכיקע אַש און געוויינט".

זעלטן פלעגט דער ייִנגעלע קריגן אַ דערלויבעניש צו באַזוכן זיין משפחה. דעמאָלט פלעגט ער שפּרייזן אויף די וואָלאָצלאַוועקער גאַסן מיט שטאָלץ — ער האָט געהאַלטן אונטער זיין אָרעם אַ פריש געבאַקענעם שמעקנדיקן ברויט. זיין בן־עיר מאיר דוד אַלטער, וואָס האָט געלערנט חומש ביי זיין טאַטן יעקב ליכטנשטיין, איז געווען אַן עדות פון איינעם אַזאַ באַזוך. ווען ישראל איז געקומען אהיים — דערציילט ער (יובל־בוך פון ברענטש 611 אַרב. רינג) — האָט אים די שטיפמאַמע פריינדלעך אויפ־גענומען: זי האָט אַרויסגעבאַפּט פון זיינע הענט דאָס וואַרעמע ברויט און גלייך אויסגעטיילט צווישן די הונגעריקע קינדער.

דאָס זיינען געווען זעלטענע מינוטן, ווען דער בחור האָט זיך נישט געפילט ווי אַ געיאָגטע חיה. די אַרבעט אין דער בעקעריי פלעגט פאַר אים מיט יעדן טאָג וואָס מער פאַרמיאוסט ווערן. ער האָט אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן אַנטלויפן. דאָס האָט זיך געמאַכט ווי פון זיך אַליין: אין איינעם אַ פרילינג־פאַרנאַכט, ווען אויף די וואָלאָצלאַוועקער גאַסן האָבן געבליט די קאַשטאַנבוימער, האָט אַ דאַרער בחור אין אַ פאַרלאַטעטער קורטקע פלוצים דערפילט, אַז די פיס טראָגן אים צום וואָקזאַל. ער איז אַריין אין אַ פּוסטן וואַגאָן פון דעם צוג וואָס האָט געדאַרפט אָפּפאָרן קיין וואַרשע און האָט

זיך פֿאַרזיכטיק אַרונטערגעלייגט אונטער אַ באַנק. קיינער האָט אים ניט באַמערקט. ווען ער איז געלעגן אַזוי אַן איינגעקאָרטשעטער אין דער פֿינצ־טערניש, האָט ער פּלוצים דערפֿילט מיט האַרץ־קלאַפּעניש אַז דער צוג האָט אַ ציטער געטאָן און האָט אָנגעהויבן ריטמיש צו קלאַפּן, טראָגנדיק אים אין דער ברייטער וועלט אַריין.

## צווייטער קאַפּיטל

# די וואַרשעווער תקופה

דער פּראָווינציעלער בחור האָט זיך אַרומגעדרייט ווי אין אַ חלום אויף די ברייטע רוישיקע וואַרשעווער גאַסן. די גרויסע פרעמדע שטאָט האָט אויסגעזען פאַר אים גאָר פאַנטאַסטיש. מיט באַוווּנדערונג האָט ער געקוקט אויף די רייכע פּילפאַרביקע סחורות אין די העל באַלויכטענע אויסשטעל־פענצטער. פּלוצים איז ער געבליבן שטיין ביי אַ ביכער־געשעפט און האָט נישט געקאָנט אָפּרייסן די אויגן פון די קאָלירטע איינבונדן אײנעם שויפענצטער. שטילערהייט האָט ער געעפנט די טיר און איז אַריין אין דער קראָם. דער באַלעבאָס, אַן עלטערער ייד מיט אַ לאַנגער באָרד האָט געפרעגט, וואָס ער וויל. ווען ישראל האָט אים דערציילט וועגן זיך און געזאָגט, אַז ער זוכט אַרבעט, האָט דער באַלעבאָס אים פאָרגעלייגט צו בלייבן אין קראָם און העלפן אים מיט די ביכער.

דער בחור האָט אָנגעהויבן צו אַרבעטן אינעם ביכערקראָם, אין אָנהייב ווי אַ שיקיינגל, שפּעטער — ווי אַ פאַרקויפער פון ביכער. אַ נייע תקופה האָט זיך אָנגעהויבן אין זיין לעבן. אין דער היים איז לייענען געווען פאַר אים די איינציקע און גאָר זעלטענע פרייד. י. י. טרונק דערציילט: „אין זיינע ביטערע יתום־יאָרן אין דער היים אונטער די בייזוויליקייטן פון דער שטיפמאַמע זיינען די צעריסענע חומשים אויפן טיש פון זיין טאַטן דעם מלמד געווען די ליבהאַרציקע שמעקנדיקע סעדער... דערנאָך די מעשה־ביכלעך אויף יידיש וואָס עס האָט געלייענט די שטיפמאַמע... ליכטנשטיין פלעגט זיך בסוד זיי ביי איר גנבהנען און שלינגען די אויסגעפּעצטע זייטלעך... די מעשה פון „סימכע פלאַכטע" דעם נאַרקאָווער וואַסערטרעגער־קוואַלן פון שקאַצישער פרייד האָבן אויסגעשפּריצט פון דעם דאַזיקן מעשה־ביכל. אין דער פאַרחושכטער שטוב פון זיין טאַטן האָט עס פּלוצים גוט און זאַפטיק אויפגעלאַכט, ווען מען האָט געלייענט די בלעטלעך פון „סימכע פלאַכטע". ליכטנשטיין האָט זיך דערמאָנט אין דער מעשה מג'אַחים וואָס עס פלעגט אויך לייענען די שטיפמאַמע — אַ

צעשיט ביכל מיט דריבניטשקע אותיות. אָבער פֿון אָט די אותיות האָבן מיט דער גאָלדענער שפּע ארויסגעלויכטן די מרחקים פֿון דער וועלט".

פֿאַר יעדן אויטאָדידאַקט ווערט אַ בוך אַ טיר וואָס פֿירט צו דער ברייטער וועלט. אין דער שטילער קראָם, ווו זעלטן ווען פֿלעגט אריינקוקן אַ קויפֿער, פֿלעגט דער בחור שלינגען ביכער פֿון אַלע מינים — וויסנשאַפֿטלעכע און בעלעטריסטיק, אַלטע און נייע. אַ טאָג איז פֿאַר אים צו קורץ געווען, פֿלעגט ער לייענען אויך ביי נאַכט; די דאָזיקע געוווינהייט איז געבליבן ביי אים אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן. די באַשיידענע ביכער־קראָם איז געווען זיין שולע און זיין אוניווערסיטעט. במשך פֿון שטילע שעהן וואָס דער מתמיד האָט פֿאַרבראַכט אין איינזאַמקייט, לייענענדיק ביי דעם שוואַכן ליכט פֿון דעם קליינעם גאַזלאָמפּ, האָט ער אָנגעזאַמלט אַ רייכן מאַטעריאַל פֿאַר שפּעטערדיקע יאָרן פֿון פּאָליטישער און קולטור־רעלער אַרבעט. זיין סאָציאַליזם וואָס איז אַרויסגעוואַקסן פֿון „אַרבעט און נויט" האָט געקריגן אַ פֿעסטע באַזע — די מאַרקסיסטישע לערע.

⁂

נאָך עטלעכע יאָרן אַרבעט אינעם בוכגעשעפֿט האָט ליכטנשטיין געפֿונען זיין אמתן באַרוף — ער איז געוואָרן אַ לערער. זיין ערשטע לערער־שטעלע איז געווען אין אַ שול, וואָס האָט געהערט צו דער וואַרשעווער יידישער גמינע. ער האָט גלייכצייטיק געקריגן אַ ספּעציעלע בילדונג — אויף צו לערנען טויב־שטומע.

די ערשטע יאָרן פֿון 20סטן יאָרהונדערט זיינען געווען אַ תקופֿה פֿון גרויסן רעוואָלוציאָנערן אויפֿברויז אינעם לעבן פֿון די יידישע מאַסן. ליכטנשטיין איז געוואָרן פֿאַרכאַפּט מיט דעם דאָזיקן מעכטיקן שטראָם. דאָס איז נישט געשען מיט אַ מאָל: זיין טיפֿע ערנסטקייט און דער געפֿיל פֿון אחריות האָבן אים נישט דערלאָזט גאַנץ גיך זיך צו באַפֿרייען פֿון ספֿקות און זוכענישן. זיין אַריינטריט אין „בונד" איז געווען דורכגעטראַכט און דורכגעפֿילט. זיין לאָדזשער חבר א. וואָלף האָט געשריבן אין „לאָדזשער וועקער" צום ערשטן יאָרצייט פֿון זיין טויט: „ער האָט שוין געהאַט דורכגעוויייטיקט דאָס רוב פּראָבלעמען פֿון זיין צייט... אין ליכט פֿון בונדיזם האָט ליכטנשטיין דערזען, אַז דערנענטערן די אָרעמע פֿאָלקס־מאַסן צו די קוואַלן פֿון גייסטיקער שיינקייט און וויסן איז מעגלעך נאָר דורכן רעוואָלוציאָנערן איבערבוי... דער רעוואָלוציאָנער אין ליכטנשטיינען האָט אָבער ניט אָפּגעמעקט דעם משכּילישן דראַנג צו לערנען און דערציען די מאַסן".

עס איז געקומען א סוף צו ליכטנשטיינס איינזאמקייט: ער האט גע־קריגן חברים. און כמעט אין דער זעלבער צייט האט ער א דאנק זיינע נייע פריינד־בונדיסטן זיך דערנענטערט צו די יונגע ליטעראטן וואס האבן זיך גרופירט ארום י. ל. פרצן. אין גיכן איז ער געווארן א שטענדיקער גאסט אין פרצס שטוב. דער יונגער בונטאר, וואס איז געווען ארגאניש פאר־בונדן מיטן לעבן פון פאלק, מיט זיין היינט און זיין עבר, איז פארכאפט געווארן מיט דער וויזיאנערישקייט פונעם שרייבער, וואס איז געווען פאר זיין דור א פארקערפערונג פון יידישן קולטורעלן רענעסאנס. דער עקסטאַ־טישער רוף: „שבת זאל זיין!" האט געפונען אן אפרוף אין דער נשמה פון א קעמפער — א ראמאנטיקער, פאר וועמען די טעטיקייט פון „בונד" איז געווען א פראטעסט קעגן דער גרויער וואכעדיקייט אין יידישן לעבן. אויך אין די שפעטערדיקע יארן איז י. ל. פרץ געבליבן פאר ליכטנשטיינען איי־נער פון די באליבטע שרייבער; פרצעס שאפונג איז געווען א טעמע פון א סך פון זיינע ארטיקלען און רעפעראטן.

אין פרצעס שטוב האט זיך ליכטנשטיין געטראפן מיט א ריי יידישע שרייבער און ער האט זיך באפריינדט מיט עטלעכע פון זיי. אין זיינע דערינערונגען וועגן נאמבערגן („לאדזשער וועקער", 30 נאוועמבער, 1928) דערציילט ער, אז אין יאר 1903 האט ער פארבראכט עטלעכע וואכן אויף א זומער־וווינונג אין דעם קרייז פון יידישער ליטעראַרישער באהעמע. איין מאל האבן אש, רייזען און נאמבערג באשלאסן צו מאכן א ליאמע. זיי האבן געקויפט בשותפות א פלעשל ארעק, האבן דאס געטרונקען צו ביסלעך און דערביי געזונגען און געטאנצט. אויף ליכטנשטיינען האט געמאכט א שטארקן איינדרוק וואס נאמבערג האט בשעת דער ליאמע א סך געוויינט.

דער „בונד" האט געפירט אין די יארן פון ערב רעוואלוציע א ברייט פארצווייגטע טעטיקייט. ליכטנשטיין וואס האט געהאט דעם פארטיי־נאמען „סאמויל" פלעגט א סך ארומפארן אין פארשיידענע שליחות. וועגן דער דאזיקער תקופה פון זיין לעבן האבן מיר קנאפע ידיעות; צוליבן מאנגל פון דאקומענטירטע דאטעס איז עס נישט מעגלעך פעסטצושטעלן א כראַ־נאלאגישן סדר פון געשעענישן. עס זיינען געבליבן בלויז איינצלנע שפורן פון דער דאזיקער תקופה. א כאראקטעריסטישן עפיזאד געפינען מיר אין די אויבן דערמאנטע דערינערונגען וועגן ד. נאמבערגן.

ליכטנשטיין דערציילט, אז אין פרילינג 1904 האט ער געזאלט ווערן א שומר פון דעם ווארשעווער בונדישן „סקלאד" פון אומלעגאלער ליטע־ראטור. פארן „סקלאד" האט מען געדארפט קריגן אן אנשטענדיקע „בור־זשואזע" דירה; די דאזיקע אויפגאבע האט אויף זיך גענומען דער דעמאלס־טיקער פארשטייער פון צ. ק. פון „בונד" אין ווארשע, ר. אבראמאוויטש

(דעמאָלסט האָט ער געהייסן מלכיאל). מען האָט געפֿונען אַ פּאַסיקן צימער אויף כלאָדנע גאַס און ליכטנשטיין האָט געדאַרפֿט זיך פֿאַרשטענדיקן מיט דער באַלעבאָסטע: דער פֿריערדיקער לאָקאַטאָר האָט אויף זיך גענומען אים צו רעקאָמענדירן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז געווען ד. נאָמבערג.

„ס'שטעלט זיך אָבער באַלד אַרוים — דערציילט ליכטנשטיין — אַז ס'איז דאָרט פֿאַראַן אַ קליינינטשקע מניעה: דער נייער לאָקאַטאָר — דאָס הייסט איך — פֿאַרמאָג נישט קיין שום באַלעבאַטישקייט, ווי זשע ציט מען זיך אַריין אין אַ גאָלן צימער מיט גאָרנישט?... אָבער נאָמבערג האָט באַלד אַן עצה — „קויפֿט ביי מיר אָפּ מיין באַלעבאַטישקייט (אַ בעטל, אַ שטרוי־זאַק, אַ שיסל מיט אַ קרוג), פֿאַר דריי רובל גיב איך עס אייך אַוועק". אויף מיין פֿאַרלעגענע מינע, וועלכע האָט געדאַרפֿט זאָגן: אַן אמת, דריי רובל איז נישט קיין גרויסער קאַפּיטאַל, אָבער די צרה איז מ'דאַרף זיי פֿאַרמאָגן! — האָט ער אויך אַן עצה: „איר וועט מיר שוין אָוועקגעבן!" פֿאַרשטייט זיך, אַז איך מיט צוויי גרויסע קוישן — אַן ערך 10 פּוד ליטעראַטור — האָב זיך אַריינגעצויגן אין זיין צימער, אָבער די דריי רובל זיינען שוין גע־גאַנגען קאַפּוט".

דאָס בילד פֿון דער „בורזשואַזער" דירה מיט אַ שטרויזאַק און אַ קרוג מיט וואַסער זאָגט אַ סך וועגן דעם אַסקעטישן מין לעבן וואָס ס'האָבן אַמאָל געפֿירט סיי פּאַרטיי־פּראָפֿעסיאָנאַלן, סיי יידישע שרייבער...

נישט זעלטן וועקן אויסערלעכע באַדינגונגען אויף אין מענטשלעכע נשמות פֿאַרבאָרגענע כחות. דאָס איז געשען מיט ליכטנשטיינען אין דעם יאָר 1905, ווען די רעוואָלוציאָנערע טוער זיינען אַרוים פֿון דער אונטער־ערד. ווען ער האָט אָנגעהויבן אַרויסצוטרעטן אויף אָפֿענע פֿאַרזאַמלונגען, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיינע רעדעס פֿאַרכאַפּן די צוהערער. די דאָזיקע רעדעס האָבן געווירקט נישט אַזוי מיט זייער פֿאָרנעם ווי מיטן כוח פֿון איבערצייגונג און מיט טיפֿן געפֿיל, וואָס האָט געברענט אין די פּשוטע ווערטער. וועגן איינער אַזאַ אַרויסטרעטונג וואָס איז פֿאָרגעקומען אין ליכטנשטיינס היימשטאָט וואָלאָצלאַוועק, דערציילט אין זיינע זכרונות מ. ד. אַלטער:

„ער (ליכטנשטיין) האָט אָנקומענדיק קיין וואָלאָצלאַוועק אויף צו שטעלן זיך צום „פּריזיוו", זיך פֿריער „צוגעשטעלט" צו דער פּאַרטיי און ערב דעם צאַרישן „מאַניפֿעסט" וואָס האָט צוגעזאָגט אַ קאָנסטיטוציע געהאַט אַ פֿאַר־זאַמלונג אין גאַס, וווּ עס זיינען געווען פֿאַרזאַמלט פּוילישע און יידישע אַר־בעטער. דעם טאָג, ווען ער האָט געדאַרפֿט זיך צושטעלן צו דער מיליטעַר־רישער קאָמיסיע, האָבן אין דער גאַס פֿאַרן מאַגיסטראַט געוואַרט טויזנטער אַרבעטער.

„די מיליטערישע קאָמיסיע האָט באַטראַכט יעדן רעקרוט פאַר אַ צור־קונפטיקן סאָלדאַט און אים ביי ציימנס „געדוצט". ליכטנשטיין האָט זיי אָבער שטרענג געזאָגט: „איך בעט אייך מיך נישט צו „דוצן". איך וועל אייך אויף קיין איינציקער פראַגע נישט ענטפערן, אויב איר וועט צו מיר נישט ריידן מענטשלעך".

„ער האָט גערעדט צו די צאַרישע נאַטשאַלניקעס און רוסישע דאָקטוירים פון דער קאָמיסיע אַזוי הויך, אַז מען האָט געהערט אין דער אַנדערער שטוב. צוליב זיין קורצזיכטיקייט איז ער באַפרייט געוואָרן. ער איז באַלד אַרויס אויפן באַלקאָן פון מאַגיסטראַט און געהאַלטן אַ רעדע אויף פויליש צו דעם טויזנטקעפיקן עולם, וואָס איז געווען פאַרזאַמלט אויף דער גאַס. ער האָט גערעדט וועגן דער נעבעכדיקער קאָנסטיטוציע וואָס די צאַרישע מאַכט גרייט זיך צו געבן דעם פאָלק, וועגן די פאַרברעכנס פון זעלבסט־הערשערישן רעזשים און וועגן דעם קאַמף פאַר אַן אמתער פרייהייט, פאַר סאָציאַליזם. ווען ער איז אַראָפּ פון באַלקאָן, האָט די מאַסע אים אַ כאַפּ געטאָן אויף די אַקסלען און אים געטראָגן איבער די גאַסן ביזן גרינעם מאַרק. די גאַנצע צייט האָט ער פאָרגעזעצט זיין רעדע. אויפן גרינעם מאַרק איז געווען פאַרזאַמלט אַ ריזיקע מאַסע. דאָרט איז פאָרגעקומען אַ גע־מיינזאַמער מיטינג פון „בונד" און פּ. פּ. ס... רויטע פענער זיינען געווען אין די צענדליקער, איבער די קעפּ פון דער וויגנדיקער מאַסע איז ליכטנ־שטיין צוגעטראָגן געוואָרן צו דער טריבונע. די פּ. פּ. ס.ישע פירער האָבן זיך מיט אים צעקושט. און דאָ האָט ער ערשט מיט זיין קלינגענדיקער שטימע אויפגעשטורעמט די מאַסע. ער האָט גערעדט אויף פויליש און אויף יידיש. דער איינדרוק איז געווען געוואַלדיק גרויס".*)

אין די שטורמישע אָקטאָבער־טעג פונעם יאָר 1905 איז אין דעם יונגן פאַרטיי־פּראָפעסיאָנאַל וואָס האָט ביז היינט געפירט זיין אַרבעט אין שמאָלע ראַמען פון קאָנספּיראַציע געבוירן געוואָרן אַ מאַסן־רעדנער, אַ פאָלקס־טריבון. אָבער די תקופה פון אָפענע אַרויסטרעטונגען איז געווען גאָר אַ קורצע: די רעאַקציע איז נאָכגעגאַנגען דער רעוואָלוציע שריט נאָך שריט. עס האָבן זיך געשאַפן נייע פאָרמען פון געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. אין די רייען פון דער יידישער אינטעליגענץ האָט דער אינטערעס צו פּאָליטיק זיך אַ קערעווע געטאָן צו די קולטור־פּראָבלעמען. עס האָט זיך אַרויס־גערוקט אויף דעם פאָדערשטן פּלאַן די פּראָבלעם פון דער נאַציאָנאַלער

*) מ. ד. אַלטער, וואָצלאַוועק אין צייט פון צאַריזם, יובל־בוך פון בונ־דישן ברענטש 611 פון אַרבעטער־רינג אין ניו־יאָרק.

שפּראַך. צוויי פּאַראַלעלע דערשיינונגען האָבן דעמאָנסטרירט דעם כוח פון יידיש: זיין וואַקסנדיקע ראָלע אין דער מאַסן־באַוועגונג און דער פונאַנ־דערבלי פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור. עס איז פאַר די געזעל־שאַפטלעכע טוער קלאָר געוואָרן: ווי אַ באַזיס פאַר דער מאָדערנער יידי־שער קולטור דאַרף דינען די יידישע וועלטלעכע שול אין דער מוטערשפּראַך.

פאַר ליכטנשטיינען איז די דאָזיקע פּראָבלעם קיין מאָל נישט געווען קיין ריין טעאָרעטישע, איצטער האָט אים געפּרייט די מעגלעכקייט אָנטייל צו נעמען אין דער ראָל פון אַ דעלעגאַט פון וואַרשע אין דער לערער־קאָנ־פערענץ וואָס איז צוזאַמענגערופן געוואָרן אויף פּסח 1907 קיין ווילנע. די קאָנפערענץ איז געווען אומלעגאַל און איר ציל איז געווען צו שאַפן אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון לערער און טוער אין דער יידישער פאָלקס־בילדונג.

אין דער קאָנפערענץ האָבן אָנטייל גענומען 67 מענטשן, פון זיי — 44 בונדיסטן. קיין סך האָבן די פאַרזאַמלטע נישט באַוויזן צו טאָן: שוין דעם ערשטן טאָג איז די דיסקוסיע איבערגעריסן געוואָרן דורכן דערשיינען פון באַוואָפנטע פּאָליציאַנטן. באַלד איז געקומען אויך דער נאַטשאַלניק פון דער ווילנער אָכראַנקע. די דעלעגאַטן זיינען אַוועקגעפירט געוואָרן אין צענטראַלן אַרעסט. דאָ איז געווען שמוציק און ענג, אָבער די אַרעסטירטע האָבן געהאַט אַ מעגלעכקייט פון פרייען קאָנטאַקט צווישן זיך. דער פּרעזי־דיום פון דער קאָנפערענץ האָט באַשלאָסן דאָס אויסצונוצן און האָט דער־קלערט, אַז די קאָנפערענץ גייט ווייטער און אַז מען דאַרף פּרוּוון אויסצו־שעפּן איר גאַנצע פּראָגראַם.

ליכטנשטיין דערציילט וועגן דעם אין זיינע זכרונות: „לכתחילה... ס'האָט געקלונגען מאָדנע: מענטשן אין טורמע, וועמען עס דראָט גאָרנישט קיין קליינע אומאָנגענעמלעכקייטן, זאָלן זיך פאַרנעמען מיט דעבאַטן, וואָס האָבן סוף־כל־סוף געטראָגן אַ ריין טעאָרעטישן כאַראַקטער... מען טאָר נישט פאַרגעסן, אַז אַ וועלטלעכע מאָדערנע שול מיט דער יידישער לי־מודים־שפּראַך האָט דעמאָלט געקלונגען ווי אַ זייער און ווייטע מעשהלע. אינסטינקטיוו האָט מען געפילט, אַז די שול, וועלכע מוז קומען, וועט קומען אַלס אַ רעזולטאַט פון אַ גרויסער געזעלשאַפטלעכער כוואַליע — דערווייל אָבער האָט די כוואַליע, די באַוועגונג פון 1905, וועלכע האָט אונדז געבראַכט צו דעם געדאַנק וועגן דער שול, געהאַלטן ביי פאַלן. ס'איז געווען דאָס יאָר 1907 מיט זיינע שטאַרקע רעפּרעסיעס, און דערווייל זיצט מען אין טורמע. ס'איז ענג, שמוציק, ס'בענקט זיך אַהיים און קודם־כל שרעקט דאָס וואָס ס'קאָן קומען... אייניציקווייז אָבער האָט זיך דער רוב

אריינגעצויגן און ס'איז אוועק א גאנץ לעבעדיקע, היציקע דיסקוסיע אלץ וועגן די זעלבע פּראגעס. א גאנצן טאָג האָט מען געאַרבעט".*)

נאָך זיבן טעג זיצן אין אַרעסט האָט מען איבערגעפירט דעם עולם אין דער לוקישקער טורמע, וואָס איז געווען א סך מער היגיעניש, אָבער דאָ איז מען געווען שטרענג איזאָלירט. נאָך 13 טעג איז געקומען דער פּסק־דין: אַלע אַרעסטירטע זיינען געוואָרן פריי א חוץ פיר. ליכטנשטיין האָט געקריגן עטלעכע יאָר פאַרשיקונג. ער האָט אָבער באַוויזן אין גיכן צו אַנטלויפן און קומען צוריק קיין ווארשע. אין האַרבסט 1907 נעמט ער אָנטייל אין דער אומלעגאַלער פייערונג פונעם צען־יאָריקן יובל פון „בונד". מען האָט צוליב קאָנספּיראַציע אַראַנזשירט די פייערונג ווי א חתונה, אָבער די אָבראַנקע האָט זיך ניט געלאָזט אָפּנאַרן: די פּאָליציי איז אַריין אין זאַל און אַרעסטירט א גרופּע אָנטיילנעמער; צווישן זיי איז געווען אויך ליכטנשטיין. דאָס מאָל איז ער באַפרייט געוואָרן נאָך עטלעכע וואָכן זיצן.

ליכטנשטיין האָט באַזוכט זיינע קאָלעגן פון דער שול־קאָנפערענץ אין פרילינג 1908; ער שרייבט וועגן דעם: „בשעת איך בין שוין אַלס „אַרויסגע־שיקטער" און „אַנטלאָפענער" געקומען קיין ווילנע און ווידער זיך געטראָפן מיט די ח"ח אָרגאַניזאַטאָרן פון דעם ערשטן צוזאַמענפאָר, האָבן מיר אַלע פאַרשטאַנען, אַז אונדזער שול מוז וואַרטן אויף נייע בעסערע צייטן".

ווען ליכטנשטיין איז נאָך צוויי אַרעסטן פריי געוואָרן און געוואָלט צו־ריק איבערנעמען זיין פריערדיקע אַרבעט, האָט אויף אים געוואַרט אַן אַנטוישונג. די באַלעבאַטים פון דער וואַרשעווער יידישער קהלה — פאַר־ביסענע אַסימילאַטאָרן — האָבן שוין פון לאַנג קרום געקוקט אויף דעם יונגן לערער, א סאָציאַליסט און א יידישיסט. זיי האָבן אויסגענוצט זיין אַרעסט כדי אים צו דערקלערן, אַז ווייטער קען ער נישט בלייבן אויף זיין פּאָסטן.

דאָס איז געשען אין א צייט, ווען אין ליכטנשטיינס לעבן איז פאָרגעקומען א טיפע ענדערונג. יאָרן זיינען שוין אַוועק פון דעם מאָמענט, ווען דער שטילער פראָווינצער בחור איז געקומען אין דער הויפּטשטאָט „מיט הונ־גער־פייערן אין בליק", מיט א האַרץ „אויסגעבענקט נאָך גליק". עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ס'איז לייכטער צו באַפרידיקן א פיזישן הונגער, ווי א הונגער פון דער נשמה, א שטאַרקע בענקשאַפט, געבוירן אין די יאָרן פון דער ביטערער איינזאַמקייט פון א קינד — א יתום. אין וואַרשע

*) דער דאָזיקער זכרונות־פראַגמענט איז געווען אָפּגעדרוקט אין דער בראָשור „ערשטע יידישע שול־קאָנפערענץ אין ווילנע 1937 — 1907", וואָס איז דערשינען אין ווילנע אין 1937.

האָט דער בחור שטודירט, אַ סך געלייענט און איז געוואָרן געזעלשאַפֿט־לעך אַקטיוו, אָבער פֿאָרט פֿלעגן קלינגען אין זיין מוח ביאַליקס אומעטיקע ווערטער: „מען זאָגט, אַז ס'איז דאָ ליבע אויף דער וועלט — וואָס איז דאָס ליבע?"

ענדלעך האָט דער גורל אים אַן ענטפֿער געגעבן אויף דער דאָזיקער פֿראַגע. בשעת זיין אַרבעט אין דער גמינע־שול האָט ליכטנשטיין אָנגע־הויבן באַזוכן אַ באַלעבאַטיש שטוב, ווו מען פֿלעגט קריגן „היימישע מיטאָגן". די טאָכטער פֿון די באַלעבאַטים, אַ לעבעדיק, ענערגיש מיידל מיט שוואַרצע צעפּ און שמייכלענדיקע טונקעלע אויגן איז באַלד געוואָרן פֿאַר דעם יונגן טרוימער אַ פֿאַרקערפּערונג פֿון ווייבלעכן חן. עס האָט זיך צעפֿלאַקערט צווישן די צוויי יונגע מענטשן אַ ליבע, וואָס איז געווען אַן ערשטע פֿאַר יעדן פֿון זיי און איז געבליבן אַן איינציקע במשך פֿון אַלע יאָרן פֿון זייער לעבן.

גוטע איז געווען אַן אַקטיווע בונדיסטקע; זי פֿלעגט נעמען אויף זיך גאָר געפֿערלעכע אויפֿגאַבעס און האָט זיי דורכגעפֿירט מיט דערפֿאָלג אַ דאַנק איר זעלטענער זעלבסטבאַהערשונג. זי האָט געוווּסט, אַז ישראל איז מיט לייב און לעבן איבערגעגעבן דער פּאַרטיי, און זי איז שטענדיק גרייט געווען אים צו העלפֿן. ער האָט אין איר געפֿונען אַ געטרייע פֿריינדין, אַ מוטיקע חברטע און אַ געליבטע מיט אַ מוטערלעכן האַרץ.

זייער דערנענטערונג צו זיך האָט גאָרנישט געענדערט די אויסערלעכע פֿאָרעם פֿון זייער לעבן. ליכטנשטיין פֿלעגט ווי אַ פּאַרטייאישער פּראָפּעסיאָ־נאַל אַרומפֿאָרן איבער שטעט און שטעטלעך; גוטע האָט אויך ווייטער געפֿירט איר אַרבעט פֿון אַ לערערין. שוין אַ שוואַנגערע איז זי אָפּגעזעסן עטלעכע חדשים אין תּפֿיסה און האָט אָנטייל גענומען אין אַ לאַנגן הונגער־שטרייק. די יונגע פֿאַר פֿלעגט זיך אָפּט צעשיידן, און זייערע קורצע באַגע־געענישן זיינען געווען שטאַרק פֿאַרקאָנספּירירטע. גוטע האָט דאָס אָנגענומען ווי אַ נאַטירלעכע זאַך און האָט זיך באַמיט אַליין אַן עצה צו געבן. זי האָט נאָך דער באַפֿרייונג ווייטער געאַרבעט ווי אַ שול־לערערין און געזאָרגט וועגן קליינעם זונעלע, וואָס איז געוואַקסן כמעט ווי אָן אַ טאַטן. איר סיטואַ־ציע איז געוואָרן מער קאָמפּליצירט, ווען ס'איז געקומען אַ נייע שוואַנגער־שאַפֿט און מיט איר אַ פּערספּעקטיוו צו פֿאַרלירן די אַרבעט. אין די דאָזיקע שווערע טעג, ווען קיין ידיעות פֿון איר מאַן פֿלעגן נישט קומען, האָט גוטע צופֿעליק געפֿונען אין אַ צייטונג אַן אַנאָנס: אַ שפּיטאָל פֿאַר פּסיכיש קראַנקע אין אַ קוראָרט לעבן וואַרשע האָט געזוכט אַ געזונטע און אַ קרעפֿ־טיקע יונגע פּערזאָן פֿאַר שווערער הויזאַרבעט. ס'איז גוטען נישט לייכט געווען איבערצוציינגן דעם הויפּטדאָקטער, אַז זי האָט גענוג פּסיכישע און פֿיזישע כוחות זיך אַן עצה צו געבן אין די ספּעציפֿישע שפּיטאָל־באַדינ־

גונגען; זי האָט אָבער באַוויזן צו קריגן די אַרבעט. גוטע האָט שווער גע־הארעוועט אין משך פֿון אַ ריי חדשים, כמעט ביזן סאַמע קימפּעט, און האָט געבוירן אַ געזונט ייִנגעלע. זי האָט אים געגעבן דעם נאָמען אַלעק־סאַנדער — אַזוי האָט געהייסן דער דאָקטער, וואָס האָט איר אַרויסגעוויזן אַ סך פֿריינדשאַפֿט אין אַ גאָר שווערער תקופֿה פֿון איר לעבן.

ליכטנשטיין פֿלעגט כסדר מאַכן באַמיונגען צו קריגן פּעדאַגאָגישע אַרבעט, אָבער די סיטואַציע איז געווען האָפֿנונגסלאָז, ווייל די פֿאַרוואַלטער פֿון דער גמינע האָבן קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט אַרויסצוגעבן אַ באַשטעטי־קונג, אַז ער איז געווען אַ לערער. נאָך אַ לאַנגן פּעריאָד אַרבעטסלאָזיקייט האָט ער ענדלעך געקריגן פֿון דער לאָדזשער געזעלשאַפֿט „עזרת־עלמים" אַ פֿאָרשלאָג צו ווערן אַ לערער אין דער שול פֿאַר ייִדישע טויב־שטומע קינדער. נישט לאַנג פֿאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן ישראל און גוטע מיט צוויי קינדער פֿאַרלאָזן וואַרשע.

## דריטער קאַפּיטל

# אויף די פאָדערשטע קאַמף־פּאָזיציעס

דאָס באַזעצן זיך אין לאָדזש האָט געעפֿנט אַ נייע תקופֿה אין ליכטנ־שטיינס לעבן. דאָ, אין דער דאָזיקער אומהיימלעכער שטאָט, איז אים באַ־שערט געווען צו פאַרברענגען זיינע רייפֿע יאָרן — די אַקטיווסטע, די קאָליר־פֿולסטע יאָרן פֿון זיין לעבן. אין אַ שטענדיקער באַרירונג מיט דער פֿאָלקסמאַסע איז ער אויסגעוואַקסן אין זיין גאַנצער גרויס, און וואָס מער ער פֿלעגט פֿון זיך געבן די אַרומיקע, אַלץ רייכער פֿלעגט ער ווערן.

לאָדזש, אַ שטאָט פֿון ציגל און אייזן, איז געווען אַן אינדוסטריעלע, אַ פּראָלעטאַרישע, אַ האַרטע שטאָט, וואָס האָט פֿיינט געהאַט באַפּוצונג, סענטימענטן און אילוזיעס. מיט אירע איינטאָניקע קאַזאַרמעס פֿון קאָליר פֿון רויען פֿלייש, מיט אירע שוואַרצע קוימענס אויסגעשטרעקטע צום נידעריקן פֿאַררויכערטן הימל, האָט זי אויסגעזען ווי אַן עקספּרעסיאָניסטי־שער פּלאַקאַט. די אָרעמקייט איז דאָ געווען אַן אָפֿענע, אַ נאַקעטע, און אַזאַ איז אויך געווען דער בונט און די בענקשאַפֿט נאָך אַן אַנדער, מער מענטשלעך לעבן.

די שטאָט איז געווען אַ צענטער פֿון דער פּוילישער טעקסטיל־אינדוס־טריע. אויך די יידישע אַרבעטער זיינען אין דער דאָזיקער אינדוסטריע געווען באַשעפֿטיקט, הגם זיי האָבן ניט געאַרבעט אין די גרויסע פֿאַבריקן. די מערהייט פֿון זיי האָט געוווינט אין דער פֿאָרשטאָט באַלוט, און דאָס איז געווען דער אָרעמסטער, דער אומהיימלעכסטער טייל פֿון לאָדזש. עס האָבן מרה־שחורהדיק געקוקט אויף דער וועלט די האַלב־בלינדע פֿענצטערלעך פֿון די צעקאַלעטשעטע קרומע באַלוטער הייזלעך. און ווען ליכטנשטיין פֿלעגט אַרויסטרעטן אינעם שטאָטראַט מיט רעדעס וואָס פֿלעגן אַרויספֿירן פֿון די כּלים די רעאַקציאָנערע ראַטמענער, האָט ער שטענדיק געהאַט פֿאַר זיינע אויגן די גרויע הייזקעס פֿון באַלוט. זיין שטימע פֿלעגט זיך ברעכן פֿון כּעס און ווייטאָג, אָבער אָפֿט איז דאָס געווען אַ קול קורא במדבר.

דער מיאוסער שטאָט לאָדזש האָבן געווידמעט זייערע לידער די בעסטע פּוילישע פּאָעטן פֿון 20קער און 30קער יאָרן — טוווים און בראָניעווסקי.

ליכטנשטיין איז אין לאָדזש געווען פֿאַרליבט. „אין די מיאוסע, אָפּשטויסנדיקע הייזקעס — האָט ער געשריבן — אין וועלכע ס׳לעבט דער לאָדזשער פּראָלע־טאַריאַט, ווערט אויסגעוואַרעמט די טיפֿסטע בענקשאַפֿט און די מעכטיקסטע שטרעבונג צו די העכסטע און שענסטע אידעאַלן פֿון מענטשלעכן צוזאַמענ־לעבן. דאָ ווערט מען פֿאַרפּייניקט און אויפֿגעפֿרעסן פֿון נויט, הונגער און שווינדזוכט, אָבער אין דער זעלבער צייט לעבט דאָ און וואַכט... דער אומשטערבלעכער ווילן צו פֿרייהייט, צו גלייכקייט... אין יידיש־פּראָלעטאַ־רישן לאָדזש איז פֿאַרבליבן די גאַנצע פּרימיטיווקייט, אָבער אויך די אומ־מיטלבאַרקייט, פּשטות און אָפֿנהאַרציקייט פֿון אַ פּראָווינצשטאָט... די פּראָלעטאַרישע אָרעמקייט פֿון די באַלוטער געסלעך איז אונדז שטענדיק געקומען צו הילף אין די שווערסטע מאָמענטן פֿון אונדזער באַוועגונג. דאָס לאָדזשער בונדישער פֿאָלק! מיר האָבן דאָס פֿולע רעכט צו רעדן וועגן פֿאָלק, ווייל וואַרשיינלעך האָט אין ערגעץ די בונדישע באַוועגונג ניט אָנגענומען אַזאַ פֿאָלקסטימלעכן כאַראַקטער ווי אין אונדזער פּראָווינצער לאָדזש!״

די דאָזיקע שורות זיינען געווען אָנגעשריבן אין יאָר 1930. מיט אַ יאָר שפּעטער דערציילט ליכטנשטיין וועגן דעם ווי ער איז אַמאָל אַרומגעגאַנגען איבער באַלוט מיט שלום אַשן. אונטער דעם איינדרוק פֿון דער נויט און שמוץ אין די באַלוטער הייזער און הויפֿן האָט אַש אויסגעשריען: „און דאָס ווילט איר איבערמאַכן? דאָס דאַרף מען פֿאַרברענען!״ ליכטנשטיין האָט פֿאַרשטאַנען, אַז אַשס אויסגעשריי איז געווען אַן אויסדרוק פֿון פֿאַר־צווייפֿלונג. ער האָט אויך געוווסט, אַז אַ סך מענטשן האַלטן, אַז מען דאַרף אַנטלויפֿן וואָס ווייטער פֿון אַזעלכע ערטער ווי באַלוט.

„מיר אָבער — האָט ער געטענהט — נישט מיר קענען און נישט מיר ווילן אַנטלויפֿן. ווייל באַלוט, אָט דאָס באַלוט,... איז אונדזערער! מיר וואַקסן פֿון דאַנען אַרויס — דאָס איז אונדזער באָדן. מיר גראָבן זיך איין אין זיין באָדן נישט דערפֿאַר, וואָס מיר האָבן וועלכן עס איז פּיעטעט פֿאַר זיין שמוץ און עיפּוש — אָ, ניין! מיר האַסן דאָס מיט אַלע כוחות פֿון אונדזער נשמה! נאָר ווייל מיר ווייסן, אַז קיינער וועט אונדזער אַרבעט נישט טאָן. מיר מוזן און ווילן אים אויפֿרייסן, כדי אים איבערצובויען!״ („לאָדזשער וועקער״, אָקטאָבער 1931).

אַ קליינער גאָרטן אינעם ווינקל פֿונעם שמוציקן באַלוטער הויף לעבן דער שול אויפֿן נאָמען פֿון ב. מיכאַלעוויטש האָט פֿאַר ליכטנשטיינען אויס־געזען ווי אַן ערשטער שריט אינעם בויען פֿון אַ נייעם באַלוט.

באַלד נאָכן קומען קיין לאָדזש האָט ליכטנשטיין דערפֿילט, אַז די דאָזיקע אומרויקע שטאָט עפֿנט פֿאַר אים פֿאַרשיידענע מעגלעכקייטן פֿון אַקטיווי־טעט. אין די ערשטע יאָרן איז דער פֿאַרנעם פֿון זיין אַרבעט געווען אַ

באַגרענעצטער: אַן אָפֿענע מאַסן־אַרבעט איז צוליב פּאָליטישע באַדינגונגען געווען אוממעגלעך. געוויסע פּערספּעקטיוון פֿון פּאָליטישער און קולטורעלער טעטיקייט האָבן זיך געעפֿנט בשעת דער מלחמה און דער דייטשער אָקופּאַציע פֿון פּוילן.

זומער 1914, באַלד נאָך דעם ווי די רוסישע רעגירונג האָט דערקלערט די מאָביליזאַציע, איז אין לאָדזש פֿאָרגעקומען די באַראַטונג פֿון די פֿאָרשטייער פֿון די דריי סאָציאַליסטישע פּאַרטייען — „בונד", פּ. פּ. ס.־לעוויצאַ און ס.ד.ק.פּ.ל. די באַראַטונג איז פֿאָרגעקומען אין דער שול פֿון טויב־שטומע, וווּ ליכטנשטיין איז געווען אַ פּראָוואַלטער. מען האָט געשאַפֿן אַ צווישנפּאַרטייאישן ראַט און אַרויסגעלאָזט אַ געמיינזאַמען אַנטי־מלחמה אויפֿרוף. נאָך עטלעכע חדשים האָט דער ראַט אויפֿגעהערט צו עקזיסטירן צוליב די חלוקי־דעות אין דעם ענין פֿון פּובליקאַציעס אין יידיש; מען פֿלעגט אָבער אויך אין די שפּעטערע יאָרן אָרגאַניזירן פֿון צייט צו צייט געמיינזאַמע אַרויסטרעטונגען.

די דייטשע חיילות זיינען אַריין אין לאָדזש אין דעצעמבער 1914. עס האָבן זיך ראַדיקאַל געענדערט די לעבנס־באַדינגונגען אין אַלע אָקופּירטע שטעט. די עקאָנאָמישע לאַגע פֿון דער באַפֿעלקערונג איז ערגער געוואָרן: די פֿאַבריקן האָבן אויפֿגעהערט צו אַרבעטן, די נייע מאַכט האָט אָנגעהויבן אַרויספֿירן קיין דייטשלאַנד מאַשינען, רווישטאָף, פֿאַרטיקע סחורות און שיקן יונגע מענטשן אויף צוואַנג־אַרבעטן. פֿון דעסט וועגן די הונגעריקע יאָרן פֿון דער דייטשער אָקופּאַציע זיינען געווען פֿאַר פּוילן אַ תקופֿה פֿון געזעלשאַפֿטלעכער און קולטורעלער אויפֿלעבונג. עס איז צעבראָכן געוואָרן דער ברוטאַלער דרוק פֿון צאַרישער מאַכט און דאָס לאַנד האָט אָנגעהויבן פֿרייער צו אָטעמען. עס זיינען אַנטשטאַנען פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען, קינדער־היימען, יוגנט־אָרגאַניזאַציעס און קלובן. פּאָליטישע פּאַרטייען זיינען אַקטיוו געוואָרן. אין דעצעמבער 1914 איז אין לאָדזש פֿאָרגעקומען די ערשטע אָפֿענע פֿאַרזאַמלונג, אין וועלכער עס האָבן אָנטייל גענומען 500 בונדיסטן. אין אָנהייב 1915 האָט דער „בונד" צוזאַמענגערופֿן צום 10טן יאָרצייט פֿון 9טן יאַנואַר אַ פֿאַרזאַמלונג מיט דער באַטייליקונג פֿון 1500 מענטשן. אין דער דריטער פֿאַרזאַמלונג, וואָס איז פֿאָרגעקומען אָנהייב מערץ, האָבן אָנטייל גענומען 2000 מענטשן.

ליכטנשטיין פֿלעגט אַרויסטרעטן אויף אַלע בונדישע מיטינגען און אויך אויף אַ סך צווישנפּאַרטייאישע. זיין פּאָפּולאַריטעט איז שטאַרק געוואַקסן; ער איז געוואָרן אַן אייגענער אין דער לאָדזשער אַרבעטער־סביבה. און אויך אין די אומהיימלעכע דייטשע באַראַקן פֿון צוואַנג־אַרבעטער פֿלעגט מען איבערחזרן זיינע ווערטער פֿון פּראָטעסט און האָפֿנונג.

די לאָדזשער בונדישע אָרגאַניזאַציע האָט געמאַכט אַ פּרווו אַרויסצוגעבן אַ צייטונג. די צייטונג, וואָס האָט געהייסן „דער יידישער אַרבעטער" איז אַרויס אין צאָל פֿון 3500 עקזעמפּלאַרן. אין דער רעדאַקציע זיינען אַריין דריי מענטשן י. י. ליכטנשטיין, ח. ל. פּאָזנאַנסקי און מאַקס אָגוז. די דייטשע מאַכט האָט געגעבן צו וויסן, אַז די צייטונג קען ווערן לעגאַל, אויב די רעדאַקציע וועט דערקלערן באַלד אין אָנהייב, אַז דאָס דערשיינען פֿון דעם בונדישן אָרגאַן איז מעגלעך געוואָרן אַ דאַנק דעם זיג פֿון די דייטשע חיילות, די רעדאַקציע האָט דעם דאָזיקן תנאי ניט אָנגענומען און די צייטונג איז געבליבן אומלעגאַל.

אין 1917 האָט די אָקופּאַציע־מאַכט געגעבן די פּוילישע שטעט אַ פֿאַרקריפּלטע זעלבסטפֿאַרוואַלטונג מיט אַ קוריאַלער סיסטעם. די לאָדזשער בונדיסטן האָבן באַשלאָסן אויסצונוצן די וואַלן פֿאַר פּאָליטישער אַגיטאַציע. ליכטנשטיין האָט אָנגעפֿירט מיט דער וואַל־קאַמפּאַניע און שפּעטער מיט דער אַרבעט אינעם שטאָטראַט.

לויטן עדות־זאָגן פֿון זיינס אַ פּאַרטיי־חבר, זיינען די וואַל־פֿאַרזאַמלונגען „געווען אַ גרויסע אָפּרעכענונג מיט די אָקופּאַנטן... און זייערע היימישע אונטערשטיצער... אין שטאָטראַט... יעדעס וואָרט זיינס איז געווען אַ פֿלאַמיקער רוף צום קאַמף קעגן אָקופּאַציע־מאַכט".

אויף דער ערשטער זיצונג פֿון לאָדזשער שטאָטראַט וואָס איז פֿאָרגעקומען דעם 23סטן מיי 1917, האָט ליכטנשטיין איבערגעלייענט אַ דעקלאַראַציע, וואָס האָט פֿאָרמולירט די שטעלונג פֿון „בונד" צו דער מלחמה און צו דער אָקופּאַציע־מאַכט, ווי אויך די נאַציאָנאַל־קולטורעלע פֿאָדערונגען פֿון יידישע פֿאָלקסמאַסן. ער האָט אָנגעוויזן אויפֿן אימפּעריאַליסטישן כאַראַקטער פֿון דער מלחמה, וואָס אירע וואָרצלען שטעקן אינעם קאַפּיטאַליסטישן סדר. „דאָס רופֿט אַרויס — האָט ער דערקלערט — צווישן די ברייטסטע מאַסן פֿון אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט אַן אַלץ טיפֿערן אומווילן צו דער איצטיקער אָרדענונג... ס'שטאַרקן זיך די שטרעבונגען צוריק אויפֿצובויען דעם אינטערנאַציאָנאַל. בלויז אונטער זיינע פֿענער וועט דער אַרבעטער־קלאַס דערגרייכן דעם ענדגילטיקן נצחון".

ליכטנשטיין האָט פֿאַרויסגעזען, אַז די אַרבעט אינעם שטאָטראַט וועט זיין אַ שווערע ביז גאָר, „מיר וועלן האָבן קעגן זיך — האָט ער געטענהט — דעם גאַנצן לאַגער פֿון דער בורזשואַזיע אָן אונטערשייד פֿון נאַציאָנאַלער אָנגעהעריקייט — די פּוילישע, יידישע און דייטשע. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס די בורזשואַזיע בלאָזט פֿונאַנדער דאָס פֿייער פֿון נאַציאָנאַלע קריגערייען, פֿירט זי אַ קלאַסן־פּאָליטיק לגבי דעם אַרבעטער־קלאַס."

*) א. וואָלף, די נייע פֿאָלקסצייטונג, 28 אַפּריל, 1933.

און ער האָט פֿאַרזיכערט זיינע ווײַלער, אַז ער וועט אַם שאַרפֿסטן באַקעמפֿן אי די אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק פֿון דער פּוילישער בורזשואַזיע, אי די נאַציאָנאַליסטישע פּאָליטיק פֿון יידישע בורזשואַזע קרייזן. „ווי אַ פֿאָרשטייער פֿון יידישן פּראָלעטאַריאַט — האָט ער דערקלערט — שטעל איך מיך אַנטקעגן דער פֿאָרשטייערשאַפֿט פֿון דער יידישער בורזשואַזיע. אונטער דער צביעותדיקער לאָזונג פֿון נאַציאָנאַלער אחדות אוזורפּירט זי זיך די רעכט פֿון רעפּרעזענטירן דאָס גאַנצע יידישע פֿאָלק. די שאָוויניסטישע און קלעריקאַלע לאָזונגען וואָס ווערן פֿאַרשפּרייט סיי דורך דעם לאַגער פֿון די נאַציאָנאַליסטן, סיי דורך דעם לאַגער פֿון די אַסימילאַטאָרן, פֿאַרטונקלען דעם קלאַסן־באַוווּסטזיין פֿון פּראָלעטאַריאַט”.

די פּראָגראַם פֿון זיין קאָנקרעטער אַרבעט אינעם לאָדזשער שטאָטראַט, האָט ליכטנשטיין פֿאָרמולירט אין אַזאַ אופֿן: „כ'וועל פֿאַרלאַנגען ספּעציעלע פֿאַראָרדענונגען אויף צו מילדערן די אומגליקן פֿון דער מלחמה, אויף קעגנשטעלן זיך דער עקספּלואַטאַציע מצד דער אָקופּאַציע־מאַכט און קעגן אויסרויבן די מאַטעריעלע גיטער פֿון לאַנד און אַרויספֿירן אַרבעטער”...ער האָט אויך צוגעזאָגט צו קעמפֿן פֿאַר אַ מעגלעכקייט פֿון נישט געשטערטער קולטורעלער אַנטוויקלונג פֿאַר יידישע אַרבעטער־מאַסן, אַן אַנטוויקלונג וואָס דאַרף פֿאַרזיכערט ווערן דורך נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע.

דעם קאַמף קעגן די אָקופּאַנטן און די פֿאָרשטייער פֿון בורזשואַזע פּאַרטייען, וואָס זיינען שטענדיק גרייט געווען אויף קאָמפּראָמיסן, האָט ליכטנשטיין געפֿירט אינעם שטאָט־ראַט אין איינעם מיט דעם דעלעגאַט פֿון פּ.פּ.ס.־לעוויצאַ איגנאַצי גראַלאַק. זיי זיינען געווען די איינציקע ראַטמענער וואָס האָבן געהאַט מוט צו וואַרפֿן די אָקופּאַנטן אין פּנים אַריין שאַרפֿע באַשולדיקונגען. זיי האָבןביידע געפֿילט, אַז די אַרבעטער־באַוועגונג וואַקסט אין לאַנד מיט יעדן חודש, און אַז זיי זיינען געוואָרן וואָרטזאָגערס פֿון ברייטע פֿאָלקס־מאַסן.

דער „בונד” איז געווען אַקטיוו אין אַ ריי שטעט און שטעטלעך פֿון פּוילן און זיין פֿירערשאַפֿט איז געקומען צום אויספֿיר, אַז ס'איז אומבאַדינגט נייטיק צו סיסטעמאַטיזירן די פּאַרטיי־טעטיקייט. אין די טעג פֿון 27-24 דעצעמבער 1917 איז פֿאַרגעקומען אין לובלין די אומלעגאַלע בונדישע לאַנד־קאָנפֿערענץ. ליכטנשטיין האָט זיך אין איר באַטייליקט אַלס אַ דעלעגאַט פֿון לאָדזש. די זיצונגען פֿלעגן פֿאָרקומען צוליב קאָנספּיראַציע אין קליינע פֿינצטערע און דושנע לאָקאַלן; ליכטנשטיין וואָס איז שוין דעמאָלט געווען אַ קראַנקער מענטש איז בשעת זיין רעדע פּלוצים געפֿאַלן אין חלשות און האָט געדאַרפֿט קריגן מעדיצינישע הילף. צום סוף פֿון דער קאָנפֿערענץ, איז געווען אויסגעוויילט די צענטראַלע אָנפֿירונג, און ליכטנשטיין איז אַריין אין איר באַשטאַנד.

פוילן איז געווען דורך דעם קריג אפגעריסן פון רוסלאנד — דער ארענע פון געשעענישן, וואס האבן אויפגעטרייסלט די וועלט. אין פעברואר 1918 זיינען געקומען די אומקלארע ידיעות וועגן די בריסקער שלום־אונטערהאנדלונגען צווישן רוסלאנד און דייטשלאנד. די פארשטייער פון בורזשואזע פארטייען אין לאדזשער שטאטראט האבן אנגענומען א געמיינזאמע דעקלאראציע וועגן די פראיעקטירטע טעריטאריעלע ענדערונגען. די פארשטייער פון „בונד" און פון פ.פ.ס.־לעוויצא האבן אריינגעטראגן אן אייגענע דעקלאראציע. זיי האבן פעסטגעשטעלט, אז „די אפנארערישע פרייהייטס־לאזונגען פון די צענטראלע מלוכות, וואס זיינען אקטיוו אונטערגעשטיצט געווארן דורך דער בורזשואזיע פון פוילן, זיינען פארשפרייט געווארן כדי אפווענדן די אויפמערקזאמקייט פון די ברייטע פאלקס־מאסן פון די פאקטישע קריגס־צילן און אפציען די דאזיקע מאסן פון באפרייאונגס־קאמף, וואס עס פירט דער רעוואלוציאנערער סאציאליסטישער פראלעטאריאט".

ליכטנשטיין האט אין א לאנגער רעדע קאמענטירט די דאזיקע דעקלאראציע. ער האט געזאגט: „די פאליטיק פון דער אקופאציע־מאכט, וואס בארויבט אונדזער לאנד פון אירע פראדוקטן, געפינט אן אונטערשטיצונג מצד דער פוילישער רעגירונג, וואס איר פארשטייער איז איצט דער רעגענטן־ראט, און די פאראנטווארטלעכקייט פארן הונגער פון די ברייטע מאסן פאלט אויף אלע וואס שטיצן אונטער די כלומרשט פוילישע רעגירונג... דערפאר שטעלן מיר פעסט, אז ווי לאנג עס דויערט די מלחמה און די אקופאציע... איז דער איינציקער רעאלער אויסוועג וואס בלייבט פאר די דערדריקטע — דער אקטיווער פראטעסט פונעם ארבעטער־קלאס אין פוילן אין איינעם מיטן רעוואלוציאנערן פראלעטאריאט פון אלע לענדער קעגן קריג, אקופאציע און אימפעריאליסטישער פאליטיק פון דער בורזשואזיע".

נאך דער זיצונג פונעם שטאטראט האט זיך פארמירט אויף דער גאס א גרויסע דעמאנסטראציע, וואס איז געווען ארגאניזירט דורכן „בונד" און פ.פ.ס.־לעוויצא. די דייטשע פאליציי האט ברוטאל צעטריבן די דעמאנסטראנטן און א סך פון זיי פארוואונדעט. עס האבן זיך אנגעהויבן ארעסטן. די סאציאליסטישע ראטמענער האבן באשלאסן צו פארלאזן לאדזש. ליכטנשטיין האט פארבראכט עטלעכע חדשים אין קיעוו און איז צוריקגעקומען אהיים נאך דעם ווי די דייטשע חיילות זיינען אוועק פון פוילן.

***

אין הארבסט 1918 איז פוילן געווארן אן אומאפהענגיקע מלוכה, און עס האט זיך אנגעהויבן א האסטיקער אויפבוי פון דעם נייעם מלוכה־

אפאראט. עס איז ענדלעך פארווירקלעכט געווארן דער הייסער ווונטש פון א ריי דורות, דער לאנגיאריקער טרוים פון פוילנס גייסטיקע פירער. בלויז איינער פון זיי — סטעפאן זשעראמסקי — האט געפונען אין זיך גענוג מוט כדי אנצווייזן, אז אונטער דעם צודעק פון מלוכהשאפט ווערן רייף שארפע סאציאלע קאנפליקטן. דאס האט געדארפט קלאר זיין קודם־כל פאר פוילישע סאציאליסטן, אבער א סך פון זיי זיינען געווען אין גאנצן פארבליניעט מיט דעם אלגעמיינעם נאציאנאליסטישן שטראם. אנדערע שטימונגען האבן געהערשט ביי די יידישע פאלקסמאסן: דא האט מען געפילט מיט באזונדערער קראפט דעם יאך פון דער גרויזאמער קריגס־ירושה — פון הונגער, נויט, ארבעטסלאזיקייט און היימלאזיקייט, צענטליקער ארעמע באלוטס האבן געפאדערט דאס שטעלן אויפן סדר־היום ווייט־גייענדיקע סאציאלע רעפארמען.

ליכטנשטיין האט געברענט ווי אין א פיבער: אזוי פיל ארבעט — פון וואנען נעמט מען כוחות? ער איז געווען א פירער פון דער לאדזשער ארגאניזאציע פון „בונד", א רעדאקטאר און א שטענדיקער מיטארבעטער פונעם וואכנבלאט „לאדזשער וועקער", א שליח פון „בונד" אין דעם שטאטראט און אין קהילה־ראט, אן אקטיווער טוער אין צישא. ער פלעגט ארויסטרעטן פאר גרויסע אוידיטאריעס פון יידישע ארבעטער און אינטע־ליגענץ מיט רעפעראטן אויף פאליטישע און ליטעראַרישע טעמעס און נישט זעלטן פלעגט ער אנטייל נעמען אויך אין פארזאמלונגען פון פוילישע און דייטשע ארבעטער. וועגן איינער אזא ארויסטרעטונג וואס איז פארגע־קומען אין טאג פון 1טן מאי דערציילט מען אין „לאדזשער וועקער": „א שטארקן רושם האט איבערגעלאזט ביים ריזיקן עולם פון פוילישע ארבעטער די רעדע, וואס ס'האט געהאלטן אין דער פוילישער שפראך אונדזער חבר ליכטנשטיין וועלכער האט באזונדערס אונטערגעשטראכן די פאדערונג פון אמנעסטיע פאר אלע פאליטישע ארעסטירטע און אויסגע־דריקט דעם שארפסטן פראטעסט קעגן די פאליציייאישע פארפאלגונגען אויף ארבעטער־טוער".

אין די צארישע צייטן איז פוילן געווען אן ארעם לאנד; די אקופאציע האט זי נאך מער רוינירט. בעת די ערשטע שטאטראט־וואלן אין אומאפ־הענגיקן פוילן האבן סאציאליסטן געפירט די אגיטאציע צווישן די ארעמס־טע. די וואל־קאמפאניע פון „בונד" אין לאדזש איז געווען א הייסע; עס האבן זיך אין איר באטייליקט צווישן אנדערע אויך ליכטנשטיינס טויב־שטומע שילער: זיי האבן ארגאניזירט א ספעציעלן וואל־קאמיטעט און האבן געפירט א הויז־אגיטאציע פאר זייער לערער.

ליכטנשטיין האָט באַטראַכט דעם שטאָטראַט קודם־כּל ווי אַ פּאָליטישע טריבונע.*) אויף דער זיצונג פון 4טן אַפּריל 1919 דערקלערט ער: „מיר שאַפן זיך ניט קיין אילוזאָרישע האָפנונג, אַז אַ דאַנק אונדער טעטיקייט אינעם שטאָטראַט וועט דער אַרבעטער־קלאַס דערגרייכן זיינע צילן. אונ־דזער כוח באַשטייט נישט אין דער צאָל שטימען אויף די שטאָטראַט־זיצונ־גען, נאָר אין דעם וווּקס פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, אין וועלכער עס מאַרשירן געשלאָסענע ברידערלעכע רייען פון פּוילישע און יידישע אַרבע־טער. דאָס אָרגאַנישע צוזאַמענבינדן מיט דער גאַנצער פּראָלעטאַרישער באַ־וועגונג וואָס אירע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציעס זיינען די אַרבעטער־ראָטן — דאָס איז אונדזער שטאַרקסטער געווער אינעם קאַמף פאַר אונדזערע פאָדע־רונגען אינעם שטאָטראַט".

אין אַלע זיינע אַרויסטרעטונגען — סיי אויף די זיצונגען פונעם שטאָט־ראַט, סיי אויף די מאַסן־פאַרזאַמלונגען — פלעגט ליכטנשטיין אָנווייזן אויף די ווונדן אויפן גוף פון דער ניי־געבוירענער מלוכה־ביטערע נויט, אַרבעטסלאָזיקייט, פּאָליצייאישער ווילקיר, ווילדע אויסברוכן פון אַנטי־סעמיטיזם. זיינע שאַרפע פּראָטעסטן קעגן אַכזריותדיקע רעפּרעסיעס לגבי אַרבעטער בכלל און באַזונדערס לגבי יידישע אַרבעטער פלעגן אויפרייצן די מאַכט; איין מאָל איז ער אַרעסטירט געוואָרן אויף אַ מאַסן־פאַרזאַמ־לונג און איז געזעסן אין תּפיסה ביז די סיים־וואַלן. דער אַרעסט האָט אים נישט געשטערט ווייטער צו האַמערן וועגן דעם פּאָליצייאישן ווילקיר. אויף דער זיצונג פון 25סטן יאַנואַר 1921 ווייזט ער אָן, אַז מען קאָנפיסקירט כסדר אַרבעטער־צייטונגען, אַז די תּפיסות זיינען איבערפולט, אַז די מאַכט פאַרשליסט געזעלשאַפטן און פאַראיינען, וועלכע האָבן פונקציאָנירט בשעת דער אָקופּאַציע און אפילו אין די צאַרישע צייטן. און אויף די מאַסן־פאַר־זאַמלונגען דערקלערט ער: אויב דער אַרבעטער־קלאַס וועט זיך ניט באַ־מיען צו צעברעכן די רעאַקציע, וועט ער דורך איר צעבראָכן ווערן.

דער פּאָליצייאישער ווילקיר האָט געבושעוועט אין לאָדזש מיט באַזונ־דערער קראַפט. ליכטנשטיין פלעגט פון זיין טריבונע כסדר באַשולדיקן די פּאָליציי אין באַרבאַריש צעטרייבן מאַסן־אַרויסטרעטונגען, אפילו לעגאַלי־זירטע. אויף איינער פון די זיצונגען אין 1933 האָט ער אָנגעוויזן אַז אין רעזולטאַט פונעם פּאָליצייאישן אָנפאַל אויף דער בונדישער 1טער מאַי־דעמאָנסטראַציע האָט די צאָל פאַרוווּנדעטע דערגרייכט צוויי הונדערט. אין דער זעלבער רעדע האָט ער שאַרף פּראָטעסטירט אויך קעגן דעם אָנ־פאַל אויף דער קאָמוניסטישער דעמאָנסטראַציע. „איך ווייס — האָט ער

*) אַ סיסטעמאַטישן איבערזיכט פון ליכטנשטיינס טעטיקייט אינעם שטאָטראַט וועט דער לייענער געפינען אין דעם אַרטיקל פון ש. מילמאַן.

געזאָגט — אַז די מערהייט פֿון דעם שטאָטראַט וועט מיך דערקלערן פֿאַר אַ באָלשעוויק,... און איך דאַרף זיך דערקלערן פֿאַר אַן אַבסאָלוטן קעגנער פֿון יעדן מין פֿאַרפֿאָלגן אַרבעטער".

ליכטנשטיינס לײַדנשאַפֿטלעכע פּאָליטישע אַרויסטרעטונגען און באַזונדערס זײַן קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם פֿלעגן שטאַרק אויפֿרייצן די רעאַקציאָנערע ראַטמענער — ענדעקעס און ענפּעראַצוועס. בשעת די גאַר הייסע דעבאַטן פֿלעגן זיי קומען צו הילף באַנדעס פֿון צעווילדעטע יונגטלעכע וואָס פֿלעגן זיך זאַמלען אויף דער גאַלעריע. מיט טופּעניש מיט די פֿיס און מיט געשרייען: „קיין פּאַלעסטינע!" האָבן זיי זיך באַמיט צו פֿאַרטויבן ליכטנשטיינס ווערטער. ער האָט זיך אָבער נישט געלאָזט טעראָריזירן און פֿלעגט דערפֿירן זײַנע רעדעס ביזן סוף. נישט געקוקט אויף זײַנע שוואַכע לונגען, פֿלעגט ער רעדן בעת די וואַנאַטורעם הויך און דייטלעך. איין מאָל האָט ער בעת אַ טומל אויף דער גאַלעריע דערקלערט: „מיר גלייבן אין דעם קומענדיקן שטורעם, וואָס וועט אָפּרייניקן די פֿאַרסמטע לופֿט. מיט דעם גלויבן גייען מיר פֿאָרויס אָן מורא פֿאַר געשרייען און רדיפֿות".

די ווירקלעכקייט האָט ניט געקאַרגט קיין טראַגישע טעמעס פֿאַרן פּאָלקסטריבון. ליכטנשטיין איז נישט אין שטאַנד געווען צו שווייגן ווען די פּאָליציי האָט מערדעריש געשלאָגן די אַרבעטסלאָזע פֿאַרזאַמלטע לעבן דעם ראָטהויז אָדער די אַרעסטירטע אין די קאָמיסאַריאַטן. מעלאַנכאָליש האָט ער קאָנסטאַטירט: „אויף יעדער זיצונג פֿונעם שטאָטראַט — דאָס זעלבע: הונגער, נויט, אַרבעטסלאָזיקייט, ברוטאַליטעט..."

צו ליכטנשטיינס ערשטן יאָרצייט דערמאָנט זײַן חבר און לאַנגיאָריקער קאָלעגע אינעם שטאָטראַט ש. מילמאַן:

„נישט ווייניקער האָס קעגן ח' ליכטנשטיין האָט זיך אָנגעזאַמלט ביי אונדזערע פֿיינט און קעגנער צוליב זײַן אומבויגזאַמער רעוואָלוציאָנערער פּאָזיציע... אין יאָר 1920 בעתן פּויליש־רוסישן קריג". און ווייטער שרייבט ער: „חבר ליכטנשטיין איז געווען דער שאַרפֿסטער קעגנער פֿון מאַכן וועלכע עס איז קאָמפּראָמיסן, פֿון אויסקלייבן דאָס קלענערע בייז. קוים האָט אָנגעהויבן קלאָר צו ווערן, אַז די רעגירונג שטרעבט... צו קאָמפּראָמיטירן די סאָציאַליסטישע שטאָטראַט־מערהייט, איז ער געווען דער ערשטער, וועלכער האָט אויפֿגעהויבן די פֿראַגע פֿון אָפּזאָגן זיך פֿון די מאַנדאַטן אין שטאָטראַט און מאַגיסטראַט. נישט איין מאָל איז די בונדישע פֿראַקציע נישט מסכים געווען מיט זײַן שטאַנדפּונקט, אָבער ח' ליכטנשטיין האָט ניט מורא געהאַט צו בלייבן אין דער מינדערהייט, ער איז שטענדיק זיכער

געוועזן אין דער טיפער גערעכטיקייט פון דער זאך, פאר וועלכער ער האט געקעמפט".*)

כמעט אויף יעדער שטאָטראַט־זיצונג פלעגט מען ווארפן ליכטנשטיינען אין פנים אריין דעם פאָרוואורף, אז ער איז נישט נענוג פאטריאָטיש. ליכטנשטיין פלעגט אָנווייזן, אז פאַרשטעלונגען וועגן פאטריאָטיזם זיינען פאַרשיידענע. „איך דארף אָבער זאָגן — האט ער דערקלערט — אז מיר גלייבן אינעם פוילישן פאָלק און פריער פאר אלץ אינעם פוילישן ארבעטער־קלאַס מער ווי איר". ביי אן אנדערער געלעגנהייט האט ער געזאָגט, אז ער האט נישט בדעה צו קאָנקורירן אין פאטריאָטיזם נישט מיט יידישע און נישט מיט פוילישע שאָוויניסטן. ביי דער לעגעגנהייט האט ער דער־מאָנט אזא עפיזאָד: בעת דער דייטשער אָקופּאַציע פלעגט מען שיקן פוי־לישע און יידישע אַרבעטער אויף צוואַנגארבעטן אין דייטשלאַנד. דער איינציקער וואָס האט דעמאָלט פּראָטעסטירט אינעם שטאָטראָט קעגן דער מיאוסער פאָליטיק פון די אָקופּאַנטן לגבי דער פוילישער באַפעלקערונג איז געוועזן ער, ליכטנשטיין, א ייד און א בונדיסט; די פוילישע ראַטמענער און אויך די מיטגלידער פון „קאָלאָ פאָלסקע" האָבן איגנאָרירט דעם שווערן גורל פון זייערע ברידער.

די קאָנפליקטן צווישן דער בונדישער פראַקציע און די רעאַקציאָנער־אַנטיסעמיטישע ראַטמענער זיינען געוואָרן באַזונדערס שארף נאָך די וואַלן פון 1923: אין דעם יאָר האָבן די פאַראייניקטע כוחות פון צוויי רעאַק־ציאָנערע פּאַרטייען — ענדעקעס און ענפּעראָוועצעס — באַוויזן צו באַהערשן דעם שטאָטראַט און דעם מאַגיסטראַט. די בונדישע פראַקציע איז קלענער געוואָרן: אין איר זיינען אריין בלויז דריי מענטשן — ליכטנשטיין, מילמאַן און פּאָזנאַנסקי. די אַטמאָספער איז געוועזן א דערשטיקנדיקע: די בונדישע ראַטמענער האָבן זיך געפילט ארומגערינגלט פון אלע זייטן מיט פאַרביסע־נע שונאים. אין אַט דער פאַרסמטער אַטמאָספער איז פאַרגעקומען אן אינצידענט, וואָס האט ארויסגערופן סתירותדיקע געפילן אין דער בונ־דישער סביבה. ווען דער פאָרזיצער פון שטאָטראַט האט גערופן די ראַטמענער זיך אויפצושטעלן פון די ערטער כדי צו באערן דעם אָנדענק פון די העלדן פון פוילישן אויפשטאַנד פון 1830, זיינען די בונדישע ראַט־מענער געבליבן זיצן: זיי האָבן געהאַלטן פאר אוממעגלעך זיך צו באַ־טייליקן אין א דעמאָנסטראַציע, וואָס איז געוועזן אָרגאַניזירט דורך דער שוואַרצער שטאָטראַט־מערהייט. די דאָזיקע האַלטונג, וואָס איז געוועזן דיק־טירט פון אן אימפּולס, האט געפאָדערט א באַלדיקע מאָטיווירונג; ליכטנ־שטיין האט אָבער נים געהאַט קיין שום מעגלעכקייט דאָס צו טאָן: אויף

*) ש. מילמאַן, „לאָדזשער וועקער" 20 אַפּריל 1934.

אים האָט זיך געוואָרפֿן א ווילדע באַנדע ענדעקישע ראַטמענער, און מען האָט אים ברוטאַל אַרויסגעשטופּט פֿון זאַל. מילמאַן האָט באַוויזן צו מאַכן א קורצע דעקלאַראַציע, און באַלד נאָך דעם האָט די טריומפֿירנדיקע רעאַק־ציאָנערע מערהייט אָנגענומען א באַשלוס אויסצושליסן פֿונעם שטאָטראַט די בונדישע ראַטמענער. דער באַשלוס איז שפּעטער אָפּגעשאַפֿט געוואָרן דורך דעם העכסטן אַדמיניסטראַטיוון טריבונאַל אין וואַרשע און די בונ־דיסטן האָבן צוריק פֿאַרנומען זייערע ערטער.

ליכטנשטיין האָט געפֿילט: ער דאַרף בלייבן אינעם שטאָטראַט, ווייל דורך אים רעדן די שווייגנדיקע. אויף איינער פֿון די שטורמישסטע זיצונ־גען האָט ער אַנטשלאָסענערהייט דערקלערט: „איר פֿאַרטויבט אונדזערע שטי־מען, אָבער איר וועט ניט באַוויזן צו פֿאַרטויבן די באַדערפֿענישן וועלכע מיר רעפּרעזענטירן, ווייל מיר רעדן צו אייך אין נאָמען פֿון די אָרעמסטע און געקריוודעטע אין אונדזער שטאָט... עס איז זייער כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דעם דאָזיקן שטאָטראַט: ווען מיר האָבן אַרייַנגעטראָגן אונדזער פֿאָר־שלאָג וועגן הילף פֿאַר די אָרעמסטע, פֿאַר די וואָס שטאַרבן פֿון הונגער... ווען יעדער מינוט אָפּשלעפּן קאָסט בפּירוש טויזנטער לעבנס, האָט די מערהייט פֿונעם שטאָטראַט געהאַלטן פֿאַר מעגלעך נישט לאָזן אונדז רעדן כּדי דער ענין זאָל נישט דערלייִדיקט ווערן".

מען האָט אויך ווילד געשטורעמט ווען ליכטנשטיין האָט באַרירט די פּראָבלעם פֿון דעמאָקראַטישע וואַלן. די ענדעקעס פֿלעגן כּסדר מיט שטאָלץ אונטערשטרייכן, אַז זיי זייַנען אַרייַן אין שטאָטראַט אויפֿן סמך פֿון א דעמאָקראַטישער וואַל־אָרדינאַציע. ליכטנשטיין האָט געזאָגט, אַז אין די צאַרישע צייַטן האָט מען טאַקע געגלייבט, אַז דאָס אַלגעמיינע וואַלרעכט קען שאַפֿן וווּנדער; די ווירקלעכקייט האָט אָבער א סוף געמאַכט צו דער דאָזיקער אילוזיע. איצטער — האָט ער געטענהט — זייַנען מיר עדות פֿון דעם, אַז אין דעם דעמאָקראַטיש געוויילטן שטאָטראַט איז די באַציונג צו דער מינדערהייט א מיאוסע ביז גאָר, און דאָס זעלבע בילד זעט מען אומע־טום אין לאַנד: אונטער דער מאַסקע פֿון פֿאָרמעלער דעמאָקראַטיע באַהאַלטן זיך די ערגסטע רעאַקציאָנערע כּוחות. די הערשנדיקע קלאַסן לייגן אַרייַן אין די דעמאָקראַטישע פֿאָרמען דעם אינהאַלט וואָס איז דיקטירט דורך זייערע אינטערעסן. דערפֿאַר איז די פֿאָרמעלע דעמאָקראַטיע, הגם זי איז אומבאַדינגט נייטיק, היינט נישט קיין פּאַנאַצעיע פֿאַר דעם אַרבעטער־קלאַס. די לעבנס־פֿראַגן וואָס שטייען אויפֿן סדר־היום קענען געלייזט ווערן בלויז דורך דער פּראַקטישער דעמאָקראַטיע — דאָס הייסט דורכן סאָציאַלן איבערבוי.

מיט נישט ווייניקער ברען ווי אין די ווענט פונעם שטאָטראַט פלעגט ליכטנשטיין אַרויסטרעטן אינעם קהילה־ראַט, פירנדיק אַ פאַרביסענעם קאַמף קעגן די יידישע רעאַקציאָנערע קרייזן. די פראַגע פון אָנטייל אין די קהילות האָט אַרויסגערופן חלוקי־דעות אין די בונדישע רייען; ליכטנשטיין האָט געהאַלטן די קהילה־טריבונע פאַר נאָך איין קאַמף־פּאָזיציע. ער האָט געטענהט: „הונדערטער טויזנטער יידישע אַרבעטער און מאַסנמענטשן געהערן צו דער קהילה, און די רעאַקציע באַנוצט דאָס און נאָר דורך אונדזער קאַמף קעגן דער הערשנדיקער שוואַרצער חברה אין דער קהילה.... קאָנען מיר צואיילן דעם פּראָצעס פון סעקולאַריזאַציע פונעם יידישן לעבן”.

דעם אַריינטריט פון בונדיסטן אין די קהילות האָט ליכטנשטיין באַטראַכט פאַר אַ וויכטיקע היסטאָרישע געשעעניש. „דאָס ערשטע מאָל אין דער יידישער געשיכטע — האָט ער געשריבן — האָבן זיך געטראָפן אויג אויף אויג די קלאַסן־שונאים... — די אָרגאַניזירטע שוואַרצע יידישע גביריש־קלעריקאַלע רעאַקציע מיט דעם אָרגאַניזירטן, באַוווסטזיניקן יידישן אַרבעטער־קלאַס”. („לאָדזשער וועקער” נאָוועמבער 1927).

ערב די קהילה־וואַלן אין זומער 1928 האָט ליכטנשטיין דערקלערט אויף אַ זיצונג פון דעם קהילה־ראַט: „די יידישע מאַסן לעבן איצט אַדורך אַ ביטערע תקופה פון איבערברוך אין זייער עקאָנאָמישן לעבן. ס'איז געוואָרן אַ ברענענדיקע לעבנס־פראַגע — דאָס אַריבערפירן די גרויסע יידישע מאַסן פון האַנדל און לופט־פּרנסות צו פּראָדוקטיווער אַרבעט. דאָ האָט זיך געעפנט פאַר די קהילות אַ גרויס פעלד פון אַרבעט: שאַפן פּראָפעסיאָנעלע שולן און קורסן, באַזאָרגן די יידישע אַרבעטער מיט אַרבעטספּלעצער, אָבער פריער פאַר אַלעמען היטן זייער קולטורעלן מצב... אָבער די אגודה־לייט האָבן אָנשטאָט דעם אונטערגעטראָגן... צענטליקער און הונדערטער טויזנטער גילדן הוצאות אויף רבנים... מלמדים און אַנדערע בטלנים. וואָרעם די אגודה איז „קאָנסעקווענט”: זי וויל ניט האָבן קיין געזונטע, פּראָדוקטיווע און קעמפנדיקע יידישע אַרבעטער־מאַסע”.

אָנהייב דרייסיקער יאָרן איז דער דרוק פון דער רעגירונג אויף די קלעריקאַל־גבירישע קהילה־מערהייטן געוואָרן באַזונדערס שטאַרק. ליכטנשטיין איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז די ראָלע פון די קהילות אין יידישן לעבן ווערט וואָס ווייטער אַלץ מער באַגרענעצט. אין דעם אַרטיקל אונטער דעם נאָמען „נידער מיט שוואַרצע קהילות!” („ל. וו”. 21 מאַי 1931) שטעלט ער פעסט: „מיר האָבן אינעווייניק, אין די פעסטונגען פון דער יידישער איינגעזעסענער רעאַקציע, געשטורעמט אירע פּאָזיציעס, אָראָפּגעריסן די מאַסקעס פון דער רעליגיעזער צביעות און באַוויזן דאָס יידישע שוואַרץ־בלוי־ווייסע געמויזעכץ אין זיין אמתער געשטאַלט!... היינט צו טאָג... די פאַשיסטישע מאַכטהאָבער זיינען פאַראינטערעסירט דערין... אַז

אינעווייניק אין די קהילות זאָלן האַלטן די מאַכט אין זייערע הענט די אויסגעלאַסנסטע פֿאַרשטייער פֿון יידישן פֿאַשיזם... די קהילות זיינען פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין פּאָליציי־קאָמיסאַריאַטן פֿאַר יידישע ענינים". ליכטנשטיין האָט געהאַלטן, אַז ביי אַזעלכע פּאָליטישע באַדינגונגען „די אָמתע שלאַכטן מיט דער יידישער רעאַקציע וועלן אויסגעפֿאָכטן ווערן נישט אין די קהילות, נאָר מחוץ פֿון זיי".

עס איז לייכט זיך פֿאָרצושטעלן דעם כעס פֿון די קהילה־בעל־הבתים ווען ליכטנשטיין האָט זיי געוואָרנט, אַז ס'וועט קומען די צייט, ווען די אַרבעטער וועלן זיי אַרויסוואַרפֿן פֿון דער יידישער גאַס מיט אַן „אייזערנעם בעזעם". ער האָט קוואַליפֿיצירט קלעריקאַליזם ווי אַ שונא פֿון דעם זעלבן מין ווי שאָוויניזם און מיליטאַריזם. ביי דעם אַלעם האָט ער באַטאָנט, אַז ער פֿירט נישט קיין קאַמף קעגן רעליגיעזן גלויבן, נאָר קעגן עקספּלאָאַטאַציע פֿון פֿאָלקסגלויבן דורך דער קלעריקאַלער חברה. ס'איז אים נישט צום האַרצן געווען די פּראָפּאַגאַנדע פֿון א"ג „בעזבאָזשניקעס" און ווי ער האָט געשריבן, — „זייערע אומגעלומפּערטע אַנטי־ימים־נוראים־אַקציעס". „די אָרגאַניזאַציע פֿון קלאַסן־באַוווסטזיניקע אַרבעטער — האָט ער גע־טענהט — איז נישט קיין פֿאַרבאַנד פֿון ראַציאָנאַליסטן־אויפֿקלערער, פֿאַר וועלכע די אויפֿקלערעריי איז אַ צוועק פֿאַר זיך". („ל. וו." 4 נאָוועמבער, 1926).

מיט זיינע קעגנער אין דער קהילה־אַגודיסטן און בירגערלעכע ציו־ניסטן — פֿלעגט זיך ליכטנשטיין טרעפֿן אויך אינעם שטאָטראַט. דאָרטן זיינען זיי שטענדיק גרייט געווען אויף קאָמפּראָמיסן לגבי די פֿאַשיסטיש־אַנטיסעמיטישע עלעמענטן און האָבן כסדר געשטימט אין איינעם מיט די פּוילישע רעאַקציאָנערן קעגן אַלע פֿאָרשלאָגן פֿון סאָציאַליסטן.

גאָר פֿאַרביסן פֿלעגט ווערן דער קאַמף צווישן קהילה־לייט און דעם „בונד" בעת די וואַל־קאָמפּאַניעס. די אַגודה האָט זיך ניט געמיאוסט מיט אַזעלכע „אַרגומענטן", ווי דאָס באַשולדיקן די בונדישע אַפּיקורסים, אַז זיי האָבן כדי חוזק צו מאַכן פֿון רעליגיע אָנגעטאָן תּפֿילין אויף אַ הונט. מען האָט אויך געפּרוווט פֿאַרזיכערן דעם אָרעמען עולם אַז ליכטנשטיין „וווינט אין אַ פּאַלאַץ". אין דער אמתן איז דאָס הויז וווּ ס'האָט געוווינט די ליכטנשטיין־משפּחה געשטאַנען קעגן איבער דעם אמתן פּאַלאַץ, וועלכער האָט געהערט צום גרויסן גביר — דעם טעקסטיל־פֿאַבריקאַנט פּאָזנאַנסקי.

⁂

אַ סך ענערגיע פֿלעגט ליכטנשטיין ווידמען דער פּובליציסטישער טע־טיקייט אַלס רעדאַקטאָר און מיטאַרבעטער פֿונעם וואָכנבלאַט „לאָדזשער וועקער". נישט זעלטן פֿלעגט ער שרייבן פֿאַר איין נומער פֿונעם זשורנאַל

א חוץ א לייט־ארטיקל (א שטענדיקע רובריק, וואָס האָט געהייסן „פֿון דער וואָך") נאָך עטלעכע ארטיקלען, אונטערגעשריבענע מיט פֿארשיידענע פסעוודאָנימען (שטיין, ל., ג. ר.). אין דעם וואָכנבלאַט פֿלעגן געדרוקט ווערן באריכטן פֿון שטאָטראט־און קהילה־זיצונגען, פּאָליטישע און ליטע־ראַרישע ארטיקלען, טעאַטער־רעצענזיעס. ליכטנשטיין האָט זיך באטייליקט אין אַלע רובריקן פֿונעם זשורנאַל. כסדר פֿלעגט ער פֿירן א קאַמף קעגן דער יידישער בירגערלעכער פּרעסע, וואָס אויך דער ארבעטער־עולם האָט גע־לייענט, און ספּעציעל קעגן דער וווּלגאַרער „שונד־פּרעסע". דאָס איז געווען א קאַמף פֿאַר א העכערן ניוואָ פֿון יידישער זשורנאַליסטיק.

גאַנץ אָפֿט פֿלעגט ליכטנשטיין באַרירן אויף די שפּאַלטן פֿון „ל. וו." פּראָבלעמען פֿון דער שטאָטישער זעלבסטפֿאַרוואַלטונג. אָן אַנדער סעריע ארטיקלען האָט פֿאַרגעשטעלט מיט זיך א פּרווו צו פֿאָרמולירן דעם אידעאָ־לאָגישן חילוק צווישן „בונד" און אַנדערע פּאָליטישע פּארטייען. א סך אָרט האָט אין דער דאָזיקער רובריק פֿאַרנומען די פּראָבלעם פֿון קאָמוניזם. מיט אַלץ וואַקסנדיקן אומרו פֿלעגט ליכטנשטיין נאָכפֿאָלגן דעם פּראָצעס פֿון פֿאַרשאַרפֿן טעראָר לגבי דער אָפּאָזיציע אין סאָוויעט־רוסלאַנד. זיינע ארטיקלען זיינען געווען אָנגעלאָדן מיט עמאָציע: מיט צאָרן און ווייטאָג פֿלעגט ער שרייבן וועגן דעם אופֿן פֿון באַטראַכטן אַנדערש־דענקנ־דיקע ווי פֿאַרברעכער און שונאים פֿון פֿאָלק. די שאַרפֿע קריטיק פֿון די סטאַ־ליניסטישע מעטאָדן האָט אים אָבער נישט געשטערט צו פּראָטעסטירן מיט נישט ווייניקער שאַרפֿקייט קעגן די פֿאַרפֿאָלגונגען פֿון קאָמוניסטן אין פּוילן. ער שרייבט אין „ל. וו.": „ס'איז אַלעמען באַקאַנט וועגן די ווייטע חלוקי־דעות, וועלכע טיילן אונדז אָפּ פֿון די קאָמוניסטן, מיר פּראָטעסטירן אָם שאַרפֿסטן קעגן זייער סיסטעם פֿון רעפּרעסיעס און ארעסטן... אָבער דעסטאָ שאַרפֿער מוז זיין אונדזער פּראָטעסט קעגן דער ברוטאַלער אפּו־טרופּסות פֿון דער פּאָליציי... די טיפֿע חלוקי־דעות וועלכע צערייסן ביים היינטיקן טאָג דעם ארבעטער־קלאַס, מוזן אויסגעקעמפֿט ווערן פֿון אים גופֿא, אָן קיין שום אריינמישונג פֿון א דריטן צד... און נאָך איינס: די סיסטעם פֿון רעפּרעסיעס און פּאָליצייאישער ווילקיר, וועלכער ווערט אָנגע־ווענדט לגבי א געוויסן טייל פֿון ארבעטער־קלאַס, באַשאַפֿט בכלל אַן אַט־מאָספֿער פֿון געזעצלאָזיקייט און הפֿקרות וואָס גראָבט אונטער יעטווידן שאָטן פֿון דעמאָקראַטיע און פֿרייהייט און ווערט א דראָענדיקע געפֿאַר פֿאַרן גאַנצן פּאָליטישן לעבן פֿון ארבעטער־קלאַס". („ל.וו." 9 דעצעמבער 1927). אין 1927 האָט ליכטנשטיין ענערגיש פּראָטעסטירט קעגן דעם פּסלען די קאָמוניסטישע קאַנדידאַטן־ליסטע ביי די וואַלן אין שטאָטראַט.

אויף דער קריטיק פֿון סטאַליניסטישע מעטאָדן, וואָס איז געפֿירט געווען אויפֿן הויכן אידעאישן ניוואָ, האָבן די לאָדזשער יידישע קאָמוניסט געענט־

פֿערט מיט ווולגאַרע פּערזענלעכע אָנפֿאַלן אויף ליכטנשטיינען. זיי האָבן אים געהאַלטן פֿאַרן געפֿערלעכסטן קאָנקורענט אויף דער יידישער גאַס צוליב זיין גרויסער פּאָפּולאַריטעט ביי דער יידישער אָרעמקייט און זיי פֿלעגן פֿאַר־שפּרייטן די ווילדסטע בילבולים וועגן זיין פּערזענלעך לעבן. אָנווייזנדיק אויף דער פֿלאַכקייט און ווולגאַרקייט פֿון זייערע פּאַשקווילן, האָט ליכטנ־שטיין איין מאָל באַמערקט: „לענין וואָלט זיך אין קבר איבערגעדרייט, ער זאָל דאָס דערהערן!" אין דעם זעלבן אַרטיקל באַשרייבט ער די פּאָליטיק פֿון קאָמוניסטן אויף דער יידישער גאַס אויף אַזאַ אופֿן: די ערשטע פֿאַזע איז די זידלעריי, די צווייטע — אָנפֿאַלן און פּאָגראָמען אויף די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען, פּאַרטיי־לאָקאַלן און קאָנפֿערענצן. און ער קאָנסטאַטירט, אַז די שינאה צום „בונד" וואַקסט פּראָפּאָרציאָנעל צום וווּקס פֿון זיין השפּעה. („ל.וו." 1 יולי 1927).

אין אַ ריי אַרטיקלען האָט זיך ליכטנשטיין באַמיט צו פֿאָרמולירן וויכ־טיקע פּרינציפּיעלע פּאָזיציעס פֿון זיין פּאַרטיי. ער האָט געהערט צו דער צענטריסטישער פֿראַקציע אין „בונד" (א"ג „איינסער"). ער האָט אָבער זעלטן באַרירט אין זיין פּובליציסטיק די אינעווייניקסטע חלוקי־דעות אין דער פּאַרטיי. סיסטעמאַטיש האָט ער געהאַמערט וועגן „רעפֿאָרמיסטישע אילוזיעס"; ער האָט פֿאַרזיכערט, אַז „ס'איז קינדיש נאַיוו זיך איינצורעדן, אַז די פֿאַשיסטישע רעאַקציע וועט זיך אָפּשטעלן פֿאַר די טויערן פֿון דער דעמאָקראַטישער זעלבסט־פֿאַרוואַלטונג". עס איז פֿאַר אים קלאָר געווען, אַז „די פֿראַגע פֿון יעטוועדן שטיק קויל, וואָס די קאָמונאַלע זעלבסטפֿאַר־וואַלטונג קאָן יאָ אָדער נישט אַרויסגעבן די נויט־באַדערפֿטיקע בירגער.... איז ענג פֿאַרבונדן מיט דער גאַנצער געזעלשאַפֿטלעך־פּאָליטישער סיטואַציע אין לאַנד". זיין אויספֿיר איז געווען, אַז באמת דעמאָקראַטישע קאָמונאַלע פּאָליטיק „וועט מעגלעך זיין דעמאָלט, ווען די גאַנצע מאַכט אין לאַנד וועט ליגן אין די הענט פֿון די אַרבעטער און פּאָלקסמאַסן". דעם דאָזיקן אויס־פֿיר, וואָס איז געווען דיקטירט דורך דער ביטערער דערפֿאַרונג פֿון דער אַרבעט אינעם שטאָטראַט, האָט ליכטנשטיין פֿאַרברייטערט און אַנטקעגנ־געשטעלט די אַלגעמיינע רעפֿאָרמיסטישע קאָנצעפּציעס. „מיר האָבן שטענ־דיק באַקעמפֿט — שרייבט ער — דעם רעפֿאָרמיסטישן פֿליגל אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, וועלכער האָט פֿאַרטייטשט פֿאַרעם מיט אינהאַלט... די פּאַרלאַמענטאַרישע דעמאָקראַטיע דערפֿילט ערשט דעמאָלט איר ראָל און אויפֿגאַבע, בעת אַ דאַנק איר באַקומט דער פּראָלעטאַריאַט און די פֿאָלקסמאַסן דעם מאַקסימום פֿון די דעראָבערונגען, וועלכע די היינטיקע געזעלשאַפֿטלעכע אָרדענונג איז ביכולת צו געבן". („ל.וו" 8 מערץ, 1929).

ליכטנשטיין האָט געטענהט: „דער „בונד" איז נישט קאָמוניסטיש און נישט פּ.פּ.ס.'יש. דער „בונד" איז אַ רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישע פּאַרטיי

פֿונעם יידישן פּראָלעטאַריאַט. דער „בונד" האָט אַ היסטאָריש־באַרעכטיקטע אַמביציע צו ווערן דער כוח, וועלכער מוז און וועט שפּילן די ראָלע פֿונעם צענטער, וועלכער וועט העלפֿן זאַמלען אַלע אויסגעהאַלטענע פּראָלעטאַריש־רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן — כדי צו שאַפֿן די קומענדיקע פֿאַראייניקטע פּאַרטיי פֿונעם גאַנצן לאַנד־פּראָלעטאַריאַט. און ווייל דער „בונד" האָט דעם מוט זיך אַנטקעגנשטעלן אי דעם נאַציאָנאַליסטישן טשאַד פֿון איין זייט, אי דער פּרימיטיוו־בונטאַרישער דעמאָראַליזאַציע און דעזאָרגאַניזאַציע פֿון דער צווייטער — דערפֿאַר איז זיין אויפֿגאַבע אַזאַ שווערע".



אַ ריי אַרטיקלען און רעפֿעראַטן האָט ליכטנשטיין געווידמעט קולטור־פּראָבלעמען. ער האָט גערעדט וועגן קולטור, ווי וועגן „דעם גרעסטן אוצר פֿון מענטשלעכן צוזאַמענלעבן" און פֿלעגט באַטאָנען די קאָלאָסאַלע ראָלע פֿון קולטור־אַרבעט אין די ראַמען פֿון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. „דער סאָציאַליזם — האָט ער געטענהט — וואָס וויל באַשאַפֿן אַ נייע אָרדענונג, מוז אויך באַשאַפֿן אַ נייעם מענטשן. און... צוליב דעם מוז דער סאָציאַליזם אַלזייטיק אַנטוויקלען דעם אַרבעטער, בפֿרט דעם יונגן אַרבעטער,... באַשאַפֿן פֿון אים אַ האַרמאָנישע פּערזענלעכקייט". ליכטנשטיין האָט אָנגעוויזן, אַז „מיר לעבן מיט דעם וווּנדער פֿון שאַפֿן זיך פֿון דער נייער מענטשלעכער קאָלעקטיוויסטישער קולטור", און אַפֿילו די קלענסטע אַרבעט אויף דעם געביט האָט ער קיין מאָל נישט געהאַלטן פֿאַר אַ צווייטראַנגיקע.

זיין קולטורעלע טעטיקייט איז געווען אַ פֿאַרצווייגטע: זי איז באַשטאַנען פֿון דריי מינים אַקטיוויטעט — דאָס בויען, דאָס באַשיצן און דאָס פֿאַר־שפּרייטן קולטור. די ערשטע צוויי זיינען געווען געבונדן מיט דער יידישער קולטור, דער דריטער האָט אַרומגענומען די גאַנצע וועלטקולטור.

פֿון אָנהייב און ביזן סוף פֿון זיין לעבן האָט זיך ליכטנשטיין באַמיט צו בויען יידיש־וועלטלעכע לערן־אַנשטאַלטן. זיין ערשטער, ווי אויך זיין לעצטער אויפֿטו אויף דעם געביט איז געווען דאָס שאַפֿן אַ שטאָטישע קינדערהיים מיט יידיש אַלס לערנשפּראַך. וועגן דער ערשטער קינדערהיים דערציילט ח. ל. פּאָזנאַנסקי אינעם אַרטיקל אין „ל.וו." געווידמעט ליכטנשטיינס ערשטן יאָרצייט:

„ס'איז געווען דאָס ערשטע יאָר פֿון דער בלוטיקער וועלט־מלחמה. לאָדזש האָט זיך געפֿונען אונטער דעם שווערן יאָך פֿון דייטשער אָקופּאַציע. ביי דער אַרבעטערשאַפֿט האָט געהערשט נויט און הונגער. דאַן האָט ליכטנשטיין אָנגעהויבן בויען דעם ערשטן דערציִונג־אַנשטאַלט אין דער יידישער מוטערשפּראַך — אַ קינדערהיים. סוף 1915 איז די קינדערהיים,

א דאנק זיין מי, א דאנק זיין באגייסטערונג, מיט וועלכער ער האָט אויך אנדערע אָנגעצונדן, געבוירן געוואָרן. פֿון דאָן אָן רוקט זיך ליכטנשטיין ארויס אין דער שפּיץ פֿון יידישן שולוועזן: ער איז א מיטגרינדער פֿון יידישן שול־און־בילדונגס־פֿאראיין (1916), זיין ערשטער פֿאָרזיצער און א מיטגרינדער פֿון אַלע וויכטעדיקע אנשטאַלטן פֿון מעדעם־קוראַטאָריום אין לאָדזש".

אין יאָר 1915 האָבן די אָקופּאַנטן זיך פֿאַרפּעסטיקט אין לאָדזש און זיי האָבן אָנגעהויבן בויען שולן פֿאַר יידישע קינדער מיט דער דייטשער לערנשפּראַך. די יידישע בורזשואזיע האָט דאָס אָנגענומען אָן קיין שום פּראָטעסט. דער „בונד" האָט אָבער שאַרף פּראָטעסטירט קעגן אָנוואַרפֿן יידישע קינדער מיט צוואַנג א פֿרעמדע שפּראַך. סוכות 1915 איז ליכטנשטיין אַרויסגעטראָטן אין גרויסן זאַל פֿון לאָדזשער פֿילהאַרמאָניע פֿאַר אַן עולם פֿון 1500 מענטשן מיט א פֿלאַמיקער רעדע געווידמעט דער נייער דערציונג־פּאָליטיק. זיינע פֿאַרזיכערונגען, אַז די צוואַנג־פּאָליטיק פֿון די אָקופּאַנטן וועט די יידישע אַרבעטער ניט צעברעכן, זיינען אויפֿגענומען געוואָרן מיט גרויס ענטוזיאַזם.

דער מיטינג איז געווען אָרגאַניזירט דורך דער קאָמיסיע, וואָס איז באַשטאַנען פֿון עטלעכע קולטור־טוער. וועגן איר טעטיקייט דערציילט ח. ש. קאַזשדאַן: „די צייט איז געווען זייער א שווערע; די לערער וועגדן זיך צו אייניקע פּאַרטיי־טוער נאָך הילף, און עס ווערט געגרינדעט א באַראַטונג... מ'האָט אויסגעקליבן א קאָמיסיע, וועלכע האָט געזאָלט אָנהייבן עפּעס טאָן מכוח א שול אויף יידיש. נאָך איידער די קאָמיסיע הייבט אָן איר אַרבעט, האָט די געזעלשאַפֿט „האַרפֿע",... אַן עקספּאָזיטור פֿון דעם בונדס קולטור־אַרבעט, איינגעאָרדנט אַן עפֿנטלעכע פֿאַרזאַמלונג וועגן דער פֿאָלקשול און איר לימוד־שפּראַך, די ערשטע פֿאָרלעזונג פֿון דעם מין. דער רעפֿערענט איז געווען... ישראל ליכטנשטיין.*)

ח. ש. קאַזשדאַן שטעלט פֿעסט, אַז דער מיטינג אין פֿילהאַרמאָניע איז געווען א ווענדפּונקט אין דער לאָדזשער באַוועגונג פֿאַר דער שול. די קאָמיסיע האָט אַרויסגעלאָזט א פּעטיציע, וואָס איז געווען ברייט פֿאַרשפּרייט. אין א מער שאַרפֿער פֿאָרם האָט באַהאַנדלט די שולפּראָבלעם דער אויפֿרוף פֿונעם לאָדזשער קאָמיטעט פֿון „בונד" אָנגעשריבן דורך ליכטנשטיינען. דער אויפֿרוף האָט אַרויסגערופֿן רעפּרעסיעס קעגן בונדיסטן.

אויף איינער פֿון די ערשטע זיצונגען פֿונעם שטאָטראַט אין 1917 טרעט ליכטנשטיין אַרויס מיט דער פֿאָדערונג פֿון גרינדן שולן אין דער

*) ח. ש. קאַזשדאַן, די געשיכטע פֿון יידישן שולוועזן אין אומאָפּהענגיקן פּוילן. מעקסיקע, ד. פּ. 1947, ז' 53.

מוטער־שפּראַך פון די קינדער. ער שטעלט פעסט: „די אַלע פאָרשטייער פון דער יידישער באַפעלקערונג, וועלכע טרעטן אַרויס קעגן דעם רעכט פון אַ קינד אויף אַנטוויקלען זיך אין זיין אייגענער שפּראַך, טרעטן אַרויס נישט קעגן דער שפּראַך גופא, נאָר קעגן דעם קלאַס, וואָס רעדט די דאָזיקע שפּראַך. זיי זעען אין דער שפּראַך דעם כוח, די השפּעה פון דער יידישער אַרבעטער־מאַסע, פאַר וועלכער זיי האָבן מורא".

דעם קאַמף פאַר אַ פאָלקשול אויף יידיש האָט ליכטנשטיין ווייטער געפירט אין אומאָפּהענגיקן פּוילן. אין 1921 האָט דער לאָדזשער שטאָטראַט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, אַז די שול פאַר יידישע קינדער דאַרף זיין אויף דער מוטערשפּראַך. דער וואָיעוואָדע האָט אָבער נישט באַשטעטיקט דעם דאָזיקן באַשלוס. אין רעזולטאַט פון די נייע וואַלן האָט זיך געשאַפן אַ שטאָטראַט מיט אַ רעאַקציאָנערער מערהייט, און די בונדישע פראַקציע האָט זיך געפילט איזאָלירט. די געשרייען אינעם זאַל און אויף דער גאַלעריע פלעגן אַקאָמפּאַנירן אַלע אָן אויסנאַם ליכטנשטיינס רעדעס וועגן די קולטורעלע באַדערפענישן פון דער יידישער באַפעלקערונג. די ראַטמענער זיינען אָבער געצוווּנגען געווען אויסצוהערן אַ דערקלערונג וואָס האָט געהאַט אין זיך די קראַפט פון טיפער איבערצייגונג: „ס'איז ניטאָ אויף דער וועלט אַזאַ כוח וואָס קען אַרויסרייסן די מוטערשפּראַך פון אַ מויל פון אַ קינד!" (די זיצונג פון 14 מאַי 1925). אַן אויספיר פון דער דאָזיקער דערקלערונג האָט געדאַרפט זיין דאָס אָפּזאָגן זיך פון שטימען פאַר דעם שטאָטבודזשעט, וואָס האָט נישט באַפרידיקט די קולטורעלע באַדערפענישן פון לאָדזשער יידן. בעת דער דאָזיקער דעבאַטע האָט אַן ענדעקישער רעדנער געמאַכט אַן איראָנישע באַמערקונג, אַז ליכטנשטיין לאָזט נישט יידישע קינדער אויסלערנען די שפּראַך, וואָס ער אַליין באַהערשט אַזוי גוט.

רעדנדיק וועגן בילדונג פלעגט ליכטנשטיין באַרירן אויך אַלגעמיינע פּראָבלעמען. ער האָט געטענהט, אַז פּוילן האָט נישט גענוג דענקנדיקע מענטשן. ער האָט באַשריבן די טראַגעדיע פון יוגנטלעכע וואָס בענקען נאָך בילדונג, אָבער קענען עס נישט קריגן, ווייל זיי האָבן געהאַט דאָס אומגליק צו שטאַמען פון אָרעמע היימען. „איך האָב דאָס איבערגעלעבט אַליין — האָט ער באַמערקט — און אפשר דערפאַר פיל איך דאָס אַזוי טיף".

איין מאָל, ווען ליכטנשטיין האָט קריטיקירט דאָס אַלגעמיינע שולוועזן אין פּוילן, אָנווייזנדיק אַז די היינטיקע שול לערנט ניט קיין בירדערלעכקייט און ניט קיין מענטשן־ליבע, האָט זיך געלאָזט הערן אַ זאָג פון די ענדעקישע רייען: „דאָס איז נישט אייער עסק!" „איר האָט טעות — האָט ליכטנשטיין רויק געענטפערט — דאָר אַרט מיך יאָ, ווייל פריער פאַר אַלץ בין איך אַ לערער".

מיט א באַפרידיקונג פלעגט ער קאָנסטאַטירן, אַז דאָס יידישע שולוועזן אַנטוויקלט זיך טראָץ אַלע שטערונגען מיט גרויסן אימפעט. אויף די אָנ־פאַלן מצד פוילישע און יידישע רעאַקציאָנערן האָט ער געענטפערט: „דער יידישער אַרבעטער וויל האָבן זיינע שולן. פאַרן פרייז פון זיין הונגער, טיילנ־דיק זיך מיט זיין לעצטן ביסן, האַלט ער אויס די דאָזיקע שולן".

אויף דעם צווייטן שול־צוזאַמענפאָר, וואָס איז פאָרגעקומען אין אַפּריל 1925, איז ליכטנשטיין געוויילט געוואָרן אין דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פון ציש"אָ. ער איז אויך אַריין אין באַשטאַנד פון אַ קאָמיסיע, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו העלפן שאַפן דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט.

די פאָלקשול, געבויט אויפן פונדאַמענט פון אידעאַליזם און מסירת־נפש, האָט געדאַרפט קעמפן מיט שינאה אָדער גלייכגילטיקייט אי אויף דער יידישער, אי אויף דער פוילישער גאַס. אַ שטענדיקע קאַמפּאַניע קעגן קולטור־אַרבעט פון „בונד" האָבן געפירט די בירגערלעכע ציוניסטן. ליכטנ־שטיין האָט זיי כאַראַקטעריזירט ווי „אַסימילאַטאָרן מיט נאַציאָנאַליסטישער פראַזעאָלאָגיע". ער האָט אָנגעוויזן, אַז די פאָרמל „העברעאיש אָדער פּוי־ליש" איז אַ צביעותדיקע: עס איז געווען קלאָר, אַז אין פאַרמעסט צווישן די דאָזיקע צוויי שפּראַכן וועט זיגן די לעבעדיקע שפּראַך — פּויליש.

מיט אַ שווער האַרץ פלעגט דער רעדאַקטאָר פון „ל.וו" פעסטשטעלן, אַז דער „בונד" פילט זיך אָפט מאָל איינזאַם אויך אין דעם לינקן לאַגער. די בונדישע ראַטמענער זיינען קיין מאָל ניט געווען זיכער אין דער הילף מצד זייערע קאָלעגן פון פּ. פּ. ס., וועלכע זיי האָבן געהאַלטן פאַר זייערע אידעאישע פאַרבינדעטע. איין מאָל בעתן שטימען דעם בונדישן פאָרשלאָג וועגן די פאָלקסשולן האָבן די פּ.פּ.ס.ישע ראַטמענער זיך אָפּגעהאַלטן פון שטימען אונטער דעם אויסרייד אַז דער פאָרשלאָג „שמעקט מיט פּאָ־ליטיק". ליכטנשטיין האָט באַלד אויף דעם רעאַגירט. „אַלץ וואָס מיר טוען — האָט ער געזאָגט — איז פּאָליטיק; מיר מוזן נאָר זיך באַמיען, אַז די דאָזיקע פּאָליטיק זאָל זיין אַ ריכטיקע". אויף דער קולטור־קאָנפערענץ, וואָס איז געווען אָרגאַניזירט דורך „טור" (קולטור־אָפּטיילונג פון פּ.פּ.ס.) האָבן די בונדיסטן געפאָדערט מער קאָאָפּעראַציע מצד זייערע פּוילישע חברים. ליכטנשטיין האָט געשריבן: „מיר זיינען שוין זאַט פון די פּלאַטאָ־נישע מיטגעפיל־אויסדרוקן. מיר מוזן געניי, קאָנקרעט וויסן, ווער ס'איז שוין היינט גרייט צו העלפן אונדז אין אונדזער קאַמף". אין דעם זעלבן אַרטיקל קאָנסטאַטירט ער, אַז די קאָמוניזירנדיקע פרייזדענקער־געזעלשאַפט באַקעמפט אַ סך שאַרפער דעם „בונד", ווי די קלעריקאַלע קהילה און אַז די קאָמוניסטישע פירער פונעם בעקער־פאַראיין זאָגן זיך אָפּ צו שטיצן יידיש־וועלטלעכע שולן.

פון דעסט וועגן, פון צייט צו צייט פלעגט ליכטנשטיין מיט באפרידיקונג פעסטשטעלן, אז די פארשטענדעניש פאר די קולטור־באדערפעניש פון די יידישע מאסן שלאגט זיך דורך א וועג. אויפן צוויטן צוזאמענפאר פון צישא האבן זיך די פארשטייער פון פ.פ.ס. און פון ווייסרוסישע ארגאני־זאציעס סאלידאריזירט מיט דער קולטור־פראגראם פון צישא. אין דער פארוואלטונג פון לאדזשער קראנקן־קאסע האבן פוילישע און דייטשע סא־ציאליסטן געשטימט פארן בונדישן פארשלאג אפצודרוקן דעם רעגולא־מין אויך אויף יידיש. ליכטנשטיין שטעלט פעס אין „ל.וו.״ (14 אקאבער 1926), אז פארשטענדעניש פאר דער יידישער שפראך וואקסט אין דער פוילישער סאציאליסטישער סביבה. ער גיט צו: „די דאזיקע וועגדונג... איז נאר מעגלעך געווארן א דאנק אונדזער אומאויפהערלעכן און אומדער־מידלעכן קאמף פאר די נאציאנאלע אינטערעסן פון דעם יידישן ארבעטער־קלאס... ווי אויך א דאנק דעם געמיינזאמען קאמף האנט ביי האנט מיטן פוילישן פראלעטאריאט פאר די אלגעמיינע קלאסן־אינטערעסן פונעם גאנצן ארבעטער־קלאס״.

די דאזיקע אינטערעסן — פלעגט ליכטנשטיין כסדר אנווייזן — פאדערן נישט בלויז פאליטישע און סאציאלע ענדערונגען, נאר אויך דאס עפענען פאר ברייטע מאסן דעם צוטריט צו די אוצרות פון נאציאנאלער און אל־מענטשלעכער קולטור. און ער איז געווען פארטאן אין ברענגען קולטור־ווערטן דירעקט צו די פאלקסמאסן — אין ליטערארישע ארטיקלען, טעאטער־רעצענזיעס, לעקציעס און רעפעראטן. זיין באגייסטערונג פאר ליטעראטור האט דערנענטערט דעם יידישן ארבעטער און פאלקס־אינטעליגענט צו אזעלכע שרייבער, ווי שלום־עליכם, פרץ, אש, נאמבערג, לייוויק און א סך אנדערע. אין אפריל 1929 אויף דער גרויסער פרץ־אקאדעמיע האט ער געהאלטן א רעדע אויף דער טעמע „צי דארפן מיר זיך אפזאגן פון פרצעס ירושה״. די רעדע איז געווען אן ענטפער די וואס האבן געטענהט, אז פרץ איז שוין פרעמד דעם היינטיקן דור. מיט טיפן געפיל האט ליכטנשטיין אנגעצייכנט דעם פארטרעט פונעם שרייבער, וואס האט אריינגעטראגן יום־טובדיקייט אין יידישן לעבן און אין די אומעטיקע יונגט־יארן פונעם רעדנער גופא. ער האט געענדיקט זיין רעדע מיט דער דערקלערונג, אז פרצעס רוף אין דער „גאלדענער קייט״ — „אויסגעלייזט מוז ווערן די וועלט פון פיין און שרעק!״ — איז אויך א רוף פון די יידישע הארעפאשנע מאסן.

פון דער פוילישער און מערב־אייראפעאישער ליטעראטור פלעגט ליכטנ־שטיין אויסוויילן פאר זיינע לייענער און צוהערער אזעלכע ווערק, וואס האבן באהאנדלט סאציאלע פראבלעמען און געהאט קינסטלערישע מעלות. א לאנגע רעצענזיע האט ער געווידמעט דער אנטי־מיליטאריסטישער דראמע פון ערנסט טאלער „הינקעמאן״. עס זיינען אים באזונדערס צום הארצן

געווען די ווערטער פֿון איינעם פֿון די פּערסאָנאַזשן: „ווער ס'האָט נישט קיין כוח צו חלומען, דער האָט ניט קיין כוח צו לעבן". מיט עטלעכע יאָרן שפּעטער האָט ליכטנשטיין געניי אַנאַליזירט פּויכטוואַנגערס גרויס עפּיש ווערק „דערפֿאָלג", וואָס גיט אַ בולטן בילד פֿון דער ערשטער תקופֿה פֿון נאַציזם („וואָכנשריפֿט פֿאַר ליטעראַטור, קונסט און קולטור", 29טער מאַי 1931). ער האָט געווידמעט צוויי לאַנגע אַרטיקלען דעם ווערק פֿון לעאָן קרוטשקאָווסקי „קאַרדיאַן און כאַם"; דער דאָזיקער היסטאָרישער ראָמאַן האָט אַרויסגערופֿן אַ שטורעם אין פּוילישע קאָנסערוואַטיווע קרייזן צוליב דעם דרייסטן רעוויזיאָניסטישן צוגאַנג צו דער ראָמאַנטיק פֿון פּויל־ישע אויפֿשטאַנדן („וואָכנשריפֿט", אויגוסט און סעפּטעמבער 1932).

ליכטנשטיין פֿלעגט זיך טיילן מיט זיינע לייענער און צוהערער מיט דעם וואָס האָט אים באַגייסטערט אין די ווערק פֿון סלאָוואַצקי, נאָרקי, ראָמען ראָלאַן. דער שרייבטיש און די רעדנער־טריבונע זיינען געווען פֿאַר אים שטענדיקע פּאָזיציעס אין זיין אומדערמידלעכן קאַמף פֿאַר מענטשלעכקייט.



ישראל ליכטנשטיין מיט זיין פֿרוי גוטע און זייערע זין —
ראַפֿאַעל און אַלעקסאַנדער.



ישראל ליכטנשטיין (צווייטער לינקס) מיט זיין ברודער לייב און שווענערין
דזשעניא און זייערע קינדער אין לאָנדאָן, 1932.

## פערטער קאַפּיטל

# די שטוב

די שטוב איז געווען אַ געמיטלעכע, הגם קנאַפּ מעבלירט, מיט בלומען־טעפּ אויף די פענצטער, מיט פּויערשע פּילפּאַרביקע קילימען אויף די ווענט, מיט הויכע ביכער־פּאָליצעס און מיט אַ גרויסן עסטיש, וואָס האָט געוואַרט אויף געסט און קיין מאָל נישט אומזיסט. די איינגאַנגטיר איז זעלטן ווען געווען פאַרשלאָסן, און דער לאָדזשער עולם האָט געוווּסט אַז דאָ אויף דער 1טער מאַי־גאַס, געפינט זיך אַן אייגנאַרטיקע שטוב מיט אָפענע טירן און מיט אָפענע הערצער.

אויף דעם ברייטן שרייבטיש וואָס איז געווען פאַרדעקט מיט פּאַפּירן און ביכער פלעגט ביז שפּעט ביי נאַכט ברענען אַ לאָמפּ אונטער אַ גרינעם אַבאַזשור. ווען אין אַ קאַלטער, אָנגעכמורעטער ווינטערנאַכט פלעגט דער בעל־הבית פון דער שטוב, אַן איינגעבויגענער, אַ שטאַרק הוסטנדיקער מענטש גיין אהיים נאָך דער שטורמישער זיצונג, פלעגט אים דער לאָמפּ ציען צו זיך ווי אַ לייכטטורעם אויפן ים. ער האָט געוווּסט: דאָרטן לעבן דעם לאָמפּ, וואַרט אויף אים מיט אַ בוך אָדער האַנטאַרבעט אין די הענט זיין ווייב — די מיטלוווּקסיקע פרוי מיט גרויסע טונקעלע אויגן — דער איינציקער מענטש, מיט וועלכן ער קען אויסרעדן אָדער אויסשווייגן זיין נשמה.

די דירה אויף דער 1טער מאַי־גאַס איז געווען אַ שטילער האַפן נישט נאָר פאַר די מיטגלידער פון דער משפּחה — דאָ פלעגן קומען פאַרשיידענע מענטשן, נאָענטע און ווייטע, די וואָס זיינען געווען איינזאַם אָדער הונגע־ריק, די וואָס האָבן געזוכט אַ גוטע עצה, מאַטעריעלע הילף, אַ ביסל וואַרעמקייט און מיטגעפיל. און פאַר יעדן פון זיינע געסט האָט דער בעל־הבית געהאַט אַ גוט וואָרט, אַ טרייסט, אַ צוזאָג.

ליכטנשטיינס נאָענטער פריינד י. י. טרונק שרייבט אין זיין בוך „פּוילן“:

„זיין שטוב האָט אין זיך געהאַט פון דער אַמאָליקער פּרץ־שטוב אין וואַרשע. ליכטנשטיינס הויז איז געווען אַ צענטער אין וועלכן עס האָבן זיך

געזאַמלט די יעניקע וואָס האָבן געאַרבעט אויף די אַלע געביטן ווי דער „בונד" איז טעטיק געווען. ער איז געווען אַ לערער פון געשיכטע אין אַ לאָדזשער גימנאַזיע. זיין פרוי גוטקע האָט געשטאַמט פון די אַמאָליקע בונדישע קעמפערינס... זיי האָבןביידע שווער געאַרבעט און די פרנסה איז זיי ווייט נישט געקומען איבערן מויל. פון דעסט וועגן איז ליכטנשטיינס הויז געווען אַ „ביתו פתוח לרוחה", מיט אָפענע טירן און מיט אַ געגרייטן טיש פאַר יעדן וואָס איז דאָרט אַריינגעקומען אַ הונגעריקער. שטענדיק זיינען ביי די ליכטנשטיינס געווען געסט און פרעמדע מענטשן. אָרעמע קרובים זיינען געקומען צו אים נאָך הילף, גלייך ווי ער וואָלט געווען אַ גביר. ליכטנשטיין האָט געגעבן און געהאָלפן ווי ווייט ער האָט געקאָנט".

איינער פון די קרובים וואָס האָט זיך געווענדט צו ליכטנשטיינען נאָך הילף איז געווען דער דרייצניעריקער בחור גדליה — דער זון פון זיין ברודער לייב. אין 1922 איז ער געקומען קיין לאָדזש פון אַ שטעטעלע סלופּצע און ער האָט פאַרבראַכט אַ וואָך צייט אין זיין פעטערס שטוב. צענטליקער יאָרן זיינען אַוועק, אָבער עס איז געבליבן אין זיין זכרון די אַטמאָספער פון דער ברייטער גאַסטפריינטלעכקייט וואָס האָט געהערשט אין ישראל ליכטנשטיינס שטוב. אין זיין בריוו פון לאָנדאָן*) ווי ער וווינט שוין עטלעכע צענטליק יאָר דערציילט גדליה ליכטנשטיין וועגן זיין אַמאָליקן באַזוך אין לאָדזש:

„הגם מיין פעטער איז געווען אַ זייער פאַרנומענער מענטש, האָט ער אַרויסגעוויזן אַ גרויסן אינטערעס צו מיר... ער האָט געפרעגט וואָס איך וואָלט געוואָלט טאָן אין דער צוקונפט... איך בין נישט געווען אין שטאַנד צו באַשליסן פאַר זיך גופא צוליב מיין עלטער און צוליב דעם וואָס מיר זיינען געווען זייער אָרעם. ס'איז פאַר מיר געבליבן נאָר איין זאַך — צו געפינען אַן אַרבעט כדי צו פאַרדינען אויף חיונה. אָבער נאָך לאַנגע שמועסן ...האָט ער פון מיר אַרויסגעקריגן, אַז איך האָב זייער ליב צו צייכענען און מאָלן. און ער האָט באַשלאָסן צו שיקן מיך אין אַ שולע פון מאָלעריי אין קראָקע, זעלבסטפאַרשטענדלעך אויף זיין חשבון".

ליכטנשטיין האָט זיך קיין איין מינוט נישט געוואַקלט צו נעמען אויף זיך נייע הוצאות אין אַ צייט ווען דער משפחה־בודזשעט איז געווען מער ווי באַשיידן. זיין פלאַן איז נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן בלויז דערפאַר, ווייל די עלטערן פונעם בחור האָבן אים נישט געלאָזט אַוועקפאָרן פון דער היים.

---

*) דער בריוו אָנגעשריבן אויף ענגליש איז נישט לאַנג צוריק אָנגעקומען אין דעם בונדישן אַרכיוו; דאָס איז געווען אַן ענטפער אויף דער ווענדונג פון דעם רעדאַקציע־קאָמיטעט פון דעם ליכטנשטיין־בוך.

אין לאָדזש האָט מען דערציילט אַז דער בעל־הבית פֿון דעם הויז וווּ ליכטנשטיין האָט געוווינט האָט אָנגעהויבן צו פֿאָדערן פֿון אים מער דירה־געלט. „סטייטש?" האָט ליכטנשטיין געפֿרעגט. „די טרעפּ, וואָס פֿירן צו אייער דירה — האָט דער הויזווירט געענטפֿערט — ווערן שטאַרק אָפּגעהאַקט פֿון די אינטערעסאַנטן וואָס קומען צו אייך פֿון אין דער פֿרי אָן ביז שפּעט ביינאַכט".

אינעם שאַפֿן אַן אייגנאַרטיקע שטוב־אַטמאָספֿער האָט אַ גרויסן חלק געהאַט גוטע ליכטנשטיין. אַנטקעגן די בייזע ווינטן פֿון אַרום פֿלעגט זי אומדערמידלעך שטעלן איר אומבויגזאַמע ענערגיע און איינגעבוירענעם אָפּטימיזם. ווען זי האָט אין די יונגע יאָרן פֿאַראייניקט איר לעבן מיטן אומרואיקן לעבן פֿון אַ טרוימער און אַ בונטאַר, איז זי גרייט געווען צו טיילן זיין גורל „צום גוטן און צום שלעכטן", ווי עס זאָגט די ענגלישע חתונה־פֿאָרמל. זייער אמתער צוזאַמענלעבן האָט זיך אָנגעהויבן ערשט אין לאָדזש, וווּ זיי האָבן מיט געמיינזאַמע כוחות אויפֿגעבויט אַ וואַרעמע היים. דאָס לעבן איז ווייטער נישט געווען קיין רואיקס, די שטורעמס פֿון דער עפּאָכע האָבן עס כסדר געשאָקלט. אָבער ישראל און גוטע האָבן געפֿילט אין זיך אַ טאָפּלטן כוח: זיי זיינען געווען זאַלבע צווייט.

זיי האָבן ביידע אָנגעהויבן אין לאָדזש צו לערנען אין די שולן פֿאַר טויב־שטומע. ליכטנשטיין האָט נאָך עטלעכע יאָרן אַרבעט פֿאַרלאָזט זיין שטעלע אין דער גמינע־שול אין פּראָטעסט קעגן דעם באַשלוס פֿון די נבאים אַריינצופֿירן פּויליש ווי די לערנשפּראַך אַנשטאָט יידיש. ער איז געוואָרן אַ לערער אין אַ פּריוואַטער שול פֿאַר מיידלעך. גוטע איז געבליבן ביי איר פּראָפֿעסיע. זיי האָבן צוזאַמען קנאַפּ פֿאַרדינט אין דער צייט ווען זייער ברייטע גאַסטפֿריינטלעכקייט און די בילדונג פֿון די צוויי זין האָבן געפֿאָדערט גרויסע הוצאות. כדי צו פֿאַרשטאָפּן די לעכער אינעם בודזשעט האָט גוטע אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן זומער־קאָלאָניעס פֿאַר יוגנטלעכע. ישראל פֿלעגט איר אַקטיוו העלפֿן. אין משך פֿון אַ ריי יאָרן זיינען זיי געווען געצוווּנגען זיך אָפּזאָגן אַפֿילו פֿון אַ קורצן זומער־אָפּרו נאָך אַ שווערער ווינטער־האָרעוואַניע.

ליכטנשטיין האָט באַטראַכט זיין אַרבעט אין דער מיטלשול נישט בלויז ווי אַ קוואַל פֿון פּרנסה: ער פֿלעגט אַריינלייגן אין איר — אַזוי אין יעדער אַרבעט — אַ סך נשמה. אָפֿיציעל האָט זיין קורס געהייסן „יידישע רעליגיע און געשיכטע"; ליכטנשטיין האָט באַשלאָסן אויסצונוצן דעם קאָנטאַקט מיט זיינע תלמידות, וואָס האָבן געשטאַמט פֿון פֿרומע אָדער אַסימילירטע היימען, כדי פֿונאַנאַדערצוּוויקלען פֿאַר זייערע אויגן אַ ברייט בילד פֿון יידישן פֿאָלקסלעבן. די ווערק פֿון יידישע שרייבער וואָס ער פֿלעגט פֿאַרלייענען

און קאָמענטירן אין קלאַס האָבן געעפֿנט אַ נייע וועלט, און מיט באַגייסטע־רונג האָבן די תּל־רות נאָכגעפֿאָלגט זייער לערער אויף די אומבאַקאַנטע וועגן. די יוגנט בענקט נאָך ענטוזיאַזם: דער קרענקלעכער לערער מיט דער ווייכער שטימע און פֿאָטערלעכע אויגן האָט געגעבן די ייונגע מיידלעך דאָס וואָס זיינע קאָלעגן האָבן נישט באַוויזן זיי צו געבן. מיטן לויף פֿון דער צייט איז ער געוואָרן פֿאַר אַ סך פֿון זיי אַ פּערזענלעכער פֿריינד, וואָס האָט געהאַט פֿאַרשטענדעניש פֿאַר זייערע אינטימע איבערלעבונגען. זיי האָבן געהאַט צו אים אַן אומבאַגרענעצטן צוטרוי. אַ גאַנצע ריי פֿון ליכטנשטיינס תּלמידות איז נאָכן ענדיקן די שול אַריינגעטראָטן אין דער בונדישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפֿט".

ליכטנשטיינס גרויסע פּאָפּולאַריטעט אין דער שול האָט נישט געקאָנט בלייבן קיין סוד פֿאַר די לאָדזשער בילדונגס־אינסטאַנצן, וואָס זיינען געווען באַאומרואיקט צוליב דעם וווּקס פֿון רעוואָלוציאָנערע שטימונגען ביי דער שוליוגנט. גראָד ביים סוף פֿון די 20ער יאָרן האָט דאָס בילדונגס־מיניס־טעריום אַריינגעפֿירט אַ נייעם געזעץ וואָס האָט פֿאַרלאַנגט פֿון אַ גימנאַזיע־לערער אַן אוניווערסיטעט־דיפּלאָם אָדער אַ ספּעציעלן עקזאַמען. מען האָט באַשלאָסן אויסצונוצן דעם דאָזיקן געזעץ כדי פּטור צו ווערן פֿון דעם לערער, וואָס האָט פֿאַרשפּרייט געפֿערלעכע אידעען. אונטער דעם שטאַרקן דרוק מצד דער מאַכט האָט זיך דער שול־פֿאַרוואַלטער געפֿילט געצוווּנגען צו זאָגן ליכטנשטיינען אַז ער דאַרף פֿאַרלאָזן זיין פּאָסטן.

דאָס איז געווען פֿאַר ליכטנשטיינען אַ שווערער קלאַפּ. צוריק אין דער היים נאָך זיין לעצטער לעקציע האָט ער קיין איין וואָרט ניט געזאָגט וועגן דעם אַז ער איז געוואָרן אַרבעטסלאָז. צום ערשטן מאָל מסתּמא איז עס געשען אַז ליכטנשטיין האָט עפּעס באַהאַלטן פֿון זיין פֿרוי. ער פֿלעגט ווייטער פֿאַרלאָזן די שטוב אין דער פֿרי, אַזוי ווי אַלע מאָל, און נאָך דעם אָפּזיצן עטלעכע שעה אין דער שטאָטישער ביבליאָטעק. לאַנג האָט אָבער ניט געדויערט: גוטע האָט באַמערקט, אַז ישׂראל איז נישט מיט אַלעמען. אַנטשלאָסנערהייט האָט זי געפֿאָדערט ער זאָל איר זאָגן וואָס עס עסט אים אַזוי שטאַרק. ווי אַזוי זי האָט אויף אַן אמת אויפֿגענומען די שלעכטע בשׂורה, ווייסט נאָר איין גאָט אַליין; צו איר מאַן האָט זי רואיק געזאָגט:

„עס איז פֿאַר מיר קיין ווונדער נישט — איך בין געווען זיכער, אַז צו דיין אַרבעט וועט אין גיכן קומען אַ סוף. און אפֿשר איז בעסער אַזוי — עס האָט זיך באַשאַפֿן אַ שווערע אַטמאָספֿער אַרום דיין לערעריי; מען ווייסט דאָך גאַנץ גוט אין לאָדזש, ווער דו ביסט. נשקשה מיר וועלן זיך אַן עצה געבן. זומער וועט מען שאַפֿן אַ גרעסערע קאָלאָניע, און די בחורים וועלן אונדז העלפֿן".

נאָך דעם דאָזיקן געשפּרעך איז ליכטנשטיין געוואָרן רואיקער. זיין גאַנצע צייט האָט ער איצט אָפּגעגעבן דער פּאַרטיי־אַרבעט.

אין דער דירה אויף דער גאַס פֿון 1־טן מאַי האָט מען געלעבט זאַט־בע פֿערט. די זין — רפֿאל און אָלעק — זיינען געוואַקסן אין אַן אַטמאָספֿער פֿון עמאָציאָנעלער אינטענסיווקייט, און דאָס איז נישט געבליבן אָן ווירקונג. זיי זיינען געווען שטאַרק צוגעבונדן צו די עלטערן און האָבן אין זיי געזען די פֿאַרקערפּערונג פֿון הויכן אידעאַליזם. דאָס האָט אָבער נישט געקאָנט פֿאַרדעקן דעם טיפֿן אונטערשייד צווישן די צוויי דורות. ישראל און גוטע האָבן געהערט צו דער דינאַמישער שיטה פֿון פֿאָלקס־אינטעליגענץ, וועלכע האָט רעוואָלוציאָניזירט דאָס יידישע לעבן. זיי האָבן אויסגעקליבן זייער וועג אָן קיין שום וואַקלעניש. די פֿאַראייניקונג פֿון צוויי קולטורן — יידישער און ****יילישער — האָט פֿאַר זיי קיין שוועריקייטן נישט פֿאַרשאַפֿט: טיף פֿאַרוואָרצלט אינעם לעבן פֿון זייער אייגענעם פֿאָלק, זיינען זיי גרייט געווען אַריינצונעמען אין זיך דאָס ווערטפֿולע אין קולטור פֿון אַנדערע פֿעלקער. זיי האָבן געקעמפֿט קעגן די אויסערלעכע כוחות; מיט זיך אַליין זיינען זיי געווען אין הסכם. זייערע קינדער וואָס האָבן אַזאַ שלימותדיקייט און זיכערקייט ניט פֿאַרמאָגט האָבן זיי מקנא געווען.

דער דור צו וועלכן עס האָבן געהערט די יונגע ליכטנשטיינס איז געווען דורך דעם גורל אַריינגעוואָרפֿן אין אַ פֿאַרפּלאָנטערטער ווירקלעכקייט פֿון צווישנמלחמהדיקן פּוילן און איז געשטעלט געוואָרן פּנים אל פּנים מיט ברענענדיקע געזעלשאַפֿטלעכע פּראָבלעמען. דאָס לעבן אין לאַנד איז געווען צעריסן דורך שאַרפֿע סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע קעגנזאַצן. און נישט איין מאָל האָט די סענסיטיווע יונגע אינטעליגענץ געפֿילט אַ ביטערן טעם פֿון הילפֿלאָזיקייט בשעת די אָנפֿאַלן פֿון רעאַקציאָנערע באַנדעס און ווילדע אַנטיסעמיטישע העצעס אין די אוניווערסיטעט־אָודיטאָריעס.

ליכטנשטיינס זין האָבן פֿאַרבראַכט זייערע יונגע יאָרן אונטערן צייכן פֿון אַ שאַרפֿן קאָנטראַסט צווישן דער וואַרעמער היימישקייט פֿון דער שטוב און דער אומהיימלעכער אַטמאָספֿער פֿון אַרום. און דאָס משפּחה־לעבן אַליין איז נישט פֿריי געווען פֿון ערנסטע פּראָבלעמען; איינע פֿון זיי איז געווען די פּראָבלעם פֿון קולטורעלער אָנגעהעריקייט און אידענטיפֿיקאַציע. די שטוב איז געווען אַ צווייִשפּראַכיקע: די עלטערן האָבן גערעדט צווישן זיך יידיש, די קינדער האָבן באַטראַכט פּויליש פֿאַר זייער שפּראַך און פֿלעגן זיך אויסלעבן בלויז אין פּוילישער קולטור. מיט אומעט פֿלעגט ליכטנשטיין אָפֿט מאָל פֿילן, אַז אַ סך זאַכן וואָס האָבן אים באַגייסטערט בלייבן פֿרעמד פֿאַר זיינע קינדער.

## ישראל ליכטנשטיין

די בחורים האָבן שטודירט אין וואַרשעווער אוניווערסיטעט, ראַפֿאל — יוריספּרודענץ און — אַלעק — מעדיצין. אַלעק, הגם אַ ייִנגערער האָט זיך געפֿילט מער רייף און דערוואַקסן. ער האָט שטודירט מיט התמדה און האָט זיך געגרייט צו ווערן אַ פּסיכיאַטאָר. ער איז געווען אַ מיטגליד פֿון דער בונדישער סטודענטישער גרופּע אין וואַרשע. ראַפֿאל, אַ הויכער, אַ ברייטפּלייציקער האָט געמאַכט אַן איינדרוק פֿון אַן אַטלעט; אין דער אמתן איז דאָס געווען אַ נערוועזער און אומזיכערער בחור, וואָס האָט זיך אָפֿט מאָל געפֿילט אומבאַהאָלפֿן ווי אַ קינד. ער האָט געטרוימט וועגן אַ ליטעראַרישער קאַריערע און האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אינעם קרייז פֿון יונגע פּוילישע שרייבער אין לאָדזש. זיין ערשט בוך, וואָס איז אַרויס אונטער דעם פּען-נאָמען ראַפֿאל לען, איז גוט אויפֿגענומען געוואָרן דורך זיינע קאָלעגן. לאָדזש איז געווען אַ שטאָט פֿון שאַרפֿע סאָציאַלע קאָנ־טראַסטן, און די אַרטיקע יונגע אינטעליגענץ איז געווען רעוואָלוציאָנער געשטימט; איר ליבלינג איז געווען דער פּאָעט וולאַדיסלאַוו בראָניעווסקי, וועלכן די שוואַרצע לאָדזשער קוימענס האָבן געמאַכט פֿאַר אַ בונטאַר. ראַפֿאלס נאָענטע פֿריינד זיינען געווען קאָמוניסטיש געשטימט; די דאָזיקע שטימונגען האָבן געווירקט אויך אויף אים, אָבער די ברוטאַלע אָנפֿאַלן פֿון די לאָדזשער קאָמוניסטן אויף זיין פֿאָטער האָבן אים געשטערט אָנצור־קניפּן אַ קאָנטאַקט מיטן קאָמוניסטישן אַקטיוו. ליכטנשטיין פֿלעגט אַרויס־ווייזן אַ גרויסע טאָלעראַנץ און אַפֿילו פֿריינדלעכקייט לגבי דעם זונס קאָלעגן, וואָס פֿלעגן אָפֿט באַזוכן זייער שטוב. די יונגע פּוילישע שרייבער וואָס האָבן קיין שום פֿאַרשטעלונג נישט געהאַט וועגן די וווּלגאַרע אָנפֿאַלן אויף ליכטנשטיינען מצד אַרטיקע ייִדישע קאָמוניסטן, האָבן זיך באַצויגן צו ראַפֿאלס עלטערן מיט גרויס סימפּאַטיע און דרך־ארץ.

⁂

צווישן די צאָלרייכע באַזוכער פֿון ליכטנשטיינס שטוב איז געווען אַ קליינע גרופּע פֿון גאָר נאָענטע פֿריינד. מיט זיי פֿלעגט ליכטנשטיין פֿריי און אָפֿן אַרומרעדן פּלענער פֿון פּאָליטישער אַרבעט, אַקטועלע ענינים, אידעאָלאָגישע, ליטעראַרישע און ריין פּערזענלעכע פּראָבלעמען. ליכטנ־שטיין האָט אינדיווידואַליזירט זיינע באַציִונגען צו מענטשן. ער האָט געהאַט פֿאַרשיידנאַרטיקע פֿאַראינטערעסירונגען און אַזוי זיינען געווען די טעמעס פֿון זיינע שמועסן. זיינע נאָענטע פּערזענלעכע פֿריינד זיינען געווען: י. י. טרונק, נ. בוימגאַרטן, ש. מילמאַן, דער דאָקטאָר אַלעקסאַנדער מאַר־גאָלים און זיין פֿרוי אַננאַ, דער לערער שאַפּירא (שלום אַשם שוועער).

אָן אייגנאַרטיקן כאַראַקטער האָט געטראָגן ליכטנשטיינס לאַנגיאָריקע פֿריינדשאַפֿט מיט י. י. טרונקן. דער הסיד י. י. טרונק האָט אַרויפֿגעקוקט צו זיין פֿריינד ווי צו אַ רבין: ער האָט געהאַלטן ליכטנשטיינען פֿאַר אַ מאָדערנעם תּלמיד־חכם און אַן אמתן פֿאָרשטייער פֿון דעם ראָמאַנטי־זירטן „בונד" — דער טרעגער פֿון יידישער היסטאָרישער קאָנטינואיטעט. ליכטנשטיין האָט געהאַט אַ גרויסן אינטערעס צו טרונקס אָריגינעלע קאָנ־צעפּציעס. אין זייערע לאַנגע שמועסן פֿלעגן ביידע פֿריינד זיך פֿאַרטיפֿן אין דער יידישער געשיכטע; טרונק פֿלעגט צוגיין צום היסטאָרישן מאַ־טעריאַל ווי אַ קינסטלער, ליכטנשטיין — ווי אַ פֿאָרשער. היסטאָרישע פֿאָרשונג האָט אים אַלע מאָל פֿאַסצינירט. זומער 1922, ווען ער האָט זיך אין אַ קליינעם קוראָרט לעבן דאַנציק געטראָפֿן מיט ש. דובנאָוון, האָבן זיי ליכט געפֿונען אַ געמיינזאַמע שפּראַך און דער היסטאָריקער האָט באַ־וווּנדערט די ערודיציע און פֿאַרשטענדעניש פֿאַר קאָמפּליצירטע היסטאָרישע פּראָבלעמען ביי אַן אַקטיוון פּאַרטיי־טוער.

אין איין פּרט איז אפֿשר טרונק געווען גערעכט: אויב אַפֿילו ליכטנ־שטיין, וואָס איז געווען אַ קאָנסעקווענטער מאַרקסיסט, האָט ניט באַטראַכט דעם עצם פֿון „בונד" אינעם ליכט פֿון דער קאָנטינואיטעט־טעאָריע, איז ער אַליין, דער טיף פֿאַרוואָרצלטער אין יידישן עבר און אין יידישן היינט, געווען די לעבעדיקע פֿאַרקערפּערונג פֿון טרונקס המשך־וויזיע.

## פינפטער קאַפּיטל

# די לעצטע יאָרן

די לעצטע תקופה אין ליכטנשטיינס לעבן — דער סוף צוואַנציקער און דער אָנהייב דרייסיקער יאָרן — האָט פֿון אים געפֿאָדערט אַ באַזונדער גרויסע אָנשטרענגונג פֿון כוחות. דער פּאָליטישער האָריזאָנט איז באַדעקט געווען מיט שוואַרצע וואָלקנס. עס פֿלעגט מיט יעדן טאָג ברוטאַלער ווערן דער אָנגריף פֿון נאַציזם אין דייטשלאַנד, און אין פּאָליטישן לעבן פֿון פּוילן גופֿא פֿלעגן וואָס ווייטער אַלץ בולטער ווערן די פֿאַשיסטישע טענדענצן. שוין אין די ערשטע יאָרן פֿון סאַנאַציע־רעזשים פֿלעגט ליכטנשטיין אָנווייזן אין זיינע אַרטיקלען און אָפֿענע אַרויסטרעטונגען, אַז „די רעוואָלוציע אָן רעוואָלוציאָנערע קאָנסעקווענצן", ווי פּילסודסקי האָט כאַראַקטעריזירט זיין פּראָגראַם, מאַכט חוזק פֿון די דערוואַרטונגען פֿון די פֿאָלקסמאַסן: די דאָזיקע מאַסן האָבן דווקא געפֿילט אויף יעדן שריט און טריט די ברענענדיקע נייטיקייט אין רעוואָלוציאָנערע קאָנסעקווענצן". זייער טריבון האָט שאַרף פּראָטעסטירט אין זייער נאָמען קעגן דעם וווּקס פֿון מיליטערישן בודזשעט אינעם אָרעמען און הונגעריקן לאַנד, קעגן רדיפֿות אויף נאַציאָנאַלע מינדערהייטן קעגן דער עפּידעמיע פֿון אַרעסטן. ווען מען האָט אין דעצעמבער 1928 אַריינגעטראָגן אין לאָדזשער שטאָטראַט אַ פֿאָרשלאָג אָנצורופֿן איינע פֿון די גאַסן אויפֿן נאָמען פֿון יוזעף פּילסודסקי, האָט זיך געלאָזט הערן איין איינציקע שטימע פֿון פּראָטעסט: אין נאָמען פֿון די בונדישע ראַטמענער האָט ליכטנשטיין דערקלערט, אַז זיי האָבן בדעה צו שטימען קעגן דעם דאָזיקן פּראָיעקט.

ליכטנשטיינס לעצטע יאָרן זיינען פֿול געווען אויך מיט פּערזענלעכע זאָרגן. זיין אַרבעטספֿאַזיקייט האָט געדראָט צו ווערן אַ שטענדיקע, און זיינע פֿיזישע כוחות פֿלעגן מיטן לויף פֿון דער צייט אַלץ קלענער ווערן. פֿון זיינע הונגעריקע קינדער־און יוגנט־יאָרן האָט ער געקריגן אַ ביטערע ירושה — קראַנקע לונגען און אַן אָפּגעשוואַכט האַרץ. צו דעם איז שפּעטער צוגעקומען די נירן־קראַנקייט, וואָס האָט פֿאַרשאַפֿט שטאַרקע

ווייטאָגן. ליכטנשטיין האָט זיך קיין מאָל נישט געקלאָגט אויף זיין געזונט־צושטאַנד און ער פֿלעגט זיך קאַטעגאָריש אָפּזאָגן צו ענדערן צוליב דער פֿיזישער שוואַכקייט זיין אופֿן פֿון לעבן: ער פֿלעגט ווייטער געפֿינען גענוג צייט און ענערגיע כדי צו באַזאָרגן מיט קוילן אָרעמע באַלוטער משפּחות אָדער ראַטעווען די אַרבעטלאָזע פֿון עקסמיסיעס.

די אַטמאָספֿער אינעם שטאָטראַט איז ווייטער געווען אַ שווערע; ליכטנשטיין האָט אָבער דערפֿילט אַן אמתע באַפֿרידיקונג ווען דער סאָציאַליסטישער מאַגיסטראַט האָט באַשלאָסן צו עפֿענען אַ שטאָטישע קינדערהיים מיט יידיש אַלס לערנשפּראַך: די דאָזיקע קינדערהיים איז געווען דער איינציקער קאָמונאַלער לערן אַנשטאַלט פֿון דעם מין אין פּוילן.

ווינטער 1932-1931 האָט ליכטנשטיין באַזוכט אין פּאַרטיי־שליחות עטלעכע מערב־אייראָפּעישע לענדער. עס האָבן אויף אים געמאַכט אַ שווערן איינדרוק די סאָציאַלע קאָנטראַסטן אין בערלין — הונגער און אַרבעטסלאָזיקייט אין די אַרבעטער־קוואַרטאַלן — פֿון איין זייט, און ווילדע הוליאַנקעס אין די רייכע רעסטאָראַנען — פֿון דער צווייטער זייט. נישט ווייניקער האָט אים דערדריקט די פּאָליטישע לאַגע אין דייטשלאַנד — די וואַקסנדיקע אַגרעסיווקייט פֿון היטלעריזם, די מאַכטלאָזיקייט פֿון די דעמאָקראַטישע כוחות, די טראַגישע שפּאַלטונג אינעם אַרבעטער־קלאַס. זיינע איינדרוקן האָט ער באַשריבן אין די „רייזע־נאָטיצן".

ליכטנשטיינס לעצטע יאָרן זיינען געווען געווידמעט אויסשליסלעך דער פּאַרטיי־אַרבעט. אַן עפּיזאָד וואָס זאָגט עדות וועגן זיין אויסערגעוויינטלעכער באַשיידנקייט איז געשען בעת דעם 4־טן צוזאַמענפֿאָר פֿון „בונד": ווען ליכטנשטיין האָט זיך דערוווּסט אַז ער איז אויסגעוויילט געוואָרן אין צ. ק. פֿון „בונד" און דער צווייטער לאָדזשער דעלעגאַט איז באַשטימט געוואָרן צו זיין אַ פֿאַרטרעטער אין צ. ק., האָט ער באַלד דערקלערט, אַז ער וויל אָפּטרעטן זיין אָרט אין צ. ק. דעם צווייטן חבר און אַליין ווערן אַ פֿאַרטרעטער. קיין שום אַרגומענטן מצד אַנדערע דעלעגאַטן האָבן נישט געהאָלפֿן: ער איז געבליבן ביי זיין באַשלוס.

אין גיכן נאָך ליכטנשטיינס קומען פֿון אייראָפּע איז אַנטשטאַנען אַ פּראָיעקט פֿון אַ נייער און לענגערער נסיעה — דאָס מאָל קיין אַמעריקע. די מאַטעריעלע לאַגע פֿון „בונד" איז געווען אין אָנהייב דרייסיקער באַזונדער שווער צוליב דעם אַלגעמיינעם עקאָנאָמישן קריזיס; די „פֿאָלקס־ציימונג" — דער צענטראַלער אָרגאַן פֿון דער פּאַרטיי — האָט געליטן שטענדיקע דעפֿיציטן. דער צ. ק. פֿון „בונד" האָט באַשלאָסן נאָך אַ מאָל זיך צו ווענדן נאָך הילף צו דער יידישער אַרבעטערשאַפֿט אין אַמעריקע. ווען מען האָט פֿאָרגעשלאָגן ליכטנשטיינען צו נעמען אויף זיך די דאָזיקע

שליחות, האָט ער באַלד געגעבן זיין הסכם. גוטע האָט אויך צוגעשטימט צו דעם דאָזיקן פּלאַן און האָט זיך באַמיט ניט אַרויסצוּווייזן קיין אומרו; צו מיר אָבער האָט זי געזאָגט:

— „פאַרשטייט זיך, אַז רואיק קען איך נישט זיין: ער איז דאָך אַ קראַנקער מענטש, און איך וועל מיט אים נישט זיין. איך גלייב פון דעסט וועגן אַז די נייע איינדרוקן וועלן גוט ווירקן אויף זיין געמיט — ער האָט לעצטנס געהאַט צו פיל עגמת־נפש"...

ווען די לאָדזשער בונדיסטן האָבן זיך דערוווּסט, אַז ליכטנשטיין קלייבט זיך אַרויסצופאָרן אויף אַ לענגערע צייט, האָבן זיי זיך דערפילט ווי פאַר־יתומט. וועגן דער געזעגענונג־ליאַמע וואָס איז פאָרגעקומען סוף נאָוועמ־בער דערציילט דער „לאָדזשער וועקער":

„דער זאַל פון אַרבעטער־ווינקל איז געווען איבערפולט... חברים האָבן אויסגעדריקט זייער באַדויערן וואָס דער צ. ק. פון „בונד" נעמט... אַוועק אויף אַ לענגערע צייט דעם חבר אין וועלכן די לאָדזשער אָרגאַניזאַ־ציע פון „בונד" נייטיקט זיך צום שטאַרקסטן און וועמענס אָפּוועזנהייט די בונדישע באַוועגונג אין לאָדזש וועט פילן אויף יעדן שריט און טריט".

ליכטנשטיין האָט פאַרלאָזט לאָדזש דעם 1טן דעצעמבער 1932. עס האָט אים געזעגנט אויפן וואָקזאַל אַ גרויסער עולם — די מיטגלידער פון אַלע בונדישע אַנסטיטוציעס, דעלעגאַציעס פון פּראָפעסיאָנעלע פאַר־איינען, פון „צוקונפט", יאַף און סקיף און אַ גרויסע גרופּע קינדער פון מעדעם־און מיכאַלעוויטש־שולן מיט בלומען אין די הענט.

אויפן וועג קיין אַמעריקע האָט ליכטנשטיין פאַרבראַכט עטלעכע טעג אין פּאַריז. דאָרטן האָט ער געהאַט אַ לענגערן שמועס מיט דוד איינהאָרנען*), וועמענס לידער ער האָט ליב געהאַט און פלעגט אָפט ציטירן. דער שמועס האָט געמאַכט אויף איינהאָרנען אַ טיפן רושם: עס האָט פאַר אים אויס־געזען כמעט ווי אומגלייבלעך, אַז דער שליח פון אַרבעט און נויט זאָל ברענגען מיט זיך אַזאַ גרויסן גלויבן און בטחון. ווען איינהאָרן האָט געוואָרנט זיין גאַסט אַז די אַמעריקאַנער מענטשן זיינען קאַלטע, האָט ליכטנשטיין רואיק געענטפערט: „מען וועט זיי דערוואַרעמען".

דער צווייטער עטאַפּ פון דער נסיעה איז געווען לאָנדאָן. דאָרטן האָט דער גאַסט פון פוילן געפונען אַ האַרציקע משפחה־אַטמאָספער אין דער שטוב פון זיין ברודערס אַ זון — דעם זעלבן גדליה ליכטנשטיין וואָס האָט אים אַ מאָל באַזוכט אין לאָדזש ווי אַ יונגער פּראָווינצער בחור. די משפחה האָט שוין מיט אַ ריי יאָרן צוריק זיך געהאַט באַזעצט אין לאָנדאָן;

*) ווייטער דרוקן מיר דעם גאַנצן דיאַלאָג.

איצטער האָבן זיי מיט אומגעדולד געוואַרט אויף אַ מעגלעכקייט צו דע־מאָנסטרירן פֿאַר דעם גאַסט די גאַנצע פּראַכט פֿון דער ריזיקער שטאָט — די באַרימטע מאָנומענטאַלע בנינים און די פּרעכטיקע פּאַרקן. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דער גאַסט איז געווען קודם־כּל פֿאַראינטערע־סירט אין לעבעדיקע מענטשן און אַז ער וויל אָנהייבן זיינע וואַנדערונגען דווקא פֿון די קוואַרטאַלן וווּ עס וווינט די לאָנדאָנער אָרעמקייט. ווען מיט אַ טאָג שפּעטער איז מען אַריין אין די גאַסן וווּ דאָס שטויב פֿון יאָר־הונדערטער פֿאַרדעקט די מאַיעסטעטישע פּאַלאַצן און מאָנומענטן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער גאַסט ווייסט אַ סך וועגן יעדן פֿון זיי און קען דערציילן זיינע באַגלייטער גאַנצע קאַפּיטלען פֿון דער געשיכטע פֿון ענגלאַנד. אַ גוואַלדיקע פֿאַראינטערעסירונג האָט ביי אים אויפֿגעוועקט דער בריטישער מוזעום. ווען ער האָט דערזען אין איינעם פֿון די זאַלן אַן אַלטן עגיפּטישן שטיין באַדעקט מיט היעראָגליפֿן, האָט דאָס אים באַוועגט צו האַלטן אַן אימפּראָוויזירטע לעקציע וועגן עגיפּטישע מצבות.

⁂

דער גורל האָט געוואָלט אַז ליכטנשטיינען וואָס איז אַזוי ענג געווען צוגעבונדן צו דער פּוילישער ערד און צו די יידישע מאַסן אין פּוילן, זאָל באַשערט זיין צו ענדיקן זיין קורץ לעבן ווייט פֿון זיין היימלאַנד. זיין שליחות האָט געדויערט עטלעכע וואָכן און האָט זיך טראַגיש געענ־דיקט. שוין איר אָנהייב איז געווען אַ טרויעריקער — איינהאַרנס פּעסי־מיסטיש פֿאָרויסזאָגן האָט זיך פֿאַרווירקלעכט: אין משך פֿון אַ קורצער צייט, ווען ליכטנשטיין איז נאָך אַקטיוו געווען, האָט ער ניט באַוויזן צו „דערוואַרעמען די יידישע אַרבעטער פֿון ניו יאָרק. עס האָט אים האַרציק אויפֿגענומען די גרופּע בונדיסטן, אָבער צו דער ברייטער פּעריפֿעריע האָט ער קיין צוגאַנג ניט געפֿונען. דער עקאָנאָמישער קריזיס האָט נאָך שווער געדריקט די אַמעריקאַנער אַרבעטער, שאַפֿנדיק אַ שטימונג פֿון אַפּאַטיע. אויך דער כאַראַקטער פֿון די צוהערער איז דאָ געווען אַנדערש ווי אין דער היים: עס האָבן געפֿעלט ענטוזיאַסטן פֿון דעם שניט באַלוטער וועבער. ליכטנשטיין האָט געהערט צו דער קאַטעגאָריע רעדנער וואָס זיינען אוי־סערגעוויינטלעך פּילבאַר צו די אומזעעוודיקע שטראָמען וואָס פֿליסן פֿונעם זאָל צו דער רעדנער־טריבונע. אין ניו־יאָרק האָט ער ניט באַוויזן אויפֿ־צוהויבן די שטימונג אין זאָל. זיין אופֿן רעדן איז געווען פּשוט, אָן קיין שום אויסערלעכע עפֿעקטן; ער האָט זיך שטענדיק באַמיט צו שאַפֿן אַ דירעקטן קאָנטאַקט מיט די צוהערער ווי אַ לערער מיט זיינע תּלמידים. זיין פֿריינד אַלעקסאַנדער מאַרגאָלים האָט געטענהט, אַז ליכטנשטיין האָט

שטענדיק געצוווּנגען דעם צוהערער צו טראַכטן מיט אים צוזאַמען (איך וואָלט צוגעבן — אויך צו פילן צוזאַמען מיט אים). דאָס איז אים אין אַמעריקע ניט געלונגען צו טאָן, הגם ער האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט מיט אַ גרויסן אימפּעט. במשך פון עטלעכע וואָכן האָט ער באַוויזן צו באַגעגענען אַ סך אַרטיקע טוער, אַדורכצופירן אַ ריי פאַרזאַמלונגען און אָנשרייבן פאַר דעם זשורנאַל „צוקונפט" אַ לאַנגן אַרטיקל אונטער דעם נאָמען „וואָס לערנען אונדז די פּאָגראָמען אין פּוילן", אונטערגעשריבן מיט אַ פּסעוודאָנים „אַ פּוילישער"*). זיין באַגעגעניש מיט לעסינען, דעם אַמאָליקן רעדאַקטאָר פון „צוקונפט", איז געווען זייער אַ האַרציקע: לעסין, וואָס האָט געהאַלטן ליכטנשטיינען פאַר אַ „רעוואָלוציאָנערן פּאָלקיסט" (אַ כאַראַקטעריסטיק, וואָס האָט אויך גוט געפּאַסט לעסינען גופא) האָט דערפילט אינעם גאַסט פון פּוילן אַ קרובישע נשמה.

אין גיכן נאָכן קומען קיין אַמעריקע איז ליכטנשטיין שווער קראַנק געוואָרן. די דאָקטוירים האָבן פעסטגעשטעלט, אַז ווייטער אָפּלייגן די אָפּעראַציע אויף גאַלשטיינער קען מען ניט: לויט זייער מיינונג איז די קראַנקייט געווען אַ פאַרנאַכלעסיקטע. דעם 21סטן פעברואַר איז ליכטנ־שטיין אַריין אין שפּיטאָל. מען האָט באַזייטיקט די גאַלשטיינער, אָבער דער פּאַציענט איז געווען צו שוואַך צו פאַרלאָזן דאָס בעט. ס'האָט זיך אַנטוויקלט אַ שווערע קאָמפּליקאַציע אין די לונגען. דריי וואָכן נאָך דער אָפּעראַציע האָבן די דאָקטוירים קאָנסטאַטירט, אַז די לאַגע איז אַ האָפענונגסלאָזע.

די ניו־יאָרקער בונדיסטן האָבן דעם קראַנקן אַרומגערינגלט מיט האַר־ציקייט און זאָרג. „שווער און פּיינלעך — דערציילט אין „לאָדזשער וועקער" פון 1934 דער פאָרזיצער פונעם בונדישן קלוב אין ניו־יאָרק דוד מייער — זיינען געווען די צוויי מאָנאַטן פון זיין קראַנקייט פאַר דער קליינער גרופּע בונדיסטן ... מיר האָבן אַלע די גאַנצע צייט געלעבט נאָר מיטן געדאַנק וועגן זיין קראַנקייט... די געוויינלעכע ערשטע פראַגע וואָס מיר פלעגן שטעלן איינער דעם צווייטן ביים באַגעגענען זיך איז געווען: „וואָס מאַכט ער? ווי איז זיין געזונט־צושטאַנד"? מיר האָבן אַלע געלעבט מיט אים ... נישט געווען קיין שום זאַך וואָס איז נאָר מעגלעך געווען פאַר אים צו טאָן כדי צו ... פאַרלייכטערן זיין לאַגע וואָס זאָל נישט געטאָן ווערן".

די ידיעה וועגן ליכטנשטיינס שווערער קראַנקייט האָט אויפגעטרייסלט זיין משפּחה און זיינע חברים אין פּוילן. גוטע האָט באַשלאָסן צו פאָרן

* מיר דרוקן ווייטער דעם דאָזיקן אַרטיקל.

קיין אמעריקע. ס'איז אנטשטאנען א שווערע פּראָבלעם פון רייזע־הוצאות און פאַרמאַליטעטן. ווען דאָס איז ענדלעך דערלייזט געוואָרן, איז פון ניו־יאָרק געקומען א טעלעגראַם, אז ליכטנשטיינס שעהן זיינען געציילטע. גוטע איז געוואָרן ווי פאַרשטיינערט. אָלעק האָט געמורמלט אין פאַר־צווייפלונג: „וואָלט די מאַמע געווען מיטן טאַטן, וואָלט זי אים ניט געלאָזט שטאַרבן"...

די ערשטע וואָכן נאָך דער אָפּעראַציע האָט נאָך ליכטנשטיין געגלייבט, אז ער וועט לעבן. ער האָט זיך אינטערעסירט מיט פּאָליטישע נייעס, האָט געבעטן די חברים פאַרלייענען פאַר אים די צייטונגען. אין גאַנצן האָט ער אויפגעגעבן די האָפענונג א וואָך פאַרן טויט. „איך בין געקומען צו אים אין שפּיטאָל — דערציילט נ. כאַנין אין ניו־יאָרקער „וועקער": — ...ווען איך בין צוגעגאַנגען צו זיין בעט, האָב איך אים געזען ליגן מיט אָפענע אויגן, זיי האָבן געקוקט אזוי העל, אזוי טיף... ווען ער האָט מיך דערזען, האָט ער מיט אַן ערנסטער שטימע געזאָגט „חבר כאַנין, גוט וואָס איר זייט געקומען, איך האָב אייך עפּעס וויכטיקס צו זאָגן: דאָס איז מיין לעצטער קאַמף געווען, און איך האָב אים פאַרלוירן, יאָ, פאַרלוירן".

ליכטנשטיין איז געשטאָרבן דעם 21סטן אַפּריל אין מאָנטעפיאָרע־שפּי־טאָל אין בראָנקס. ס'איז אים נישט באַשערט געווען צו לעבן מער ווי 49 יאָר. א קליינע גרופּע חברים איז געווען לעבן אים ביז זיין לעצטער מינוט. מען האָט באַשלאָסן צו שיקן זיין קערפּער קיין פּוילן — ער זאָל ליגן אין דער היימישער ערד.

עס האָט זיך אין דער בונדישער סביבה אין פּוילן אָנגעהויבן א תקופה פון טרויער, באַזונדער טיף האָט מען דערפילט דעם פאַרלוסט אין לאָדזש. ווען דאָרטן האָט מען געמאָלדן וועגן ליכטנשטיינס טויט, האָבן ארבעטער אויף פאַבריקן איבערגעריסן די ארבעט. עס האָבן זיך אָנגעהויבן טרויער־פאַרזאַמלונגען; באַזונדער רירנדיק איז געווען די פאַרזאַמלונג אין דער מעדעם־שול, וואָס ליכטנשטיין איז געווען איר גרינדער. דער „לאָדזשער וועקער" (12־טער מאַי 1933) דערציילט וועגן דעם: „טאַטעס־מאַמעס, פאַרהאָרעוועטע, אויסגעמאָגערטע, עלטערע און יינגערע, פאַרהאַרטעוועטע אין זייער נויט, אין זייער כסדריקן קאַמף פאַרן שטיקל ברויט, זיצן מיט די קעפּ געבויגענע, מיט ליפּן פאַרביסענע פון ווייטאָג, די אויגן מיט א פייכטן נעפּל פאַרלאָפן... די לערערין ח'טע ווינאָגראַד שילדערט די ליבע פון די קינדער צום פאַרשטאָרבענעם. זיי זאַמלען גראָשנס אויף א קראַנץ און מען באַראַט זיך וועגן פאַרפלאַנצן א ווערבע אויף זיין קבר".

במשך פון עטלעכע וואָכן האָבן זיך די יידישע ארבעטער אין פּוילן געגרייט צו דעם טאָג ווען דער טויטער קערפּער וועט געבראַכט ווערן קיין

לאָדזש. די לוויה איז באַשטימט געוואָרן אויף דעם 14טן מאַי, און שוין מיט
עטלעכע טעג פֿריער האָבן אָנגעהויבן אָנקומען קיין לאָדזש טויזנטער
מענטשן פֿון פֿאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך — ווער מיט דער באַן
אָדער מי טאַן אויטאָבוס און ווער צו פֿוס. פֿון וואַרשע איז געקומען אין
דעם טאָג פֿון דער לוויה אַ ספּעציעלער צוג מיט 650 פּאַסאַזשירן; צווישן
זיי זיינען געווען די מיטגלידער פֿון צ. ק. פֿון „בונד" און פֿון דער רע־
דאַקציע פֿון דער „פֿאָלקסצייטונג".



פּאַמעלעך האָט זיך געצויגן איבער די פֿאַרשטומטע לאָדזשער גאַסן אַ
ריזיקער לוויה־צוג; אַזאַ טרויער־מאַניפֿעסטאַציע האָט נאָך לאָדזש קיין מאָל
נישט געזען. הויך איבער די קעפּ פֿון די מאַרשירנדע האָבן געפֿלאַטערט
רויטע פֿענער פֿון דריי פּאַרטייען — פֿון „בונד", פּ.פּ.ס. און דער דייטשער
סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי; עס האָבן געבלישטשעט אין דער
זון שוואַרצע אותיות אויף די לענטעס וואָס עס האָבן געטראָגן הונדער־
טער דעלעגאַציעס פֿון בונדישע אינסטיטוציעס, פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען
און שולן. די פּ.פּ.ס.ישע מיליץ האָט מיט שטאָלץ געטראָגן די אַלטע פֿאָן
פֿון 1905, אַדורכגעלעכערטע פֿון קוילן. עס האָבן זיך איבערגעחזרט אויף
די לענטעס און פּלאַקאַטן די ווערטער „אונדזער לערער און פֿירער", „יוגנט־
פֿריינד", „דער קעמפֿער פֿאַר די רעכט פֿון אַלע עקספּלאָאַטירטע". געדיכטע
רייען מענטשן זיינען געשטאַנען אויף די טראָטואַרן פֿון די גאַסן פֿון
לאָדזשער אָרעמקייט.

נאָכן אָרון באַדעקט מיט קרענץ איז געגאַנגען די משפּחה. גוטע איינגע־
הילט אין שוואַרצן האָט אויסגעזען קליין צווישן די צוויי הויכוואוקסיקע זין.
אַלע דריי האָבן זיך באַוועגט ווי אין אַ שווערן חלום. נאָך זיי איז געגאַנגען
אַ גרופּע נאָענטע פֿריינד און חברים, דעלעגאַציעס, גרויסע מחנות אַרבע־
טער און אינטעליגענץ. אין געשלאָסענע רייען האָבן מאַרשירט די שילער
פֿון די יידישע פֿאָלקסשולן מיט זייערע לערער, און ווייטער האָט געשטראָמט
די אָרעמקייט פֿון באַלוט און ראַדאָגאָשטש — מענער מיט צעקנייטשטע
פּנימער, אויסגעלאָשענע אויגן, געבויגענע רוקנס, אויסגעדאַרטע פֿרויען
פֿון אומבאַשטימטן עלטער, אייניקע מיט עופּעהלעך אויף די הענט. דער
דאָזיקער עולם האָט נישט באַהאַלטן זיינע געפֿילן, נישט געשעמט זיך מיטן
הויכן ביטערן געוויין איבער דעם שווערן פֿאַרלוסט. און גאָר האַרצרייסנדיק
איז געווען דאָס בילד פֿון די טויב־שטומע קינדער און יוגנטלעכע, וואָס
האָבן די גאַנצע צייט שטיל און ביטער געקלאָגט ווי הילפֿלאָזע פֿאַרווונדעטע
קליינע חיהלעך.

עס האָבן באַגלייט דעם שעהן־לאַנגן מאַרש דריי אָרקעסטערס פֿון אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס מיט טרויער־און קאַמף־מעלאָדיעס. אויפֿן בית־עולם איז אַרום דעם אָפֿענעם קבר אויסגעוואַקסן אַ וואַלד פֿון רויטע פֿענער איינגעהילט אין שוואַרצן. דער ערשטער האָט ביי דעם קבר גערעדט הענריק ערליך. ער האָט געזאָגט:

„פֿון דער אַרבעטער־נויט איז ער צו אונדז געקומען. פֿון דעם אָרעמען בעקער־יינגל איז אַ פֿירער געוואָרן. ס'האָט אין אים געלעבט אַ שטענדיקער אומרו. זיין דורשט נאָך וויסן האָט אים געטריבן צו פֿאַרשלינגען און איינזאַפּן אין זיך וויסנשאַפֿטן, וועלכע ער האָט שפּעטער, מיט אַזוי פֿיל זאָרג פֿאַרשפּרייט צווישן די אַרבעטער־מאַסן. זיין גוטסקייט און פּשטות האָט אַרויסגערופֿן צו אים אומבאַגרענעצטע ליבע. ליכטנשטיין האָט ליב געהאַט די מאַסע און האָט זיך שטענדיק געריסן צו איר. ער איז אויף זיין פּאָסטן געשטאָרבן מיטן געדאַנק וועגן אונדז".

מיט טיפֿן וויטאָג האָט געזעגנט ליכטנשטיינען דער שטאָט־פּרעזידענט, דער פֿאָרשטייער פֿון פּ.פּ.ס. זשעמיענצקי. די טרערן האָבן אים געשטערט צו ריידן, ווען ער האָט זיך געווענדט צום פֿאַרשטאָרבענעם מיט די ווערטער: „מיין טייערער פֿריינד". ער האָט דערקלערט, אַז ליכטנשטיין איז היינט באַזונדערס נייטיק דער לאָדזשער אַרבעטערשאַפֿט: גראָד היינט, ווען אין די אַרבעטער־רייען וואַקסט אומגלויבן און אַפּאַטיע, ווען שטאַרק פֿעלן דער מענטש, וואָס האָט געהאַט אין זיך אַזוי פֿיל גלויבן און האָט זיך מיט דעם געטיילט מיט זיינע פּוילישע חברים.

עס האָט זייער האַרציק גערעדט אין נאָמען פֿון דער דייטשער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי איינער פֿון אירע פֿירערס צערבע.



עס איז פּוסט און אומעטיק געוואָרן אין דער דירה אויף דער גאַס פֿון 1טן מאַי: זי האָט אויסגעהויכט איר נשמה. גוטע האָט זיך געהאַלטן מוטיק — צוליב אירע זין. דאָס זיינען שוין געווען דערוואַקסענע און אויסערלעך זעלבסטשטענדיקע מענטשן; זי האָט אָבער געפֿילט, אַז זיי נייטיקן זיך אין איר נישט ווייניקער ווי פֿריער און אפֿשר נאָך מער. זייער פֿאָטער איז מער נישט געווען מיט זיי און זייער פֿערזענלעך לעבן איז געווען אומרויק און נים סטאַביל. דער איינציקער סטאַבילער אָרט, דער איינציקער שטילער האָפֿן איז געווען פֿאַר זיי, אַזוי ווי אַ מאָל, דער מאַמעס שטוב.

דער חורבן האָט אַ תּל געמאַכט פֿון דער דאָזיקער שטוב ווי פֿון אַלע אַנדערע יידישע היימען אין פּוילן. די משפּחה איז צעזייט געוואָרן. מען האָט געזען ראַפֿאַלן אין לעמבערג, נאָך דעם אין ביאַליסטאָק; אָבער אין

## ג ע ד ע נ ק ב ו ך

אַ געדרוקטער רשימה פֿון פּוילישע שרייבער וואָס זיינען אומגעקומען אין די יאָרן פֿון דער דייטשער אָקופּאַציע, געפֿינט זיך אַ קורצע נאָטיץ, אַז ראַפֿאַל לען איז דערמאָרדעט געוואָרן אין ווארשע אין 1942. אָלעק האָט געאַרבעט אין שפּיטאָל אין ביאַליסטאָק צוזאַמען מיט זיין פֿרוי, אויך אַ דאָקטאָרין, בעת די דייטשע חיילות האָבן פֿאַרנומען די שטאָט, און זיי זיינען דאָרטן ביידע אומגעקומען. גוטע האָט געאַרבעט אַ געוויסע צייט אין מעדעם־סאַנאַטאָריע אין מיעדזעשין; זי איז אַוועק קיין ווארשע, אפֿשר כּדי זיך באַגעגענען מיט ראַפֿאַלן, און מער האָט זי קיינער ניט געזען.

ש. מילמאַן

# מיין פריינדשאַפט און מיטאַרבעט מיט ישראל ליכטנשטיין

אין חודש אַפּריל 1966 איז געוואָרן 32 יאָר זינט עס האָט אונדז אין לאָדזש דערגרייכט די ידיעה, אַז ישראל ליכטנשטיין האָט אויסגעהויכט זיין אידעלע נשמה אין ניו־יאָרק, וווּ ער האָט זיך געפֿונען אין שליחות פֿון צ. ק. פֿון „בונד" אין פּוילן.

אַ סך איז שוין געשריבן געוואָרן נאָך ליכטנשטיינס טויט פֿון פֿאַרשי־דענע חברים, און אויך פֿון מיר, וועגן זיין פּערזענלעכקייט, וועגן זיין אַרבעט אונטער דעם צאַרישן רעזשים, און שפּעטער אין די פֿאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס און עפֿנטלעך־רעכטלעכע אינסטיטוציעס, אין וועלכע ער איז געוויילט אָדער דעלעגירט געוואָרן ווי אַ פֿאַרטרעטער פֿון „בונד".

אין זיינע אַרטיקלען און רעדעס האָט ליכטנשטיין באַרירט פּראָבלעמען, וואָס האָבן ביזן היינטיקן טאָג נישט פֿאַרלוירן זייער אַקטועלקייט. איך וועל זיך דאָ באַגרענעצן מיט דערמאָנען נאָר די אַרויסטרעטונגען, וואָס האָבן לויט מיין מיינונג אַ דויערנדיקן ווערט און דאַרפֿן פֿאַרבלייבן אין דער געשיכטע פֿון „בונד" אין פּוילן.

## ליכטנשטיינס עפֿנטלעכע טעטיקייט אין לאָדזש

אין דער בונדישער אָרגאַניזאַציע אין לאָדזש איז ליכטנשטיינס נאָמען באַקאַנט געוואָרן ערשט אין זומער אָדער האַרבסט פֿון יאָר 1915. ביז דאַן האָט ליכטנשטיין געהערט צו דער קאָנספּיראַטיווער קליינער גרופּע פֿון דער בונדישער אינטעליגענץ צוזאַמען מיט חיים לייב פּאָזנאַסקי, דר. אַלעקסאַנ־דער מאַרגאָלים (ביידע זיינען געוואָרן אומגעבראַכט פֿון די היטלעריסטן) און מאַקס אָגוז. מיט זיי און מיט נאָך עטלעכע בונדישע אינטעליגענטן

האָט דער צ. ק. פֿון „בונד״ אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט ביזן אויסברוך פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה אין 1914. עטלעכע חדשים נאָכן אויסברוך פֿון דער מלחמה האָט דער לאָדזשער „בונד״ באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אַן אייגענע צייטונג. זי איז געדרוקט געוואָרן אומלעגאַל אין פּיעטריקאָוו אונ־טערן נאָמען „דער לאָדזשער אַרבעטער״ און חבר שמויש פֿלעגט זי אַריינ־שמוגלען קיין לאָדזש. די רעדאַקציע־קאָלעגיע איז באַשטאַנען פֿון די חברים: ליכטנשטיין, פּאָזנאַנסקי און אָגוז. אַבראַם שמויש און דוד שוואַרצמאַן זיינען געווען אין דער רעדאַקציע ווי פֿאַרטרעטער פֿון קאָמיטעט פֿון „בונד״.

אין יולי 1915 האָט די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט נאָמינירט אַ שטאָט־ראַט, אַ מאַגיסטראַט און אַ דייטשן בירגערמייסטער. געטאָן האָט זי עס אויף אַ גאַנץ פּשוטן אופֿן. לאָדזש איז באַוווינט געווען פֿון דריי נאַציאָ־נאַליטעטן, האָט זי באַשטימט אַ שטאָטראַט פֿון 36 מאַן, צו 12 פֿון יע־דער נאַציאָנאַלער גרופּע, ד. ה. 12 פּאָליאַקן, 12 יידן און 12 דייטשן, נישט נעמענדיק אין באַטראַכט, אַז דער פּראָצענט איינוווינער פֿון יעדער גרופּע איז ווייט נישט געווען קיין גלייכער.

די דאָזיקע נאָמינירטע אינסטיטוציעס האָבן עקזיסטירט ביז עס זיי־נען אין 1916 פֿאָרגעקומען די ערשטע וואַלן פֿון אַ שטאָטישער פֿאַרוואַל־טונג. אין פֿאַרלויף פֿון דעם יאָר האָט דער נאָמינירטער שטאָטראַט באַוויזן צו שאַפֿן פֿאָלקסשולן, און די פּוילישע שפּראַך האָט געדאַרפֿט זיין די לערנ־שפּראַך אויך אין די שולן פֿאַר יידישע קינדער.

ליכטנשטיין האָט זיך מיט זיין גאַנצער ענערגיע און ברען אַריינגע־וואָרפֿן אינעם קאַמף קעגן דעם באַשלוס, אַז פּויליש זאָל זיין די לערן־שפּראַך אין די יידישע שולן. ער האָט אַנטוויקלט אַ ברייטע געזעלשאַפֿטלעכע אַקציע פֿאַר אָנערקענען און איינפֿירן יידיש ווי די לערנשפּראַך אין די פֿאָלקסשולן פֿאַר יידישע קינדער. אויף די מאַסן־מיטינגען, וואָס דער „בונד״ האָט וועגן דער פֿראַגע אָרגאַניזירט, האָט ליכטנשטיין זיך אַרויסגע־וויזן אַ גלענצנדיקער מאַסן־רעדנער.

אין דער פּרעסע, וואָס איז געווען צענזורירט, האָט מען, פֿאַרשטייט זיך, וועגן דעם נישט געקענט שרייבן אָפֿן. דעריבער האָט דער „בונד״ אין הארבסט 1915 באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אַ ספּעציעלן אומלעגאַלן אויפֿרוף וועגן דער פֿראַגע. דעם אויפֿרוף, וואָס ליכטנשטיין האָט געשריבן אין אַ פּלאַמיקער שפּראַך, האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אין שטאָט און אַרויס־גערופֿן אַ גרויסע אויפֿרעגונג מצד דער אָקופּאַציע־מאַכט. די דייטשן האָבן נישט געקאָנט פֿאַרטראָגן די שאַרפֿע קריטיק פֿון זייער אימפּעריאַליסטי־שער מלחמה־פּאָליטיק און פֿון רעפּרעסיעס קעגן דער סאָציאַליסטישער אַר־

בעטער־באַוועגונג. די אָקופּאַציע־מאַכט האָט באַשלאָסן אָנצוהייבן אַרעסטן צווישן די בונדישע טוער, וועלכע זי האָט שוין געקענט. איינער פֿון זיי איז געווען אַ. שמויש. עס איז אים אָבער געלונגען אויסצומיידן דעם אַרעסט און צו אַנטלויפֿן קיין וואַרשע.

נישט געקוקט אויף די אַלע רדיפֿות, זיינען ליכטנשטיין און פּאַזנאַנסקי געוואָרן אָפֿיציעל די פֿאַרטרעטער פֿון „בונד" אין זייער עפֿנטלעכער טעטיקייט. אַ דאַנק זייער ענערגיע איז אין מאַרץ 1916 געשאַפֿן געוואָרן אין לאָדזש די ערשטע יידישע פֿאָלקסשולע מיט דער יידישער לערנ־שפּראַך (די שפּעטערדיקע מעדעם־שולע) און די ערשטע יידישע קינדערהיים.

ליכטנשטיינס פּאָפּולאַריטעט האָט גענומען נאָך מער וואַקסן ביי די יידישע און נישט־יידישע מאַסן בעת דער וואַל־קאַמפּאַניע צום ערשטן שטאָטראַט און דער עיקר נאָך דעם, ווי ער איז אויסגעוויילט געוואָרן אין שטאָטראַט אין 1917.

כדי אָפּצושאַצן ליכטנשטיינס קאַמף אין שטאָטראַט פֿאַר בעסערע לעבנס־באַדינגונגען פֿון די לאָדזשער איינוואוינער, איז כדאַי זיך נענטער צו באַקענען מיט דער לאַגע אין לאָדזש, וואָס איז באַקאַנט ווי דער פּוילישער מאַנטשעסטער.

## לאָדזש ערב דעם מלחמה־אויסברוך

די שטאָט לאָדזש, דער גרויסער אינדוסטריע־צענטער אין צאַרישן רוס־לאַנד, האָט אין יאָר 1913 געציילט 506 טויזנט איינוואוינער. זי האָט נישט געהאַט קיין געוויילטע שטאָט־פֿאַרוואַלטונג, נאָר איז אָנגעפֿירט געוואָרן פֿון אַ צאַל באַאַמטע, וואָס די צאַרישע רעגירונג האָט אריינגעשיקט, מיטן פּרעזידעט וולאַדיסלאַוו פּיענקאָווסקי אָן דער שפּיץ. פּיענקאָווסקין איז וויייניק אָנגעגאַנגען די שטאָט לאָדזש און די באַדערפֿענישן פֿון אירע הע־כער אַ האַלבן מיליאָן איינוואוינער. באַלד אין די ערשטע טעג פֿון דער מלחמה איז ער אַנטלאָפֿן און אַפֿילו נישט איבערגעלאָזט קיין פֿאַרטרע־טער. דעמאָלסט האָט זיך ספּאָנטאַניש געבילדעט דער „צענטראַלער ביר־גער־קאָמיטעט".

לאָדזש האָט נישט פֿאַרמאָגט קיין שום אינסטיטוציעס, וואָס זאָלן באַ־דינען די באַפֿעלקערונג, קיין איין שטאָטישן שפּיטאָל, קיין איין מושב־זקנים אָדער יתומים־אַנשטאַלט. די שטאָט, ווו עס איז טאָג און נאַכט אַרויסגעפֿלאָסן דאָס שמוציקע פֿאַרסמטע וואַסער פֿון אַפּעראַטורן און פֿאַבריקן, האָט נישט געהאַט קיין אונטערערדישע קאַנאַליזאַציע־סיסטעם און נישט קיין וואַסער־לייטונג. אין יאָר 1914 האָבן זיך אין די אָרטיקע

שולן געלערנט נישט מער ווי אַן ערך 13 טויזנט קינדער. דער שווידערלע־כער צושטאַנד פֿון דער שטאָט האָט זיך נאָך מער פֿאַרערגערט בעת די מלחמה איז אויסגעבראָכן.

צוליבן מאַנגל אין זאַפּאַסן פֿון קוילן און אַן אַ מעגלעכקייט אַריינצו־פֿירן פֿרישע קוילן האָט זיך די טעקסטיל־אינדוסטריע גלייך אָפּגעשטעלט. צענטליקער טויזנטער אַרבעטער זיינען געבליבן אָן אַרבעט. אַ חוץ דעם זיינען געווען אַן ערך 15 טויזנט פֿרויען פֿון זעלנער, וואָס די רוסן האָבן נאָך באַוויזן צו מאָביליזירן אין די ערשטע טעג פֿון דער מלחמה.

די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט האָט אַרויסגעפֿירט פֿון לאָדזש אַלע רוי־מאַטעריאַלן, ווי וואָל, בוימוואָל, פֿאַרבן און די וויכטיקסטע מאַשין־טיילן און טראַנסמיסיעס קיין דייטשלאַנד און אַזוי אַרום צוגענומען ביי דער באַפֿעלקערונג יעטוועדע פֿאַרדינסט־מעגלעכקייט. אויך דעם גרעסטן טייל פֿון לעבנס־מיטלען האָבן די דייטשן רעקווירירט און אַרויסגעפֿירט. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז אין שטאָט האָבן זיך פֿאַרשפּרייט געפֿערלעכע קראַנקייטן, דאָס רוב בויכטיפֿוס און טובערקולאָז. די לעצטע האָט שוין אויך פֿאַר דער מלחמה דערגרייכט אַ גאַר הויכן פּראָצענט, וואָס האָט זיך בעת דער מלחמה שווידערלעך פֿאַרגרעסערט.

אין אַזאַ צושטאַנד האָט זיך געפֿונען לאָדזש בעת ליכטנשטיין איז צום ערשטן מאָל אויסגעוויילט געוואָרן אין שטאָטראַט.

## דער ערשטער שטאָטראַט אין יאַנואַר 1917

די וואַלן צום ערשטן שטאָטראַט זיינען פֿאָרגעקומען צווישן 15טן און 24טן יאַנואַר 1917. די וואַלן האָט מען נישט געקענט קוואַליפֿיצירן ווי דעמאָקראַטישע: וואַלרעכט האָבן געהאַט נאָר מענער אין עלטער פֿון 25 יאָר אָן. די וויילער זיינען איינגעטיילט געוואָרן אין 6 „קוריעס" לויט זייער בילדונג־סטאַטוס און סאָציאַלער פּאָזיציע. יעדע „קוריע" האָט געדאַרפֿט אויסוויילן צען ראַטמענער אומאָפּהענגיק פֿון דער צאָל וויילער, וואָס האָבן זיך רעגיסטרירט אין דער געגעבענער קוריע. אָבער אין דער לעצטער, דער זעקסטער, קוריע האָבן געקענט שטימען די אַלע, וואָס זיינען נישט געווען באַרעכטיקט צו שטימען אין די ערשטע פֿינף קוריעס, ד. ה. דער עיקר די אַרבעטער. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז אין דער ערשטער קוריע, וווּ עס האָבן זיך רעגיסטרירט 778 וויילער, איז יעדער ראַטמאַן דערוויילט געוואָרן מיט 78 שטימען און אין דער 6טער קוריע, וווּ 17656 שטימען זיינען אָפּגע־געבן געוואָרן, איז אויף יעדן ראַטמאַן אויסגעפֿאַלן 1766 שטימען.

אין דער זעקסטער קוריע האָבן פֿאַר דער יידישער וויילערשאַפֿט פֿי־גורירט נאָר צוויי וואַל־ליסטעס: פֿון „בונד" און „פּועלי ציון". דער צענטראַ־לער יידישער וואַל־קאָמיטעט, וואָס האָט גרופּירט אַרום זיך אַלע יידישע בירגערלעכע פּאַרטייען, האָט נישט אַרויסגעשטעלט קיין אייגענע קאַנדי־דאַטן־ליסטע, נאָר גערופֿן די וויילער צו שטימען פֿאַר די פּועלי ציון. ווי אַ פּועל־יוצא פֿון דער דאָזיקער אַגיטאַציע האָט דער „בונד" באַקומען 1654 שטימען און די „פּועלי ציון" — 2545 שטימען.

דאָס צענויפֿרופֿן דעם שטאָטראַט האָט זיך פֿאַרצויגן כמעט אויף פֿינף חדשים, און די ערשטע זיצונג איז פֿאָרגעקומען דעם 14טן מאַי. דאָס איז געשען צוליב דעם, וואָס די פּוילישע נאַציאָנאַליסטישע ראַט־מענער צוזאַמען מיט די עטלעכע יידישע אַסימילאַטאָרן האָבן געפֿאָדערט פֿון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט, אַז זי זאָל מסכים זיין צו „פֿאַרפּוילישן דעם מאַגיסטראַט". אינעם דאָזיקן קאָנפֿליקט איז אויך אַריינגעצויגן גע־וואָרן דער „פּוילישער מלוכה־ראַט", וואָס די דייטשן האָבן שוין דעמאָלט געהאַט געשאַפֿן. נאָך אַ ריי פֿאַרשלעפּטע אונטערהאַנדלונגען האָט דער דייטשער פּאָליציי־פּרעזידענט לויטן פֿאָרשלאַג פֿון די דערמאָנטע פּוילישע און יידישע ראַטמענער דעם 9טן מאַי נאָמינירט זייער קאַנדידאַט, טאַדעאוש סולאַווסקי, פֿאַרן שטאָטראַט־פֿאָרזיצער, און פֿאַרן ערשטן בירגערמייס־טער — דעם דייטש שאַפֿען.

דער סאָציאַליסטישער ראַטמאַן איגנאַצי גראַלאַק פֿון דער „לעוויצע" פּ.פּ.ס., ועמען די נאַציאָנאַליסטישע פּוילישע ראַטמענער האָבן געהאַט איינ־געלאַדן ער זאָל ווערן אַ מיטגליד פֿון זייער „קרייז", האָט זיך פֿון דעם „כבוד" אָפּגעזאָגט און געענטפֿערט, אַז ווי אַ קעמפֿער פֿאַר די אידעאַלן פֿון אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט, קען ער נישט מאַכן קיין שום פּשרות מיט נאַציאָנאַלע און בורזשואַזע אָרגאַניזאַציעס.

די ערשטע זיצונג פֿון שטאָטראַט, אויף וועלכער דער פֿאָרזיצער און די פֿאָרשטייער פֿון די באַזונדערע פֿראַקציעס האָבן פֿאָרגעלייענט זייערע דעקלאַראַציעס, איז פֿאָרגעקומען דעם 23סטן מאַי איז זאַל פֿון דער „שטאָ־טישער קרעדיט־געזעלשאַפֿט".

דער פֿולער טעקסט פֿון דער דעקלאַראַציע, וואָס ליכטנשטיין האָט איבערגעלייענט אין שטאָטראַט, איז צום ערשטן מאָל דערשינען אויף יידיש אין „היסטאָרישן זאַמלבוך", וואָס די בונדיסטן אין פּוילן האָבן אַרויסגע־געבן אין וואַרשע אין יאָר 1948.

דאָס זאַמלבוך האָט געזאָלט דערשײַנען צום 50־יאָריקן יובל פֿון „בונד"*), איז אָבער פֿון דער פּוילישער קאָמוניסטישער מאַכט גלייך קאָנפֿיסקירט געוואָרן.

דער שטאָטראָט האָט זיך גלייך פֿון אָנהייב פֿאַרוואַנדלט אין אַ קאַמפּס־טריבונע. כמעט יעדע זיצונג האָט באַהאַנדלט די פֿראַגע וועגן שווידערלעכן הונגער און וווינונגס־באַדינגונגען פֿון די מאַסן. די פֿאַראַנטוואָרטלעכ־קייט פֿאַר אָט דעם צושטאַנד איז אַרויפֿגעוואָרפֿן געוואָרן אויף דער אָקו־פּאַציע־מאַכט. אַפֿילו דער טייל פֿון די בירגערלעכע ראַטמענער, וואָס האָבן זיך אָריענטירט אויפֿן זיג פֿון די „צענטראַל־מלוכות" און דעריבער געוועזן פֿאַר אַ צוזאַמענאַרבעט מיט די דײַטשן, זײַנען געוועזן געצוווּנגען צו האַלטן קעגן זיי אָפּאָזיציאָנעלע רעדעס.

אינעם דאָזיקן קאַמף קעגן דער אָקופּאַציע־מאַכט האָבן זיך באַלד פֿון אָנהייב אַרויסגערוקט די סאָציאַליסטישע ראַטמענער — ליכטנשטיין פֿון „בונד" און גראַלאַק פֿון דער פּ.פּ.ס. „לעוויצע". איך האָב דעמאָלט באַזוכט כמעט אַלע זיצונגען פֿון שטאָטראָט און געדענק, אַז ליכטנשטיין האָט זיך גלייך אַרויסגעוויזן פֿאַרן בעסטן רעדנער. זײַנע אַרויסטרעטונ־גען האָבן געצויגן די גרעסטע אויפֿמערקזאַמקייט נישט נאָר פֿון די ראַט־מענער, נאָר אויך פֿון די זײַטיקע צוהערער און פֿון דער פּרעסע. ער האָט גערעדט אַ זייער גוטן פּויליש, און זײַן שפּראַך איז געוועזן אַ פּשוטע, פֿאַרשטענדלעכע אַפֿילו פֿאַר נישט געבילדעטע מענטשן. ליכטנשטיין האָט געהאַט די פֿעאיקייט צו באַהאַנדלען אין זײַנע רעדעס די באַגרענעצטע פּראָבלעמען פֿון דעם שטאָטראָט ווי אַ טייל פֿון אַן אַלגעמײנעם גרויסן פּראָבלעם.

ליכטנשטיין, אַליין אַ לערער, האָט זיך גוט אָריענטירט אין שולוועזן. צום ערשטן מאָל האָט ער באַרירט די דאָזיקע פֿראַגע אויף אַ זיצונג פֿון שטאָטראָט דעם 29סטן אָקטאָבער 1917. אין זײַן רעדע האָט ער קלאָר אַרויסגעבראַכט די אַרגומענטן, וואָס טיילן אָפּ די בורזשואַזיע פֿונעם אַר־בעטער־קלאַס אויפֿן געביט פֿון דער פּראָגראַם פֿאַר די פֿאָלקסשולן. ער האָט דעמאָלט אויך צום ערשטן מאָל פֿאָרמולירט די פֿאָדערונג פֿון „בונד" פֿון אַ נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע פֿאַר דער ייִדישער באַפֿעלקע־רונג. ער האָט אָפּגעגעבן אַ געהעריקע דעקלאַראַציע נישט נאָר אין נאָמען פֿון „בונד" נאָר אויך אין נאָמען פֿון דער פּ.פּ.ס. — „לעוויצע".

די דאָזיקע געמיינזאַמע דעקלאַראַציע האָט פֿעסטגעשטעלט, אַז

---

*) די דאָזיקע דעקלאַראַציע געפֿינט זיך בײַם סוף פֿון דעם בוך צוזאַמען מיט אַנדערע דאָקומענטן.

1) די דערציאונג פונעם אונטערוואקסנדיקן דור דארף זיך שטיצן אויף אן ענגער צוזאמענארבעט מיט די עלטערן און שילער, 2) די סביבה פון א נארמאלער שולע דארף זיין די פארזעצונג פון דער סביבה, וואס דאס קינד האט געהאט אין זיין היים, 3) אזא איינגעשאפט קען באזיצן נאר אזא שול, וואס ווערט געפירט אין דער מוטערשפראך פונעם קינד, 4) די שולע שטעלט מיט זיך פאר א זעלבסטשטענדיקע דערגרייכונג פון יעדן פאלק, זי פארזיכערט זיין פרייע קולטורעלע אנטוויקלונג און בארייכערט דערמיט די גאנצע געזעלשאפט, 5) דערגרייכן דעם דאזיקן ציל וועט מען קענען נאר ווען דאס גאנצע שולוועזן וועט איבערגעגעבן ווערן א ספעציעלער קאמיסיע, וואס דארף אויסגעוויילט ווערן פון אלע ארטיקע בירגער פון דער געגעבענער נאציאנאליטעט אין עלטער פון 20 יאר אן, אן אונטערשייד פון געשלעכט, אויף דער באזע פון גלייכע, געהיימע, דירעקטע, פראפארציאנעלע וואלן. דער שטאטראט דריקט דעריבער אויס זיין ווונטש, אז דער מאגיסטראט זאל זיך באמיען מיט אלע מיטלען, וואס ער האט אין זיין רשות, ארויסצובאקומען אזא באשלוס פון דער געהעריקער מאכט. די ספעציעלע נאציאנאלע שולראטן, געוויילטע אויף די דערמאנטע יסודות, דארפן זיין אויטאנאם אין זייער טעטיקייט און האבן דאס רעכט אליין צו פארוואלטן מיט זייער טייל פונעם אלגעמיינעם שטאטישן שול־בודזשעט.

נאכן איבערליינען די דאזיקע פארשלאגן, האט ליכטנשטיין געהאלטן א רעדע, כדי זיי צו באגרינדן און צווישן אנדערן אזוי געזאגט: (ציטירט פון דער סטענאגראמע פון דער דערמאנטער זיצונג):

„עס זיינען שוין פארביי די צייטן, ווען מען האט געמוזט קעמפן פארן פרינציפ, אז אלע קינדער האבן א רעכט אויף א געוויסער מינימום־בילדונג. אלע, וואס פרעטענדירן צו זיין ציוויליזירטע מענטשן, אנערקענען שוין, אז ד שולע דארף זיין אן אלגעמיינע און גלייכע פאר אלע קינדער. דער קאמף, וואס גייט איצטער אן, איז ארום דער פראגע, וואס פארא כאראקטער דארפן די שולן טראגן. און דא זיינען פאראן שארפע חלוקי־דעות צווישן די פארשטייער פון די בירגערלעכע קלאסן און דעם ארבעטער־קלאס. די פראגראם, וואס עס שטעלט ארויס דער ארבעטער קלאס, איז א רעזולטאט פון זיין אלגעמיינעם בליק אויף דער היינטיקער געזעלשאפט.

„איינע פון די וויכטיקסטע פאדערונגען, וואס דער ארבעטער־קלאס שטעלט ארויס אין די פארשידענע לענדער, באשטייט דערין, אז די שולע דארף זיין אן איינהייטלעכע. זי דארף זיין אזוי געבויט, אז עס זאל זיין א דירעקטער איבערגאנג פון איין טיפ שולע צו א צווייטן און עס דארפן נישט זיין קיין באזונדערע שולן פאר ארעמע און רייכע קינדער. אויב די

רייכע מענטשן וועלן דאַרפֿן שיקן זייערע קינדער אין די איינהייטלעכע שולן, וועלן זיי זיין פֿאַראינטערעסירט, אַז די דאָזיקע שולן זאָלן אין אַלע הינזיכטן שטיין אויף אַ הויכן ניוואָ. ביי אונדז איז עס אַנדערש: די שולן, וואָס ווערן איצט געשאַפֿן, טראָגן אַן אויסגעשפּראָכענעם קלאַסן־כאַראַקטער״.

אַ באַזונדערער טייל פֿון דער רעדע איז געווען געווידמעט דער פֿראַגע פֿון לערנען רעליגיע אין די שולן. ליכטנשטיין האָט געהאַלטן, אַז רעלי־גיע איז אַ פּריוואַטע זאַך, און די עלטערן דאַרפֿן אַליין זאָרגן וועגן דעם. ער שטעלט זיך באַזונדער אָפּ אויף דער לאַגע פֿון יידישע קינדער: בעת אַלע אַנדערע קינדער פֿון אַרבעטנדיקע עלטערן האָבן שלעכטע שולן, האָבן די קינדער פֿון די יידישע אַרבעטער בכלל קיין שולן נישט, ווייל די איצ־טיקע שולן ווערן געפֿירט אין אַ שפּראַך, וואָס איז פֿרעמד די יידישע מאַסן און וואָס די קינדער פֿאַרשטייען נישט, זיי ווערן נאָר אָפּגעריסן פֿון זייער היים און געשטערט אין זייער דערציאונג.

ליכטנשטיין זאָגט ווייטער: „איצט האָבן מיר זיך דערוואוּסט, אַז עס זאָל פֿאַרעפֿנטלעכט ווערן אַ פֿאַראָרדנונג, וואָס האָט דעם צוועק פֿולשטענ־דיק אָפּצושאַפֿן און נישט דערלויבן צו לערנען יידיש אין די עלעמענטאַר־שולן. צווישן די מאָטיוון, וואָס ווערן דערביי אָנגעגעבן, געפֿינט זיך אויך דער מאָטיוו, אַז יידיש איז אַן אָרעמע שפּראַך, אַז זי האָט נישט קיין גראַמאַ־טיק, און דעריבער וועלן די יידישע קינדער נישט קענען באַקומען אויף יידיש די מינימאַלסטע קענטעניש, וואָס מען דאַרף אין די שולן באַקומען״.

ליכטנשטיין האַלט דאָס פֿאַר אַן אומזין און פֿאַררופֿט זיך אויף אַ באַרימטן פֿילאָלאָג, באָדוען דע קורטענעי, וואָס האָט דערקלערט, אַז יידיש געהערט צו די „פֿולבלוטיקסטע״ שפּראַכן. ליכטנשטיין דערקלערט, אַז „די קינדער פֿון דער יידישער מאַסע, דער עיקר פֿון דער אַרבעטער־שאַפֿט, באַקומען פֿון אָנהייב אָן אַ דערציאונג אין יידיש. פֿאַר זיי איז די פֿראַגע וועגן זייער שפּראַך נישט קיין נאַציאָנאַליסטישע, נאָר אַ דערציע־רישע. די יידישע פֿאָלקס־מאַסע פֿאָדערט דאָס רעכט אויף איר שפּראַך, ווי אַ טייל פֿון די פֿאָדערונגען פֿאַר גלייכע רעכט פֿאַר זיך אַליין און פֿאַר אירע קינדער״.

ליכטנשטיין דערמאָנט דאָ דעם פֿאַקט, אַז אין לאָדזש זיינען אַ מאָל אָנגעגעבן געוואָרן צוויי פּעטיציעס. איינע האָט געפֿאָדערט, אַז די לערנ־שפּראַך פֿאַר יידישע קינדער אין די שולן זאָל זיין פּויליש, און אַ צווייטע — יידיש. בעת דער אָפּשטימונג האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז יידיש האָט גע־זאַמלט אַן ערך 30 טויזנט אונטערשריפֿטן און די פּעטיציע פֿאַר פּויליש־נאָר 3000.

פֿאַרשטייט זיך, אַז ליכטנשטיינס פֿאָרשלאָג איז דורך דער מערהייט פֿון שטאָטראַט אָפּגעוואָרפֿן געוואָרן. זיין רעדע איז אָבער געוואָרן אַ גרויסע פּאָליטישע דעמאָנסטראַציע, ווי אויך אַ פּיאָנערישער אַקט אויפֿן געביט פֿון יידישער דערציונג.

ליכטנשטיין האָט זיך געהאַלטן אָן זיין ליניע אין אַלע שפּעטערדיקע שטאָטראַטן און געפֿירט אַ שאַרפֿע דיסקוסיע מיט דער פּ.פּ.ס. אינעם ערשטן שטאָטראַט אין פֿרייען פּוילן (פֿון 1919 ביז 1923), ווען די פּ.פּ.ס. האָט צוזאַמענגעאַרבעט מיט די נ.פּ.ר. און כאַדעקעס. אויף אַ זיצונג דעם 14טן מאַי 1925 האָט ליכטנשטיין שאַרף קריטיקירט די עקזיסטירנדיקע שול, אַז זי באַמיט זיך נישט אַריינצוברענגען אין די נשמות פֿון קינדער אַ ליבשאַפֿט פֿון מענטש צו מענטש, נאָר גייט אויפֿן וועג פֿון שאָוויניזם און קלעריקאַליזם. דערמיט שטעלט זי אויס אַ צייגניש פֿון מאָראַלישער אָרעמקייט און באַנקראָט פֿון דער היינטיקער סיסטעם. דאָס וואָס עס קומט פֿאָר אין שולוועזן, איז אַן אָפּשפּיגלונג פֿון דער סיסטעם, וואָס הערשט אין לאַנד, פֿון דעם דרוק פֿון מיליטאַריזם און קלעריקאַליזם.

ליכטנשטיין גייט דאַן איבער צום קאַמף פֿון די פֿאַרשידענע טענדענצן אין יידישן שולוועזן און זאָגט: „דער יידישער פּראָלעטאַריאַט האָט קלאָר זיך אַרויסגעזאָגט, אַז ער מוז האָבן אַ שולע אין זיין יידישער שפּראַך. מיט גרויס מי האָט ער געשאַפֿן איבערן לאַנד אַן ערך 200 שולן, וועלכע ער האַלט אויס מיט זיינע אייגענע מאַטעריעלע כוחות. די שולן אַנט־שפּרעכן זיינע באַדערפֿענישן, ווייל זיי דערציען אַ פֿרייען מענטשן מיט אַ ליבע פֿאַר אַרבעט". זיין רעדע ענדיקט ער מיט דער דערקלערונג, אַז נישט געקוקט אויף אַלע שוועריקייטן וועט די יידישע שולע עקזיסטירן און זיך ווייטער אַנטוויקלען.

צוליב דער פֿאַרצווייפֿלטער ווירטשאַפֿטלעכער לאַגע פֿון דער באַפֿעלקע־רונג, האָט דער ערשטער שטאָטראַט געזומט אָפּגעבן אַ סך צייט דער פֿראַגע, ווי אַזוי זי צו פֿאַרלייכטערן. אויף די זיצונגען דעם 19טן דעצעמ־בער 1917 און 22סטן יאַנואַר 1918 איז די דאָזיקע פֿראַגע שאַרף דעבאַטירט געוואָרן. לויט דער איניציאַטיוו פֿון אַ ריי ראַטמענער, צווישן זיי אויך ליכטנשטיינען, איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצולאָזן אַן אויפֿרוף דירעקט צו דער באַפֿעלקערונג.

ליכטנשטיין האָט ביי דער געלעגנהייט ווידער שאַרף קריטיקירט די אָקופּאַציע־מאַכט פֿאַרן אַרויספֿירן די לעבנס־מיטלען פֿון פּוילן און זיך אויך אָפּגערעכנט מיטן „מלוכה־ראַט", פֿאַר וואָס ער האָט דערלויבט די אָקו־פּאַנטן דאָס צו טאָן. „אויב די בורזשואַזע מערהייט פֿון אונדזער שטאָט־ראַט האָט צוגעלייגט צו דעם אַ האַנט, דאַרף מען דערפֿון מאַכן די געהע־

ריקע אויספירן", — האט ער געזאגט. די פראגע וועגן דער האנדלונג פון דער אקופאציע־מאכט איז ווידער באהאנדלט געווארן אויף א זיצונג פון שטאטראט דעם 13טן פעברואר 1918. אלע ראטמענער האבן געגרייט צו דער זיצונג שטורמישע פראטעסטן, ווייל די ראציעס פאר דער באפעל־קערונג זיינען ווידער שטארק פארקלענערט געווארן (80 גראם ברויט, 1 און דריי פערטל לויט קאשע, 1 לויט פעטס — פאקטיש נישט מער ווי א דריטל פון א לויט — דאס איז געווען די טעגלעכע ראציע).

עטלעכע שעה פאר דער זיצונג איז באקאנט געווארן, אז דער שטאט־ראט גרייט זיך צו פראטעסטירן קעגן דעם בריסק־ליטאווסקער שלום־אפ־מאך, לויט וועלכן די דייטשן האבן אפגעגעבן דער אוקראינישער רעפוב־ליק א טייל פון פוילישער ערד ארום דער געגנט פון כעלם.

אלע פארטייען, און אויך דער „בונד" האבן אויף גיך מאביליזירט זייע־רע כוחות. מיר האבן גערופן אונדזערע חברים צו קומען אין א וואס גרע־סערער צאל צו דער דאזיקער זיצונג און פארנעמען פרייע פלעצער. איך האב זיך געפונען אין זאל צווישן די פארטרעטער פון דער פרעסע.

ביי א שטארק אנגעגליטער אטמאספערע אין זאל האט דער פארזיצער, ט. סילאווסקי, געהאלטן א קורצע רעדע און זי פארענדיקט מיט א שארפן פראטעסט קעגן דער דייטשער רעגירונג צוליב דעם געשלאסענעם אפמאך אין בריסק־ליטאווסק. באלד נאך אים האט גראלאק איבערגעלייענט די געמיינזאמע דעקלאראציע פון „בונד" און דער פ.פ.ס. „לעוויצע". אט איז דער טעקסט פון דער דעקלאראציע:

„דער ארבעטער־קלאס גיט זיך אפ א חשבון פון די קאנסעקווענצן, וועל־כע עס מוז ברענגען מיטן זיך די אימפעריאליסטישע פאליטיק פון די מלו־כות, און וואס פירט אין רעזולטאט צו מלחמה און אלע אומגליקן, וואס פאלן אויפן ארבעטער־קלאס. דערפאר שליסט זיך דער ארבעטער־קלאס נישט אן צו דער אלגעמיינער דעקלאראציע פון די פארשטייער פון דער בורזשואזיע, נאר די סאציאליסטישע ראטמענער גיבן אין זיין נאמען אפ אן אייגענע דעקלאראציע.

די אימפעריאליסטישע פאליטיק פון דער בורזשואזיע, וואס האט דער־פירט צו א מלחמה און צו פארכאפן נייע לענדער, איז א רעזולטאט פון דער איצטיקער קאפיטאליסטישער ארדענונג. די אפנארערישע פרייהייטס־לאזונגען פון די צענטראלע מלוכות ווערן אקטיוו אונטערשטיצט פון דער פוילישער בורזשואזיע. די לאזונגען האבן דעם צוועק אפצוציען די אויפ־מערקזאמקייט פון די ברייטע פאלקסמאסן פון די פאקטישע צילן פון דער מלחמה און אפצוציען די מאסן פון באפרייאונגס־קאמף, וואס עס פירט דער רעוואלוציאנערער סאציאליסטישער פראלעטאריאט. די בור־

זשואזיע פֿון פּוילן מיט איר פּאָפּולאַריזירן די אָפּנאַרערישע פֿרייהייטס־לאָזונגען פֿון דער אָקופּאַציע־מאַכט האָט נאָך מער פֿאַרשטאַרקט די אימ־פּעריאַליסטישע פּאָזיציע פֿון די צענטראַלע מלוכות.

מיר דערקלערן דעריבער, אַז:

1) דער פּראָטעסט פֿון די בירגערלעכע קלאַסן פֿון פּוילן אין דער דאָזיקער פֿראַגע איז נאָר אַ פֿאַרלאַנג אָראָפּצוּוואַרפֿן פֿון זיך די פֿאַראַנט־וואָרטלעכקייט פֿאַר זייער פֿאַרקויפֿטער פּאָליטיק און גלייכצייטיק אַ פּרווו צו פֿאַרשטאַרקן זייער פּאָזיציע אין די קומענדיקע אונטערהאַנדלונגען מיט די צענטראַלע מלוכות, כדי צו באַפֿעסטיקן זייער קלאַסן־הערשאַפֿט אין פּוילן.

2) ווי לאַנג די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג וועט עקזיסטירן וועלן בור־זשואַזע רעגירונגען האַנדלען מיט פֿעלקער, כדי צו דערגרייכן זייערע עגאָאיסטישע קלאַסן־אינטערעסן;

3) נאָר אַ מעכטיקע רעוואָלוציאָנערע פֿאָלקס־באַוועגונג, געווענדט קעגן דער איצטיקער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג און גלייכצייטיק קעגן דער פֿאַרברעכערישער פּאָליטיק פֿון די בירגערלעכע קרייזן, וועט באַזייטיקן דעם יסוד פֿון איבערמאַכט איבער באַזיגטע פֿעלקער".

נאָך אַ ריי אַנדערע רעדנער האָט באַקומען דאָס וואָרט ליכטנשטיין. דאָס איז געווען איינע פֿון די שאַרפֿסטע און רעוואָלוציאָנערסטע רעדעס, וואָס מיר איז אויסגעקומען פֿון אים צו הערן אין משך פֿון אונדזער צו־זאַמענאַרבעט. איך ברענג דאָ זיין רעדע מיט עטלעכע פֿאַרקירצונגען:

„ראַטמאַן גראַלאַק און איך האָבן זיך נישט אָנגעשלאָסן אָן דעם אַלגע־מיינעם פּראָטעסט, ווייל די פּראַקטיק האָט אונדז שוין באַוויזן וואָס פֿאַרא ווערט עס האָבן אַזעלכע פּראָטעסטן. נאָך דעם ווי דער שטאָטראַט האָט זיך געעפֿנט, איז די באַשפּייזונג־לאַגע געוואָרן נאָך ערגער. מיר וועלן נישט שטעלן קיין פֿראַגעס צו די, וואָס ראַבעווען אונדזער לאַנד, ווייל מיר ווייסן, אַז „דער אַפּעטיט קומט מיטן עסן"; אַז די טאַטן, וואָס ווערן באַגאַנגען, וועלן טראָץ אַלע פּראָטעסטן ווייטער באַגאַנגען ווערן, אויב די באַפֿעלקע־רונג וועט זיך באַנוגענען מיט פּאַפּירענע פּראָטעסטן. אַ חוץ דעם זעען מיר אין די פּראָטעסטן מצד דער בורזשואַזיע, טראָץ זייערע שאַרפֿע ווערטער, אַ חשק צו דעקן די מיטשולדיקע אין דער שווערער סיטואַציע. נישט איין מאָל איז אונדז אויסגעקומען צו רעדן וועגן דעם, אַז אין דער איצטיקער לאַגע פֿונעם לאַנד בכלל און פֿון אונדזער שטאָט בפֿרט איז שולדיק נישט נאָר די אָקופּאַציע־מאַכט, נאָר אויך די קלאַסן, וואָס האָבן, פֿאַר אַ צוזאָג צו הערשן, צוגעלייגט אַ האַנט צו דעם שענדלעכן אויספּלינדערן דאָס

לאַנד. מען דאַרף דאָס אַלץ אָנרופֿן מיטן אמתן נאָמען. עס איז דאָ אָנגעוויזן געוואָרן, אַז אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך באַמיען זיך די רעגירונגען צו פֿאַרבעסערן די שפּייז־סיטואַציע. געטאָן האָבן זיי עס אונטער דער ווירקונג פֿון קאַמף פֿון פּראָלעטאַריאַט און אין רעזולטאַט פֿון אַ שטרייק. צוליב דעם, וואָס עס האָט געדראָט אַן אויפֿשטאַנד פֿון דעם אַרבעטער־קלאַס, זיינען די רעגירונגען געצוווּנגען געווען צו פֿאַרבעסערן די שפּייז־סיטואַציע. דער געהעריקער אויספֿיר דערפֿון איז, אַז די רויבאַקטן וועלן אָנהאַלטן אַזוי לאַנג, ווי לאַנג די באַפֿעלקערונג וועט זיך פֿאַרהאַלטן פּאַסיוו און גלייכגילטיק. נאָר דער קאַמף פֿון פּראָלעטאַריאַט און די אַקטיווע אַרויסטרעטונגען פֿון די מאַסן קענען מאַכן אַ סוף צו דער דאָזיקער רויבעריי. דעריבער גיב איך אָפּ פֿאָלגנדיקע דערקלערונג:

צו אַ ריי געוואַלט־טאַטן מצד דער אָקופּאַציע־מאַכט בנוגע דער באַפֿעלקערונג איז נאָך צוגעקומען די פֿאַראָרדענונג פֿון אַדמיניסטראַציע־שעף ביי דער וואַרשעווער גענעראַל־גובערנאַטאָרסטווע פֿון 29סטן יאַנואַר 1918 צו פֿאַרקלענערן די שפּייזראַציעס. דער דאָזיקער גרויזאַמער אַקט איז דורכגעפֿירט געוואָרן מיט אַן אומדערהערטן ציניזם איבער דעם אָרעמסטן טייל פֿון דער באַפֿעלקערונג — דעם אַרבעטער־קלאַס.

דער פּראָלעטאַריאַט פֿון שטאָט און דאָרף, פֿולשטענדיק אויסגעמאַטערט פֿון די קנאַפּע 4 מלחמה־יאָרן, איז געצוווּנגען געוואָרן צו ברענגען נייע קרבנות, ווייל אַזוי פֿאָדערן די אָקופּאַנטן און דערויף איז מסכים די פּוילישע רעגירונג, וואָס פֿאַרקויפֿט די לעבנס־אינטערעסן פֿון די ברייטע פֿאָלקס־שיכטן פֿאַר אַ כלומרשטער מאַכט איבערן לאַנד. נאָך דעם ווי די אָקופּאַציע־מאַכט האָט דעם 20סטן יולי 1917 פֿאַרזיכערט היפּאָקריטיש, און מיט דער הילף פֿון דער דורך איר באַשטימטער „פּוילישער רעגירונג", אַז די שטאָטישע און דאָרפֿישע באַפֿעלקערונג וועט באַקומען דריי פֿונט ברויט אַ וואָך, האָט נאָך די אונטערטעניקע „פּוילישע רעגירונג" באַזונדער פֿאַרזיכערט די באַפֿעלקערונג, אַז די באַשפּייזונג־לאַגע וועט ווערן בעסער, ווייל זי וועט אַקטיוו העלפֿן צו באַזאָרגן דאָס לאַנד מיט אַ גערעכטער און עפֿעקטיווער באַשפּייזונג. עס איז קלאָר, אַז די פּאָליטיק פֿון די אָקופּאַנטן ווערט אונטערשטיצט פֿון דעם „רעגענטן־ראַט". צוליב דעם שטעלן מיר פֿעסט:

1) אין דער געגעבענער סיטואַציע זיינען די פּראָטעסטן פֿון דער בורזשואַזיע פֿאַקטיש אַ קאָמעדיע, וואָס ציט אָפּ די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון די פֿאָלקסמאַסן פֿון די אמתע סיבות, וואָס שאַפֿן הונגער און נויט;

2) אזוי לאַנג ווי עס דויערט די מלחמה, און די אָקופּאַציע־מאַכט ווערט אונטערשטיצט אין איר פּאָליטיק פון די באַזיצנדיקע קלאַסן אין פּוילן, וועלן די דערנערונגס־באַדינגונגען אין לאַנד זיך ווייטער פאַרערגערן;

3) דער איינציקער רעאַלער אויסגאַנג פאַר די אונטערדריקטע בלייבט דער אַקטיווער פּראָטעסט פון אַרבעטער־קלאַס אין פּוילן, צוזאַמען מיטן רע־וואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט אין אַנדערע לענדער, אַ פּראָטעסט קעגן מלחמה און אָקופּאַציע.

די רעדע פון ח' ליכטנשטיין האָט עלעקטריזירט די צוהערער. פון דעם זיצונגזאַל האָבן די בונדיסטן צוזאַמען מיט דער פּ.פּ.ס. „לעוויצע" פאַר־מירט אַ דעמאָנסטראַציע, וואָס איז דערגאַנגען ביזן ראָג פּיעטריקאָווער און נאַרוטאָוויטשאַ, ווו אַ שטאַרקע פּאָליציי־אָפּטיילונג האָט די דעמאָנס־טראַנטן צעטריבן. אַ ריי אונדזערע חברים זיינען פון די שווערדן און קוילן פאַרוווּנדעט געוואָרן און איין חברטע איז פון די ווונדן געבליבן אַ הינקנ־דיקע איר גאַנץ לעבן.

אַ צווייטע גרויסע פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע האָבן מיר ווידער אָר־גאַניזירט צוזאַמען מיט דער פּ.פּ.ס. „לעוויצע" דעם 17טן פעברואַר. זי איז אויך אויף אַ בלוטיקן אופן צעטריבן געוואָרן. די פּאָליציי האָט דורכ־געפירט אַרעסטן און אייניקע חברים, צווישן זיי אויך איך, זיינען שפּעטער פאַרמשפּט געוואָרן פון אַ דייטשן קריגסגעריכט.

די ראַטמענער ליכטנשטיין, גראַלאַק און דער פּעפּעסאָוויעץ א. רזשעווסקי האָבן זיך געמוזט אויסבאַהאַלטן פון דער פּאָליציי. ליכטנשטיין איז אַ צייט געוועזן באַהאַלטן אין פּוילן און דערנאָך אַוועק קיין אוקראַינע, אָבער סוף 1918 איז ער צוריקגעקומען. עטלעכע ראַטמענער זיינען אַרעסטירט און פאַרמשפּט געוואָרן אויף עטלעכע יאָר טורמע און דער שטאָט־פאַר־זיצער — אויף 8 חדשים. אויף דער שטאָט איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אַ שטראָף פון הונדערט טויזנט מאַרק.

## די ערשטע דעמאָקראַטישע שטאָטראַט־וואַלן אין פעברואַר 1919

בעת ליכטנשטיין איז סוף 1918 צוריקגעקומען אין באַפרייטן פּוילן, האָבן שוין געהערשט אין לאַנד גאָר אַנדערע שטימונגען.

די ערשטע דעמאָקראַטישע וואַלן צום שטאָטראַט אין לאָדזש זיינען פאָרגעקומען דעם 23סטן פעברואַר 1919. פון די 35,667 אָפּגעגעבענע שטי־מען פאַר אַלע יידישע פּאַרטייען, האָט דער „בונד" באַקומען 8,925 שטי־

מען, ד. ה. 25 פראָצענט. אין שאָטטראט זיינען דערוויילט געוואָרן פינף בונדישע ראטמענער: ליכטנשטיין, פאָזנאנסקי, דר. מארגאָלים, פאָליאַק און בוימגארטען.

אויף דער פוילישער גאַס איז די שטארקסטע ארוים די פ.פ.ס. — מיט 40,949 שטימען, אָדער 46.6 פראָצענט. זי האָט דורכגעפירט 25 ראט־מענער. די צווייט שטארקסטע איז פון די וואלן ארוים די נאציאָנאליסטישע, אנטיסעמיטישע און אנטיסאָציאַליסטישע ארבעטער־פארטיי — די נ.פ.ר. (נאראָדאָווי זוויאָנזעק ראָבאָטניטשי), וואס האָט שפעטער געענדערט דעם נאָמען אוי ת.נ.פ.פ. (נאראָדאָווע פארטיא פראצי). זי האָט באקומען 27,750, ד. ה. 31.6 פראָצענט פון אלע אָפגעגעבענע שטימען און דורכגעפירט 18 ראטמענער. די פ.פ.ס. און די נ.פ.ר. האָבן זיך פאראייניקט און צוזאמען געהאט 43 ראטמענער פון דער אלגעמיינער צאָל 75.

די בונדישע ראטמענער האָבן אפילו נישט געקאָנט טראכטן וועגן א צוזאמענארבעט מיט די אנדערע ארבעטער־גרופירונגען. עס איז זיי דעריבער געבליבן נאָר איין מעגלעכקייט: אויסצונוצן די שטאָטראט־טרי־בונע פאר פראָפאגאנדע־צוועקן. ביי יעדער געלעגנהייט האָבן די בונדישע ראטמענער פארטיידיקט די אינטערעסן פון דער ארבעטנדיקער באפעלקע־רונג און הסכם מיט דער בונדישער סאָציאליסטישער איינשטעלונג. ליכטנ־שטיין האָט פאָרמולירט די דאָזיקע איינשטעלונג אויף א זיצונג פון שטאָט־ראט דעם 8טן אפריל 1919.*)

די בונדישע ראטמענער האָבן זיך אין זייערע ארויסטרעטונגען נישט באגרענעצט נאָר מיט שטאָטישע ענינים. די שטאָט־טריבונע האָבן זיי אויך אויסגענוצט כדי צו רעאגירן אויף מלוכהשע און אינטערנאציאָנאלע געשעענישן. די צייט איז געווען א רעוואָלוציאָנערע, א ברויזנדיקע. נאָך דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש אין רוסלאַנד זיינען אויך געפאלן די אלטע רעזשימען אין דייטשלאנד און אין עסטרייך. (אין נאָ־ווועמבער 1918).

די גרענעצן פון ניי־אנטשטאַנענעם פוילן זיינען נאָך נישט געווען פעסטגעשטעלט. אלץ איז געווען אין א פליסיקן צושטאנד. אין דער דאָזי־קער אַטמאָספער האָבן זיך פארשטארקט די נאציאָנאליסטישע און שאָוויניס־טישע שטימונגען. עס האָט זיך אנגעהויבן א קאמף קעגן די אוקראינער אין מזרח־גאליציע, כוליגאנישע אנפאלן אויף יידן און פארפאלגונגען פון דער אָרגאניזירטער ארבעטער־באוועגונג. אין לאָדזש האָבן פון די פארפאָל־

*) דער פולער טעקסט פון דער דעקלאראַציע איז געדרוקט אין דער אָפטיילונג דאָקומענטן.

גונגען שטאַרק געליטן די פּראָפעסיאָנעלע פֿאַראייגען און אַנדערע בונדישע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן באַוויזן איבערצולעבן די דייטשע אָקופּאַציע. אַרעסטן פֿון אונדזערע טוער זיינען געוואָרן אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג.

אומעטום האָט די פּאָליציי און געהיים־אַגענטן געזוכט קאָמוניסטן. די קאָמוניסטישע פּאַרטיי, וואָס האָט זיך געגרינדעט אין פּוילן אין דעצעמבער 1918 נאָך דעם ווי די פּ.פּ.ס.־„לעוויצע" האָט זיך פֿאַראייניקט מיט דער ס.ד.ק.פּ.ל., האָט באַקאָמפּעטירט די שטאָטראַט־וואַלן. איר לאָזונג איז געווען — די דיקטאַטור פֿון פּראָלעטאַריאַט. זי האָט זיך באַמיט אַרונטערצורייסן ביי די מאַסן דעם גלויבן אין דעמאָקראַטישע וואַלן.

אין די יאָרן 1919־1920 איז ליכטנשטיינען זייער אָפּט אויסגעקומען אויפֿצוהויבן אין שטאָטראַט די פֿראַגע פֿון די פּאָליציייאישע ברוטאַלע אָנפֿאַלן אויף אונדזערע אינסטיטוציעס און טוער. באַלד אויף דער צווייטער זיצונג פֿונעם ניי־געוויילטן שטאָטראַט האָט ליכטנשטיין געזאָגט: „דאָס וואָס עס טוט זיך אָפּ אין לאָדזש, איז שרעקלעך און ווייטיקדיק. נאָך קיין מאָל, האָבן די פּראָפעסיאָנעלע פֿאַראיינען און אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אַזוי שווער נישט געליטן. אַפֿילו אין די צאַרישע צייטן און בעת דער דייטשער אָקופּאַציע — האָבן עקזיסטירט געוויסע גרענעצן, און מען האָט געוווּסט, וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר נישט טאָן. עס איז שווער געווען אַרויס־צובאַקומען אַ דערלויבעניש צו שאַפֿן אַן אינסטיטוציע, אָבער אויב די דערלויבעניש איז געגעבן געוואָרן, האָבן די אינסטיטוציעס אין געוויסע ראַמען געקענט פֿונקציאָנירן. דאָס אָבער, וואָס עס קומט איצט פֿאָר, איז אַ פֿולשטענדיקע אַנאַרכיע. אַרבעטער־אינסטיטוציעס, ווי קיכן און טיי־האַלעס, קענען נישט פֿונקציאָנירן נאָרמאַל. כמעט טעגלעך ווערן זיי באַזוכט פֿון פּאָליציי־אַגענטן, וואָס פֿלעגן אָן וועלכער עס איז פֿאַראָרדענונג, נאָר סתּם אַזוי זיך, אַרויסטרייבן די אַרבעטער פֿון זייערע לאָקאַלן. מיר האָבן זיך וועגן דעם געווענדט צו די העכערע פּאָליציי־באַאַמטע, אָבער אונדזערע ווענדונ־גען זיינען געבליבן אָן רעזולטאַטן".

„דאָס אַרבעטנדיקע לאָדזש, זאָגט ווייטער ליכטנשטיין, האָט צענטליקער יאָרן געקעמפֿט פֿאַרן רעכט אָפּצוהאַלטן פֿאַרזאַמלונגען און צו פֿאַרטיידיקן די אינטערעסן פֿון דער אַרבעטערשאַפֿט. אין דער צייט פֿון דער דייטשער אָקופּאַציע האָבן די דייטשן אין אָנהייב פּרובירט זיך פֿאַרצושטעלן ווי פֿריינד פֿון די אַרבעטער־מאַסן און האָבן דערלויבט די טעטיקייט פֿון די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראייגען. שפּעטער האָבן זיי גענומען פֿאַרפֿאָלגן די אַרבעטער־אינסטיטוציעס, אָבער קיין מאָל נישט דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז מען זאָל זיי פֿאַרמאַכן. נאָך דעם ווי דער אָקופּאַנט איז פֿאַרטריבן געוואָרן, האָט מען טאַקע אין אָנהייב געגאָסן פֿון פֿרייהייט פֿון פֿאַרזאַמלונגען אָן

באגרענעצונגען. אבער שוין בעת די וואלן צום סיים האט די פאליציי אנגע־הויבן פונאנדערטרייבן ארבעטער־פארזאמלונגען. איצט דערלויבט מען נישט מער ווי 15 פערזאן זיך צו געפינען אין אן ארבעטער־לאקאל. עס פאסירן נאך ערגערע זאכן. פאליציי־באאמטע קומען אין אן ארבעטער־אינסטיטוציע, פארשליסן זי און באפעלן דעם פארוואלטער זיך צושטעלן אויף צו מארגנס אין דער באקאנטער 5טער בריגאדע, ווו עס הענגט ביים אריינגאנג אן אויפשריפט, אז די אפטיילונג פארנעמט זיך מיט ענינים פון פראסטיטוציע, באנדיטיזם א.א.וו. די פאליציי וואגט אזוי ארום צו פאר־גלייכן ארבעטער־פארשטייער מיט פארברעכער.

דאס וואס קומט פאר אין לאדזש, קומט איצט פאר אין גאנץ פוילן". און ליכטנשטיין ענדיקט זיין רעדע מיט א פאדערונג צום שטאטראט, אז ער זאל זיך ווענדן צום מאגיסטראט וועגן אפשטעלן די פארפאלגונגען פון ארבעטער־אינסטיטוציעס.

ביי א גאנצער ריי אנדערע זיצונגען האט ליכטנשטיין גערעדט וועגן דעם, אז די שטאטישע פאליציי דארף זיין אן ארגאן פון דער קאמונאלער מאכט און געפאדערט, אז דער שטאטראט זאל נישט באשטימען קיין איין גראשן אויף אויסהאלטן די פאליציי אזוי לאנג, ווי זי וועט נישט זיין פולשטענדיק אין רשות פון דער שטאטישער זעלבסט־פארוואלטונג.

## בלוטיקער שטרייק דעם 17טן סעפטעמבער 1919

די פאליצייאישע פארפאלגונגען פון די ארבעטער־אינסטיטוציעס און פון דער גאנצער ארבעטער־באוועגונג האבן זיך כסדר פארשטארקט. די רעגירונג איז געווען פארפלאנטערט אין מיליטערישע קאנפליקטן און נישט געלייגט קיין שום אכט אויף אויפצובויען די אינדוסטריע וואס די אקופאנטן האבן כמעט טצעשטערט. לאדזש האט נישט געהאט קיין רוישטאפן מיט וואס אנצוהייבן די פראדוקציע. די צאל ארבעטסלאזע האט געהאלטן אין איין וואקסן. זיי האבן באלאגערט די מלוכהשע ארבעטס־פארמיטלונג־אמטן און אפט דעמאנסטרירט אין די גאסן מיט א פאדערונג די שטאט־פארוואלטונג זאל זיי העלפן. דער שטאטראט האט באשלאסן זיך צו ווענדן דירעקט צו דער באפעלקערונג מיט אן אויפרוף און פאר זיי אויפקלערן די לאגע.

ביים דיסקוטירן דעם טעקסט פונעם אויפרוף האט ליכטנשטיין קרי־טיקירט דעם טייל, ווו מען פרובירט באשולדיקן „אגיטאטארן" אין שאפן די אויפרעגונג. די אמתע אגיטאטארן, האט ער געזאגט, זיינען הונגעריארן, נויט און די אומדערטרעגלעכע לאגע פון די ארבעטסלאזע. די דאזיקע ווער־

טער האָבן ארויסגערופֿן אַ הייסע דיסקוסיע. ליכטנשטיין האָט שאַרף פֿאַר־לעמיזירט מיטן פֿאַרשטייער פֿון די ציוניסטן, דר. ראָזענבלאַט, וועלכער האָט דערקלערט, אַז דער גאַנצער אומגליק איז, וואָס די אַרבעטער זיינען געוואָרן פֿויל און ווילן נאָר פּאָליטיקירן. אין נאָמען פֿון דער בונדישער פֿראַקציע האָט ליכטנשטיין אַריינגעטראָגן אַזאַ רעזאָלוציע:

„דער שטאָטראָט שטעלט פֿעסט אַז די גאַנצע שולד פֿאַר דער טראַ־גישער לאַגע פֿון דער אַרבעטער־באַפֿעלקערונג טראָגט די קאַפּיטאַליסטישע רעגירונג פֿון לאַנד, וואָס באַזירט איר פּאָליטיק אויף העלפֿן די קאַפּיטאַליס־טישע אינטערעסן, נוצט אויס דעם אַרבעטער־קלאַס, באַיקאָטירט זיינע זעלבסטפֿאַרוואַלטונגס־אינסטיטוציעס און פֿירט אַגרעסיווע מלחמות אין די אינטערעסן פֿון די לאַנד־אייגנטימער. די איצטיקע פּאָליטיק פֿון דער רעגירונג שטויסט דאָס לאַנד צו אַ קאַטאַסטראָפֿע. אין דעם גייסט דאַרף די אויסגעוויילטע קאָמיסיע פֿון ראַטמענער רעדאַגירן אַן אויפֿרוף צו דער באַפֿעלקערונג".

דער פֿאָרשלאַג איז אָפּגעוואָרפֿן געוואָרן.

די לאַגע אין שטאָט ווערט אַלץ טרויעריקער און טראַגישער. דעם 12טן סעפּטעמבער 1919 האָט מען פּלוצלונג אָפּגעשטעלט די אַרבעטן ביים בויען די אייזנבאַן־ליניע צווישן לאָדזש און קוטנע, ביי וועלכער עס זיינען געווען באַשעפֿטיקט צען טויזנט אַרבעטער. דאָס האָט נאָך צוגעגאָסן אייל צום פֿייער. די דעמאָנסטראַציעס האָבן געהאַלטן אין איין וואַקסן; אין איינער פֿון זיי האָבן זיך באַטייליקט צען טויזנט אַרבעטסלאָזע. ביים פֿונאַנדער־טרייבן די דעמאָנסטראַציעס פֿלעגט אַ צאָל מענטשן פֿאַרוווּנדעט און אַרעסטירט ווערן.

דעם 15טן סעפּטעמבער איז פֿאָרגעקומען אַ קאָנפֿערענץ פֿון די פּראָפֿע־סיאָנעלע פֿאַראיינען מיטן אָנטייל פֿון די פּאָליטישע פּאַרטייען. די דאָזיקע קאָנפֿערענץ האָט באַשלאָסן צו אָרגאַניזירן אַן איינטאָגיקן פּראָטעסט־שטרייק מיט דער לאָזונג — „אַרבעט און ברויט פֿאַר די אַרבעטער".

אין דעם באַשטימטן טאָג האָבן זיך טויזנטער אַרבעטער פֿאַרזאַמלט אויפֿן פֿרייהייטס־פּלאַץ. בעת אַ דעלעגאַציע פֿון די דעמאָנסטראַנטן איז אַריין אין מאַגיסטראַט צו פֿירן אונטערהאַנדלונגען מיטן פּרעזידענט רזשעווסקי, האָט די פּאָליציי אַטאַקירט די וואַרטנדיקע מאַסע דעמאָנס־טראַנטן. זיי האָבן געענטפֿערט מיט וואַרפֿן שטיינער אין דער פּאָליציי. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פֿאָרמעלער קאַמף, אין רעזולטאַט פֿון וועלכן עס זיינען געווען פֿינף דערהרגעטע און 47 פֿאַרוווּנדעטע אַרבעטער און 32 פֿאַרוווּנדעטע פּאָליציאַנטן. פֿאַר נאַכט האָט אַ גרופּע ציווילע כוליגאַנעס און זעלנער אָנגעהויבן אַטאַקירן יידן אין צענטער פֿון שטאָט און אין באַלוט.

עס זיינען געווען א סך צעשלאָגענע און פאַרוואונדעטע. ליכטנשטיין און בוימגארטן, וואָס זיינען אוועק אין באַלוט אויסצוגעפינען, וואָס איז דאָרט געשען, זיינען אויך באַפאַלן און צעשלאָגן געוואָרן. ווען דער שטאָט־פּרעזי־דענט רזשעווסקי איז אוועק אין באַלוט, האָבן די כוליגאַנעס אים אויך צעשלאָגן.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער איז ליכטנשטיין ארויסגעטרעטן אין שטאָט־ראט מיט א רעדע וועגן די געשעענישן. ער האָט געזאָגט:

„...אַלץ, וואָס איז זיך פאַרלאָפן אינעם טאָג פון 17טן סעפּטעמבער פון אין דער פרי ביז שפּעט אין אָוונט, האָט געמאַכט דעם איינדרוק ווי עפּעס א גענייטע האַנט וואָלט אָנגעפירט מיט די געשעענישן. אָנגעהויבן האָט זיך עס, ווען עס איז ארויס אין גאַס א מאַסע ארבעטסלאָזע, וועמען דער הונגער און נויט האָט דערפירט צו פאַרצווייפלונג. אַלע זאָגן עדות, אַז די ארבעטער האָבן מאַרשירט רויק. זיי זיינען געווען זיכער, אַז זייערע פאָדע־רונגען זיינען באַשיידענע און נאַטירלעכע, זיי האָבן דאָך נאָר געפאָדערט ברויט און ארבעט. זיי האָבן נישט געוואָלט שטאַרבן פון הונגער און גע־טאָן דאָס, וואָס יעדער איינער, אפילו דער געדולדיקסטער מענטש, וואָס האָט קיין מאָל נישט געהערט קיין אַגיטאַציע־רעדעס און נישט געווען אונטערן איינפלוס פון א פּאַרטיי, וואָלט געטאָן. די פאָדערונג פון ברויט און ארבעט איז א באַשיידענע, אָבער בעת זי איז געווענדט צו די, וואָס ווילן זי נישט באַפרידיקן, ווערט זי א מעכטיקער און צעשטערנדיקער כוח, און דאָ האָבן מיר א לאַגע, ווו פון איין זייט געפינט זיך א גוססדיקע מאַסע און פון דער צווייטער — א קאַפּיטאַליסטישע רעגירונג, וואָס דערפירט באַוווּסטזיניק צו קאַטאַסטראָפע... עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז די שרעק־לעכע בלוט־פאַרגיסונג איז פאָרגעקומען נאָענט צום מאַגיסטראַט, דעם כלו־מרשט רויטן סאָציאַליסטישן מאַגיסטראַט, וואָס איז אַזוי פאַרהאַסט פון רעאַקציאָנערע כוחות אין אונדזער געזעלשאַפט... און אָט איז געשען דאָס, וואָס איז אונדז אַזוי גוט באַקאַנט פון די אַלטע צייטן, מאָרדעווען, שיסן און טרעטן מענטשן, א ריי דערהרגעטע, צענטליקער פאַרוואונדעטע, ביז מען האָט ענדלעך אָפּגעהאַלטן א נצחון — די ארבעטער־מאַסע איז צעטריבן געוואָרן און דער ענין דערליידיקט ווי געוויינטלעך — מיט קוילן און באַגנעטן.

„און וואָס איז געשען שפּעטער? דאָס, וואָס עס האָט געמוזט געשען. נאָכן פּאָגראָם אויף די ארבעטער איז פאָרגעקומען א פּאָגראָם אויף יידן. פּלוצלונג האָבן זיך אין דער יידישער געגנט באַוויזן כוליגאַנעס, מענטשן פון דער אונטערוועלט. גלייכצייטיק זיינען אין פאַרשידענע שטאָטטיילן ארויס קלאַנגען, אַז יידן שיסן פון די פענצטער, און עס האָט זיך אָנגע־

הויבן דער שוידערלעכער געיעג פֿון מענטש אויף מענטש. מען האָט אָנגעהויבן שלאָגן, שטעכן, מאָרדעווען אָן אַ סוף. עס האָבן זיך דערהערט קרעכצן און געשרייען פֿון די באַפֿאַלענע. איז דאָס אַלץ געווען אַ צופֿאַל? אפֿשר. און דאָך, ווען מיר קוקן זיך בעסער צו צו דעם אַלעם, מוזן מיר קומען צום אויספֿיר אַז עס איז פֿאַראַן אַ שייכות צווישן די צוויי טיילן פֿון דער דראַמע — דעם פּאָגראָם אויף די אַרבעטער און דעם פּאָגראָם אויף יידן. עס איז קלאָר, אַז די אָרגאַניזאַטאָרן פֿון די ביידע אָנפֿאַלן האָבן געהאַט אין זינען צו באַווייזן די אַרבעטער־מאַסן, אַז די הויפּטשולדיקע פֿאַר זייערע עוולות, פֿאַר זייערע לײַדן זײַנען די יידן. דאָס איז אַ בלאַט, אַרויס־געריסן פֿון דער געשיכטע פֿונעם קאַמף קעגן צאַריזם. אין 1912, נאָך דער באַרימטער טראַגעדיע ביי דער לענע, האָט דער צאַרישער מיניסטער גע־זאָגט: 'אַזוי איז עס געווען און אַזוי וועט עס זיין. מיר האָבן שטענדיק געשאָסן אין די אַרבעטער־מאַסן און וועלן שטענדיק שיסן'. אָבער מיר ווייסן, אַז אַזוי איז עס געווען, אַזוי איז עס, אָבער אַזוי וועט עס ווייטער נישט זיין. מיר האָבן געזען ווי דער מעכטיקער כוח, וואָס האָט געפֿירט אַזאַ פּאָליטיק, איז צעשמעטערט געוואָרן...

„...נאָכן פּאָגראָם אויף די יידן האָט איינער אַ פֿאָרשטייער פֿון דער יידישער בורזשואַזיע מיר אַ זאָג געטאָן: — 'דאָס האָבן דיינע חברים געמאַכט דעם פּאָגראָם אויף יידן'. איך האָב עס אָפּגעלייקנט און געזאָגט, אַז דער פּוילישער אַרבעטער מאַכט נישט קיין פּאָגראָמען. מיר מוזן אָבער אָנערקענען, אַז צווישן די פּוילישע אַרבעטער איז פֿאַראַן אַנטיסעמיטיזם. טאָג־טעגלעך חזרן מיר איבער, אַז דער קאַמף מיטן אַנטיסעמיטיזם איז איינע פֿון די וויכטיקסטע אויפֿגאַבעס פֿון פּוילישן אַרבעטער־קלאַס, אַז נאָר דער אַרבעטער איז בכוח צו באַקעמפֿן דעם אַנטיסעמיטיזם. ער דאַרף עס טאָן אין זיינע אייגענע אינטערעסן, פֿאַר זיין אייגענער צוקונפֿט, כדי אַליין נישט צו ווערן צעשמעטערט דורך דער רעאַקציע. מען מוז פֿאַר די פּוילישע מאַסן קלאָר מאַכן, אַז די, וואָס רופֿן 'שלאָגט יידן', האָבן אין זינען די נידערלאַגע פֿון די אַרבעטער־מאַסן גופֿא...

...געמענדיק אין באַטראַכט דעם באַגרענעצטן טעטיקייטס־געביט פֿונעם שטאָטראַט, שלאָג איך פֿאָר פֿאָלגנדיקע רעזאָלוציע: „מיר פּראָטעסטירן קעגן דער שיסעריי אין די דעמאָנסטרירנדיקע אַרבעטער־מאַסן, וואָס זיינען אַרויסגעשטויסן געוואָרן אין גאַס צוליב דער אומפֿעאיקייט פֿון דער רעגי־רונג, וואָס האָט אָפּגעשטעלט די עפֿנטלעכע אַרבעטן אין דעם סאַמע קריי־טישן מאָמענט. מיר פּראָטעסטירן קעגן דערלאָזן אינעם זעלביקן טאָג צו אַנטי־יידישע עקסצעסן. דער שטאָטראַט באַשליסט: 1) איבערנעמען אויפֿן שטאָטישן חשבון די קאָסטן פֿון היילן די געליטענע אינעם טאָג פֿון 17טן

סעפּטעמבער און 2) באַצאָלן אַן אַנטשעדיקונג פֿאַר די אַלמנות און יתו־מים פֿון די אומגעקומענע און פֿאַר אַלע פֿאַרוווּנדעטע, וואָס האָבן פֿאַר־לוירן די פֿעאיקייט ווייטער צו אַרבעטן".

מיט עטלעכע חדשים שפּעטער האָט ליכטנשטיין פּראָטעסטירט אין שטאָטראַט קעגן דעם אַרעסט פֿון יוסף מאָרגענטאַלער נאָך דער גרויסער פֿאַרזאַמלונג פֿון טעקסטיל־אַרבעטער דעם 19טן אַפּריל 1920. ער האָט איבערגעלייענט אַן אַרויסגעשמוגלטן בריוו פֿון אַרעסטהויז, אין וועלכן מאָרגענטאַלער טיילט מיט, אַז מען האָט אים באַשולדיקט אין רופֿן צו אַ שטרייק, אין אַגיטירן קעגן דער רעגירונג. כדי ער זאָל זיך דערין מודה זיין, האָט מען אים געשלאָגן מיט שטעקנס איבערן קאָפּ, געריסן ביי די האָר, געדראָט אים צו דערשטיקן, עטלעכע מאָל צוגעשטעלט אַ רעוואָלווער צום קאָפּ. „דאָס איז דער אופֿן, האָט ליכטנשטיין געזאָגט — ווי אַזוי די קרימינאַל־פּאָליציי באַמיט זיך אַרויסצופּרעסן פֿון די אַרעסטירטע דאָס וואָס זי וויל. און דאָס זיינען זאַכן, וועלכע דער שטאָטראַט טאָר נישט פֿאַרשווייגן". ליכטנשטיין האָט געפֿאָדערט פֿון מאַגיסטראַט ער זאָל קאַטעגאָריש פֿאָדערן פֿון דער פּאָליציי־מאַכט, זי זאָל גלייך אָפּשטעלן די אַרעסטן פֿון די פֿאַראיין־טוער און בכלל זיך נישט אַריינמישן אין עקאָנאָמישע קאָנפֿליקטן. ער האָט געפֿאָדערט, אַז מאָרגענטאַלער זאָל גלייך באַפֿרייט ווערן, און די באַאַמטע, וואָס פּייניקן די אַרעסטירטע, זאָלן באַשטראָפֿט ווערן.

ווען דער פּ.פּ.ס.־ישער לאַווניק באַדזשאַן האָט געזאָגט, אַז די פּ.פּ.ס. רעפּרעזענטירט דעם גאַנצן אַרבעטער־קלאַס, האָט ליכטנשטיין געענטפֿערט:

„אמת, די סאָציאַליסטישע פּראַקטיק דאַרף פֿאַרטיידיקן די אינטערעסן פֿון דעם גאַנצן אַרבעטער־קלאַס, אָן אונטערשייד פֿון רעליגיע און נאַציאָנאַליטעט. אָבער צום באַדויערן קענען מיר דאָס נישט זאָגן וועגן דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, ווייל מיר זעען אויף יעדן טריט, אַז די אינטערעסן פֿון יידישן אַרבעטער ווערן איגנאָרירט. דערפֿאַר האָט אונדז דער יידישער אַרבעטער־קלאַס באַרופֿן צו רעפּרעזענטירן זיינע אינטערעסן. מיר גיבן זיך אויסגעצייכנט אָפּ אַ דין־וחשבון. אַז אַנטיסעמיטיזם פּאַראַליזירט, צעשטערט און פֿירט אַריין אַ דעזאָרגאַניזאַציע, אַן אומנאָרמאַלקייט אין גאַנצן לעבן פֿון דער פּוילישער און יידישער געזעלשאַפֿט, און אַז אין רעזולטאַט ווערט די יידישע באַפֿעלקערונג שטאַרק באַוווּלט. אונדזער שטאַנדפּונקט איז, אַז באַקעמפֿן אַנטיסעמיטיזם קענען מיר נאָר מיטן מיטל פֿון קלאַסנקאַמף. מיר גלייבן, אַז דער פּוילישער אַרבעטער־קלאַס זעט בעסער פֿאָרויס ווי זיינע צופֿעליקע פֿאָרשטייער היינט צו טאָג. און אַרויסגייענדיק פֿון די דאָזיקע הנחות זאָגן מיר, אַז נאָר אַ סאָלידאַרער קאַמף

פֿון יידישן און פּוילישן ארבעטער־קלאַס קען מאַכן אַ סוף צו דעם קוואַל פֿון מענטשן־פֿרעסעריי".

ליכטנשטיין קאָנסטאַטירט מיט ביטערקייט, אַז די באַציאונג פֿון דער פּ.פּ.ס. צו די לעבנס־פֿראַגן פֿון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט איז אַ נעגאַציע פֿונעם פּרינציפּ פֿון אינטערנאַציאָנאַלער אחדות. די פּ.פּ.ס.ישע ראַטמענער זיינען געווען טויב צו אַלע פֿאָדערונגען פֿון גלייכבאַרעכטיקן די יידישע שפּראַך.

אין די ערשטע יאָרן פֿון דער פּוילישער אומאָפּהענגיקייט האָט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי געהאַלטן אין איין אַרונטעררייסן די אינסטיטוציעס, וואָס די בירגער האָבן געשאַפֿן דורך אַלגעמיינע וואַלן. אויך אין „בונד" זיינען דעמאָלט געווען חברים, וואָס האָבן געצווייפֿלט אין דער צוועקמעסיקייט פֿון אונדזער אָנטייל אין אַזעלכע קערפּערשאַפֿטן און זיינען נישט זיכער געווען, צי דער פּאַרלאַמענטאַרישער וועג צום סאָציאַליזם איז אַ ריכטיקער. ליכטנשטיין באַרירט די דאָזיקע פֿראַגע אויף אַ זיצונג אין שטאָטראַט דעם 21סטן פֿעברואַר 1922 און דערקלערט:

„אונדזער באַציאונג צו די אַזוי גערופֿענע רעפּרעזענטאַטיווע פּאַרלאַמענטאַרישע אינסטיטוציעס איז אַ קלאָרע. מיר האָבן קיין מאָל נישט געהערט צו די, וואָס האַלטן, אַז אָט די אינסטיטוציעס קענען אויף אַ ראַדיקאַלן אופֿן פֿאַרענטפֿערן אַלע געזעלשאַפֿטלעכע פֿראַגן, וואָס דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן רוקט אַרויס. דאָך האַלטן מיר, אַז די אינסטיטוציעס האָבן אַ גרויסע באַדייטונג פֿאַרן פּראָלעטאַריאַט, ווייל אין זיי קומען צום אויסדרוק די שטרעבונגען פֿון די באַזונדערע גרופּירונגען און סאָציאַלע שיכטן".

נישט זעלטן האָט ליכטנשטיין געהאַט אַ געלעגנהייט זיך אומצוקערן צו דער דאָזיקער פּראָבלעם. ער פֿלעגט באַשולדיקן די רעאַקציאָנערע מערהייט פֿון שטאָטראַט, אַז זי טרעט מיט די פֿיס די גרונטפּרינציפּן פֿון פּאַרלאַמענטאַריזם. דעמאָקראַטיע, האָט ער געטענהט, מיינט, אַז מען טאָר נישט טאָן קיין עוולה אפֿילו דער קלענסטער גרופּע, וואָס האָט אירע אָנהענגער. דער אופֿן ווי אַזוי די בונדישע פֿראַקציע ווערט באַהאַנדלט אין שטאָטראַט איז אַ נעגאַציע פֿון די עלעמענטאַרסטע פּרינציפּן פֿון דעמאָקראַטיע. מען דערלאָזט נישט די בונדישע ראַטמענער ברענגען צום אויסדרוק די ווייטיקן און באַדערפֿענישן פֿון די, וועמענס וואָרטזאָגער זיי זיינען דאָ. דער אויספֿיר פֿון דעם אַלעם איז, אַז קיין שום פֿאָרמעלע וואַלרעכט, קיין שום פֿאָרמעלע דעמאָקראַטיע איז נישט גענוג, כדי צו לייזן די לעבנס־פּראָבלעמען. די בונדישע פֿראַקציע שטייט אויפֿן שטאַנדפּונקט, אַז פֿאָרמעלע דעמאָקראַטיע אָן עקאָנאָמישער גלייכקייט וועט נישט לייזן קיין שום פֿראַגע. דערפֿאַר איז דאָס דעמאָקראַטישע וואַלרעכט נישט קיין הייליקייט".

# אָנהייב פונעם קאַמף פאַר רעכט אויף אַרבעט

דער קאַמף פון די יידישע אַרבעטער פאַר זייער רעכט באַשעפטיקט צו ווערן אין די גרויסע טעקסטיל־פאַבריקן מיט מעכאַניזירטע טעקסטיל־מאַשינען האָט זיך אָנגעהויבן נאָך עטלעכע יאָר פאַרן מלחמה־אויסברוך. נאָך דער מלחמה, בעת די פאַבריקן האָבן אָנגעהויבן זיך ווידער עפענען, איז די פּראָבלעם געוואָרן באַזונדערס אַקטועל. ווען די יידישע אַרבעטער האָבן זיך געמאָלדן אין די פאַבריקן, וווּ זיי האָבן פריער געאַרבעט, האָבן זיי אָנגעטראָפן אויף גרויסע שוועריקייטן מצד די פּוילישע פאַבריק־דעלעגאַטן. די יידישע פאַבריקן זיינען געבליבן „נייטראַל", ווייל אויך פאַר דער מלחמה האָבן זיי זעלטן צוגעלאָזן אַ יידישן אַרבעטער. די פאָדערונג פאַר רעכט אויף אַרבעט פאַר יידן איז דעריבער געוואָרן נאָך מער ברענענדיק ווי פאַר דער מלחמה.

די בונדישע באַוועגונג אין לאָדזש האָט אָט די פאָדערונג געמאַכט פאַר איינער פון אירע הויפּטלאָזונגען און אָרגאַניזירט אַרום איר אַ מאַסן־קאַמפּאַניע. מיר האָבן געקעמפט פאַר רעכט אויף אַרבעט נישט נאָר אין די פּריוואַטע פאַבריקן, נאָר אויך אין די מלוכהשע און שטאָטישע אונטער־נעמונגען און אינסטיטוציעס. און ליכטנשטיין פלעגט אַרויסטרעטן אין שטאָטראַט מיט דער דאָזיקער פאָדערונג ביי יעדער געלעגנהייט און קרי־טיקירט די פּ.פּ.ס.ישע פאַרוואַלטונג.

די אומצופרידנקייט פון דער באַפעלקערונג מיט דער שטאָטישער פאַר־וואַלטונג האָט גענומען וואַקסן און געפונען אַן אויסדרוק אין די רעזאָלו־ציעס אויף די פאַרזאַמלונגען פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. די דאָזיקע אומצופרידנקייט האָבן אויסגענוצט די נ.פּ.ראָווצעס, די שותּפים פון דער פּ.פּ.ס. אין שטאָטראַט און זיי האָבן זיך אין 1921 צוריקגעצויגן פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג און פון מאַגיסטראַט. די נ.פּ.רישע סטראַטעגיע האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן צו זיין אַ גוט אויסגערעכנטע. זיי האָבן געוואָלט אַראָפּוואַרפן פון זיך די מיטפאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער טעטיקייט פון שטאָטראַט, וואָס איז געוואָרן אַזוי נישט פּאָפּולער ביי דער באַפעלקע־רונג. דער מאַנעוווער האָט זיך זיי איינגעגעבן, ווייל בעת די נאָנטסטע וואַלן צום סיים האָבן טאַקע די פּ.פּ.ס. פאַרלוירן די צוויי מאַנדאַטן און די נ.פּ.ר. האָט איינגעהאַלטן אירע דעפּוטאַטן.

קריטיקירנדיק די פּ.פּ.ס., האָט ליכטנשטיין נישט אויפגעהערט זיי צו וואָרענען, אַז אויב זיי וועלן נישט ענדערן זייער פּאָליטיק, וועט זיך עס אין זיי שווער נוקם זיין. דאָס האָט זיך גאָר גיך באַשטעטיקט. די מפּלה פון דער פּ.פּ.ס. אין לאָדזש בעת די װאַלן צום סיים האָט גורם געווען,

אז די פּאַרטיי זאָל אָנהייבן פירן אַ מער אָפּאָזיציאָנעלע טאַקטיק. זיי האָבן זיך אויך גענומען בעסער צוהערן צו אונדזערע ראַטמענער און ביים סוף פון דער קאַדענץ פון שטאָטראַט האָבן זיי באַשלאָסן, אַז דער שטאָטראַט וועט אויסהאַלטן 3 יידישע קינדערהיימען, צוויי אונטער דער אָנפירונג פון „בונד" און די דריטע פון לינקע פּועלי־ציון, און וועט סובסידירן די יידישע פאָלקסשולע און אָוונט־קורסן, ביידע אָנגעפירט פון יידישן שול־און פאָלקס־בילדונג־פאַראיין.

# די שטאָטראַט־וואַלן פון 13טן מאַי 1923 דער זיג פון דער רעאַקציע

קורץ נאָך די סיימוואַלן דעם 18טן פעברואַר 1923 האָט די רעגירונג אויפגעלייזט דעם שטאָטראַט און באַשטימט נייע וואַלן, וואָס זיינען פאָרגעקומען דעם 13טן מאַי. די וואַלן האָבן זיך געענדיקט מיט אַ שטאַרקער מפּלה פון אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און איז געווען אַ גרויסער זיג פאַרן ענדעקיש־כאַדעקישן בלאָק.

אין פאַרגלייך מיט די אַנדערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָט דער „בונד" געליטן אַ פאַרהעלטנישמעסיק קליינעם פאַרלוסט. ער האָט באַקומען 8,081 שטימען און דורכגעפירט 3 ראַטמענער אַנשטאָט די 8,925 שטימען און 5 ראַטמענער אין פריערדיקן שטאָטראַט. די דריי ראַטמענער זיינען געווען: ליכטנשטיין, פאָזנאַנסקי און, צום ערשטן מאָל, מילמאַן.

די קאָמוניסטן האָבן בעת די דאָזיקע וואַלן צום ערשטן מאָל אַרויסגע־שטעלט אַן אייגענע ליסטע אונטערן נאָמען „לאָדזשער וואַל־קאָמיטעט פון פאַרבאַנד פון פּראָלעטאַריאַט פון שטאָט און דאָרף". די ליסטע איז אָנער־קענט געוואָרן פונעם שטאָטישן הויפּט־וואַל־קאָמיטעט און באַקומען דעם נומער 5. צוויי טעג פאַר די וואַלן איז די ליסטע געפּסלט געוואָרן.

אויך בעת די דאָזיקע וואַלן איז צום ערשטן מאָל אַרויסגעשטעלט געוואָרן אַ ליסטע פון אַ ניי־געשאַפענער גרופּע אונטערן נאָמען „דייטשע אַרבעטער־פּאַרטיי אין פּוילן".

די ערשטע זיצונג פון דעם ניי־דערוויילטן שטאָטראַט איז פאָרגעקומען דעם 24סטן יולי 1923. ליכטנשטיין האָט אין נאָמען פון דער בונדישער פראַקציע אַריינגעטראָגן דעם פאָלגנדיקן פאָרשלאָג:

„דאָס אַנולירן אַ וואַלליסטע אין מיטן אַ וואַל־קאַמפּאַניע, און נאָך דעם ווי זי איז שוין אָפיציעל באַשטעטיקט געוואָרן, דעזאָרגאַניזירט די וואַל־קאַמפּאַניע און איז אַ שרייענדיק־בולטער אַקט פון ווילקיר, וואָס איז מיט

זיין שארף געווענדט קעגן דעם ארבעטער־קלאַס. דאָס גראָבט אונטער דעם פּרינציפּ פֿון פֿרייע אַלגעמיינע וואַלן און דעריבער דריקט דער שטאָטראַט אויס זיין שאַרפֿסטן פּראָטעסט קעגן אומגעזעצלעכן אַנולירן די ליסטע נומער 5, באַשליסט זיך אויפֿצולייזן און פֿאָדערט עס זאָלן גלייך באַשטימט ווערן נייע וואַלן".

ליכטנשטיינס לעצטע ווערטער האָבן אַרויסגערופֿן אַ גרויסן טומל ביי דער רעכטער מערהייט פֿון שטאָטראַט. דער פֿאָרזיצער האָט דערקלערט, אַז ווייל ער איז געצוווּנגען זיך צו האַלטן ביים רעגולאַמין, קען ער אַזאַ פֿאָרשלאַג נישט שטעלן צו דער אָפּשטימונג און וועט אים דעריבער באַטראַכטן נישט ווי אַ פֿאָרשלאַג נאָר ווי אַ פּראָטעסט.

ווען אויפֿן טאָג־אָרדענונג איז געשטאַנען די פֿראַגע וועגן וואַלן אין די שטאָטישע אינסטיטוציעס, האָט ליכטנשטיין דערקלערט, אַז די בונדישע פֿראַקציע וועט נישט נעמען קיין שום אָנטייל אין די וואַלן פֿון פּרעזידענט און מאַגיסטראַט. די פֿאָרשטייער פֿון דער פּ.פּ.ס. און פֿון דער דייטשער ארבעטער־פּאַרטיי האָבן אָפּגעגעבן ענלעכע דערקלערונגען.

בכלל איז דער זומער 1923 געווען אין לאָדזש „אַ הייסער". אָנגעהויבן האָט עס זיך דעם 1טן מאַי, בעת די פּאָליציי איז אויף אַ מערדערלעכן אופֿן באַפֿאַלן די מאַי־דעמאָנסטראַציע, אין וועלכער עס האָבן לויט דער ריי מאַרשירט די פּ.פּ.ס., דייטשע סאָציאַליסטן, קאָמוניסטן, דער „בונד" און די לינקע פּועלי־ציון. נאָך דעם ווי די דייטשע סאָציאַליסטן האָבן שוין באַוויזן אַריינצומאַרשירן אין דער פּיאָטראָקאָווסקע גאַס, האָבן שטאַרקע פֿערד־און פֿוס־אָפּטיילונגען פֿון דער פּאָליציי זיך אַריינגעריסן אין דער דעמאָנסטראַציע. די קליינע קאָמוניסטישע גרופּע האָט באַוויזן אַריבערצולויפֿן אויף פּיאָטראָקאָווסקע, און די פּאָליציי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף די בונדיסטן און פּועלי־ציוניסטן מיט שטעקנס, בלאַנקע שווערדן און רעוואָלווער־העלנטלעך. ליכטנשטיין און איך זיינען געבליבן שטיין ביי דער בונדישער פֿאָן און על פּי נס אויסגעמיטן די פּאָליציייאישע קלעפּ און אַרעסט. שטאַרק צעקלאַפּט איז געוואָרן חבר פּאָזנאַנסקי. ער איז שפּעטער געקומען צו דער מאַי־אַקאַדעמיע אין פֿילהאַרמאָניע־זאַל מיט אַ באַנדאַזשירטן קאָפּ. קנאַפּע 200 בונדיסטן זיינען געווען צווישן די שווער און לייכט פֿאַרוווּנדעטע. צווישן די הונדערטער אַרעסטירטע איז אויך געווען דער לערער פֿון דער מעדעם־שולע, חבר שלמה־איטשע ראַווין.

מיר האָבן אַריינגעטראָגן צום וואָיעוואָדע אַ פּראָטעסט קעגן דעם בלוטיקן נישט־פּראָוואָצירטן אָנפֿאַל מצד דער פּאָליציי און מיר האָבן בייגעלייגט פּראָטאָקאָלן באַשטעטיקטע פֿון דאָקטוירים.

אין חודש יולי פֿונעם זעלביקן יאָר איז אויסגעבראָכן אַן אַלגעמיינער שטרייק פֿון די טעקסטיל־אַרבעטער, בעת וועלכן עס זיינען געווען אַ סך שווער פֿאַרוווּנדעטע. אין דעם שטרייק האָבן זיך אויך באַטייליקט די נ.פּ.ר.ישע און כאַדעקישע פֿאַראיינען, וואָס האָבן ערשט מיט צוויי חדשים פֿריער דערוויילט צום שטאָטראַט אַ גרויסע צאָל ראַטמענער.

די דאָזיקע געשעענישן האָט ליכטנשטיין אַרומגערעדט אין צוויי שאַרפֿע אַרויסטרעטונגען אין שטאָטראַט: דעם 5טן סעפּטעמבער און דעם 11טן אָקטאָבער 1923. מיר ברענגען דאָ אויסצוגן פֿון זיינע רעדעס:

„...וואָס שייך אונדזער באַציאונג צו דער פּאָליציי, איז זי אַ קלאָרע. מיר זיינען פֿאָרשטייער פֿון דער באַפֿעלקערונג־גרופּע, וואָס איז דער אָביעקט פֿאַר די ווילדסטע שיקאַנעס מצד דער פּאָליציי. מ'האָט דאָ גערעדט וועגן די היי־יאָריקע דעמאָנסטראַציעס און ווי אַזוי מ'האָט זיי דערשטיקט. איך פּראָטעסטיר אַם שאַרפֿסטן קעגן אַלע מינים פֿאַרפֿאָלגונגען, וואָס זיינען געווענדט קעגן דעם אַרבעטער־קלאַס. אין מערב־אייראָפּע זיינען אויך פֿאַראַן קאַפּיטאַליסטישע מלוכות און קאָמוניסטישע פּאַרטייען. אָבער דאָרט קעמפֿט מען קעגן טאַטן און נישט קעגן איבערצייגונגען, ווי ביי אונדז. איך וויל דאָ דערמאָנען די הערן פֿון דער מערהייט, אַז דאָס איז אַ מעטאָד מיט צוויי עקן. צייטן בייטן זיך, און באַציאונגען אויך. און די טאַקטיק, וואָס ווערט איצט געפֿירט ביי דער פֿולער צושטימונג פֿון דער מערהייט פֿון שטאָטראַט, קען מיט דער צייט באַנוצט ווערן פֿון אַן אַנדער ריכטונג. איך בין אַ פֿאָרשטייער פֿון יידישן פּראָלעטאַריאַט, וואָס גרופּירט זיך אַרום דעם אַרבעטער־„בונד". היינטיקס יאָר פֿאַרן ערשטן מאַי האָט זיך אונדזער קאָמיטעט געווענדט צום רעגירונגס־קאָמיסאַריאַט מיט אַ ביטע צו לעגאַליזירן אונדזער 1טן מאַי־מיטינג. און ער איז לעגאַליזירט געוואָרן. אַלץ איז געטאָן געוואָרן לעגאַל און אָפֿן. די אויסגעקלעפּטע אַפֿישן, וואָס האָבן גערופֿן צו דער דעמאָנסטראַציע, זיינען צענזורירט געוואָרן דורכן קאָמיסאַריאַט. ווען דער צוג האָט זיך דערנענטערט צו דער הויפּטגאַס, איז אַ פּאָליציי־אָפּטיילונג אים באַפֿאַלן. ס'איז אַנטשטאַנען אַ געשלעג און דער רעזולטאַט איז געווען אַן ערך 200 פֿאַרוווּנדעטע און הונדערטער אַרעסטירטע. וואָס פֿאַר אַ ווילדע סצענעס האָבן זיך אָפּגעשפּילט! איך געהער שוין צו דער סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע עטלעכע צענטליק יאָר, כ'האָב איבערגעלעבט די קאַמפֿן בעת די צאַרישע צייטן, בעת דער דייטשער אָקופּאַציע, אָבער אַזאַ ווילדקייט האָב איך נאָך נישט געזען. מיר האָבן אָנגעפֿרעגט די העכערע מאַכט פֿון דער שטאָט לאָדזש, צי זיי האָבן אַרויסגעגעבן די דירעקטיוון אונדז צו באַפֿאַלן. מען האָט אונדז דערקלערט, אַז דאָס איז די שולד פֿון די נידעריקערע אָרגאַנען און אַז די באַאַמטע וועלן ווערן

שטרענג באשטראפט. עס זיינען שוין אוועק דריי חדשים, און ביז איצט האבן מיר נאך גארנישט געהערט וועגן דעם.

„נאכן גרויסן ארבעטער־שטרייק אין יולי האט די רעאקציע געוואלט דערטרינקען די שטרעבונגען פון די ארבעטער אין יידיש בלוט, אבער עס איז זיי נישט געלונגען. מיר האבן געזען די פרווון אויפצוהעצן צו א פאגראם אין לאדזש. מיר ווייסן, אז אזעלכע פרווון וועלן נאך ווייטער געמאכט, ווייל אנטיסעמיטיזם איז א מעכטיקער מיטל פאר דער פוילישער רעאקציע איינצוהאלטן איר מאכט".

אויף דער זיצונג פון 11טן אקטאבער 1923 האט ליכטנשטיין דערקלערט:

„דער מצב פון די ארבעטנדיקע מאסן אין לאנד, באזונדערס אין לאדזש, ווערט אומדערטרעגלעך. דער יקרות וואקסט אין א טעמפא, וואס מ'האט נישט געקענט אין צייטן פון היסטארישע קאטאקליזמען. פרעג איך דעם מאגיסטראט, וואס האט ער בדעה צו טאן אדער וואס האט ער געטאן, כדי צו קעמפן מיטן יקרות אין שטאט. צי האט ער אנגענומען וועלכע נישט איז שרים איינצוקויפן א גרעסערע צאל פראדוקטן פון ערשטן געברויך, כדי צו העלפן די ברייטע מאסן פון דער ארבעטער־באפעלקערונג? אויב דער מאגיסטראט גיט זיך אפ א דין־וחשבון פון דער שווידערלעכער לאגע, מיט וואס קען מען דערקלערן, אז ער אליין האט אין א געוויסער מאס ארויסגערופן דעם דאזיקן יקרות דערמיט, וואס ער האט געהעכערט די פרייזן אויף געוויסע ארטיקלען פון ערשטן געברויך, ווי גאז און אנדערע, אויף וועלכע די שטאט האט א דעה. איך בעט דעם מאגיסטראט צו באריכטן וועגן דעם און פארשטעלן א פלאן פון זיין טעטיקייט.

„מיר האבן דא אויסגעהערט רעפעראטן פון דריי אדוואקאטן. מיט דער פולער קלארקייט טרעט אין דער פראגע ארויס די היפאקריזיע פון די בירגערלעכע פארטייען, די היפאקריטישע באציאונג צו אלע דערהויבענע לאזונגען, וועגן וועלכע זיי רעדן אזוי פאטעטיש. עס האנדלט זיך וועגן אזעלכע לאזונגען ווי דעמאקראטיע, פרייהייט, טאלעראנץ. דאס אלץ, ווען מען דארף, ווערט צעטרעטן און פארגעוואלטיקט אויף אן אופן, וואס איז כאראקטעריסטיש פאר יענע קלאסן, וואס גייען אראפ פון דער היס־טארישער סצענע. אין איצטיקן מאמענט שטייט פאר אונדז אזא פראגע: ס'איז פארגוואלטיקט געווארן דאס וואלרעכט פון עטלעכע טויזנט וויי־לער. די ליסטע נומער 5, וואס איז אנולירט געווארן, האט אנגעזאמלט אן ערך זעקס טויזנט שטימען. אזוי ארום האבן זעקס טויזנט וויילער פאר־לוירן זייער וואלרעכט צום שטאטראט. אויב דער פארזיצער פון שטאט־ראט, דר. פיכנא, האלט, אז מיר האבן פארמעל נישט קיין רעכט זיך אריינ־

צומישן אין דעם ענין, וועל איך אים דערויף ענטפערן, אז טאקע דער שטאטראט, אין זיין איצטיקן צוזאמענשטעל, פונקציאנירט נישט לעגאל, ווייל לויטן געזעץ, וועגן וועלכן ס׳איז דא אזוי פיל גערעדט געווארן, אנט־שטייט דער שטאט־ראט פון אלגעמיינע און גלייכע וואלן. איך וועל זיך דערלויבן אפן צו זאגן, אז מיר ווייסן, אז אין איצטיקן מאמענט איז די אנטיקאמוניסטישע היסטעריע איינער פון די מיטלען, וואס די רעאקציע באנוצט פאר אירע פאליטישע צוועקן.

„אלע לאזונגען און צוזאגן האבן זיך ארויסגעוויזן פאר פאלש: דער יקרות און די נויט וואקסן, דער אומרו און אומצופרידנקייט פון די מאסן וואקסן אויך. מוז מען דאך די מאסן צוווארפן עפעס א ביסן. און צו דעם ציל דינט די אנטיקאמוניסטישע העצע״.

ליכטנשטיין ענדיקט זיין רעדע מיט א פארשלאג, אז דער שטאטראט זאל דערקלערן די וואלן פאר נישט־גילטיקע און דארף זיך אויפלייזן. דערביי גיט ער צו:

„דער פארזיצער, דר. פיכנא, האלט, אז די קאמוניסטן האבן אן אנ־דער באציאונג צו דער פוילישער מלוכה ווי ער אליין. איך האב אויך מיין אייגענע באציאונג צו דער פוילישער מלוכהשאפט: איך בין פאר אזא מלוכה, ווו עס הערשט דער ארבעטער״.

די רעאקציאנערע מערהייט פון שטאטראט, דער בלאק פון די ענדע־קעס, באדעקעס און ענפעראוועצעס, האט אין אירע ארויסטרעטונגען כסדר אטאקירט די פ.פ.ס., אויף וועמען זי האט ארויפגעווארפן די אויסשליסלעכע פאראנטווארטלעכקייט פאר דערווירטשאפט פון דער שטאט־פארוואלטונג אין די ערשטע נאכמלחמה־יארן. אגב, די נ.פ.ר. האט מיטגעארבעט מיט דער פ.פ.ס. ביז 1921, ווען זי האט רעזיגנירט פון אירע מאנדאטן און איבערגעלאזט די פ.פ.ס. אליין צו פארוואלטן מיט דער ארבעט.

אין לויף פון דער צייט איז די צוזאמענארבעט פון די סאציאליסטישע פראקציעס אין שטאטראט געווארן אן ענגערע און נאך 1927, ווען די רעכטע פארטייען האבן געליטן א גרויסע מפלה, איז צום ערשטן מאל אין לאדזשער שטאטראט געשאפן געווארן א בלאק פון די סאציאליסטישע פארטייען מיט אן אייגענעם פרעזידענט. דאס האט אנגעהאלטן ביז מיטן יולי 1933, ווען די שטאט־פארוואלטונג איז אויפגעלייזט געווארן לויט א באפעל פון אינערן־מיניסטער.

אבער לאמיר זיך אומקערן צום יאר 1923. דעם 29סטן נאוועמבער פאלט אויס דער יארטאג פונעם פוילישן אויפשטאנד קעגן צאריזם אין 1830. די זיצונג פון שטאטראט האט אין יענעם טאג געפירט דער וויצע־פארזי־צער, דער ציוניסט דר. יעזשי ראזענבלאט. ער האט געהאלטן א רעדע

געווידמעט דעם אויפֿשטאַנד און ביים סוף פֿאַרגעשלאָגן צו באַערן די דעמאָלסטיקע העלדן מיט אויפֿשטיין פֿון די ערטער. איך האָב נישט געהאַט קיין ספֿקות, אַז מען דאַרף טאַקע אויפֿשטיין און אָפּגעבן כבוד די געפֿאַלענע אויפֿשטענדלער. אָבער ליכטנשטיין האָט מיך צוריקגעהאַלטן. איך האָב פּרובירט אים איבערצוצייגן, אַז מיר דאַרפֿן אויפֿשטיין, אָבער ער איז געבליבן איינגעשפּאַרט. איך האָב געפֿילט אינסטינקטיוו, אַז נישט אויפֿשטעלנדיק זיך אין אַזאַ פֿייערלעכן מאָמענט, באַגייען מיר אַ פּאָליטישן פֿעלער, אָבער ליכטנשטיין איז געווען אַ מער דערפֿאַרענער ראַטמאַן און דערצו נאָך דער פֿאָרזיצער פֿון אונדזער פֿראַקציע; זיינען מיר ביידע, די איינציקע אין זאַל, געבליבן זיצן אויף אונדזערע ערטער. דער פֿאָרזיצער האָט פֿעסטגעשטעלט, אַז אַלע אַנוועזנדיקע האָבן באַערט די געפֿאַלענע קעמפֿער, אָבער איינער פֿון די רעכטע ראַטמענער האָט אויסגערופֿן, אַז צוויי ראַטמענער זיינען געבליבן זיצן. די רעכטע ראַטמענער האָבן אָנגעהויבן טומלען און שרייען „אַ שאַנדע", „אויסשליסן פֿון שטאָטראַט", און גלייך זיינען אַריינגעטראָגן געוואָרן פֿאָרמעלע פֿאָרשלאָגן וועגן אויסשלוס. באַלד האָבן זיך אויף אונדז אַ וואָרף געטאָן פֿון אַלע זייטן ווילד געוואָרענע מיטגלידער פֿון די רעכטע פֿראַקציעס און גענומען אונדז שלאָגן. מ'האָט אַ כאַפּ געטאָן ליכטנשטיינען און דעם פּועלי־ציוניסט האָלענדערסקי, וואָס איז יאָ אויפֿגעשטאַנען, און זיי אַרויסגעוואָרפֿן פֿון זאַל.

דער טומל האָט זיך נאָך פֿאַרשטאַרקט דערמיט, וואָס אויף דער גאַלעריע האָט מען אויך אָנגעהויבן שרייען און געוואַלדעווען. אַלע באַמיאונגען פֿונעם פֿאָרזיצער צו באַרואיקן די אויפֿגעברויזטע געמיטער און צו געבן מיר אַ וואָרט פֿאַר אַ דערקלערונג האָבן נישט געהאָלפֿן. סוף־כּל־סוף איז דערקלערט געוואָרן אַ הפֿסקה און די פֿאָרטרעטער פֿון די פֿראַקציעס זיינען אַוועק אויף אַ באַראַטונג. מצד אונדזער פֿראַקציע האָט זיך אין דער באַראַטונג באַטייליקט פּאָזנאַנסקי, וואָס איז נישט געווען ביים אָנהויב פֿון דער זיצונג און אַריין אין זאַל שוין נאָכן סקאַנדאַל.

בעתן איבעררייס האָבן די ציוניסטן און אָרטאָדאָקסן זיך באַמיט מיך צו איבערצייגן, אַז איך דאַרף פֿאַרלאָזן דעם זאַל און נישט באַשטיין דערויף, אַז מען זאָל מיר דערלויבן אָפּצוגעבן אַ דערקלערונג. זיי האָבן זיך אַפֿילו באַנוצט מיטן אַרגומענט, אַז אונדזער האַנדלונג קען דערפֿירן צו אַ פּאָגראָם אין שטאָט. איך האָב אָבער זיך געהאַלטן פֿעסט ביי מיין באַשלוס נישט צו לאָזן זיך טעראָריזירן און נישט צו פֿאַרלאָזן דעם זאַל ביז מען וועט מיר נישט געבן קיין מעגלעכקייט אויפֿצוקלערן פֿון דער טריבונע די מאָטיוון פֿאַר אונדזער האַנדלונג.

די פֿאַרטרעטער פֿון די פֿראַקציעס האָבן נישט געקענט קומען צו קיין הסכם וועגן דעם פֿאָרשלאַג אויסצושליסן ליכטנשטיינען און מיך פֿון שטאָט־ראַט. זיי האָבן אָבער באַשלאָסן מיר צו געבן אַ וואָרט פֿאַר אַ דערקלערונג.

די זיצונג האָט זיך צוריק געעפֿנט און איך האָב באַקומען דאָס וואָרט. דאָן זיינען אַלע ענפּעערישע, כאַדעקישע און ענדעקישע ראַטמענער אַרויס פֿון זאַל און זיך אומגעקערט ערשט נאָך דעם ווי איך האָב מיין דערקלערונג אָפּגעגעבן.

אָט דאָס איז די דערקלערונג לויט דער אָפֿיציעלער סטענאָגראַמע:

„מיר זיינען געבליבן אויף די ערטער נישט דערפֿאַר, ווייל מיר האָבן נישט געוואָלט אָפּגעבן כבוד די קעמפֿער פֿאַר פֿרייהייט. מיר ווייסן ווי אַזוי צו באַערן די העלדן. מיר זיינען נישט אויפֿגעשטאַנען פֿון אונדזערע פּלעצער נאָר דערפֿאַר, ווייל מיר נעמען קיין מאָל נישט קיין אָנטייל אין אַלגעמיינע נאַציאָנאַלע מאַניפֿעסטאַציעס. מיר האָבן זיך נישט אויפֿגע־הויבן פֿון די פּלעצער, ווייל דאָס איז אונדזער פּרינציפּיעלע שטעלונג זיך נישט צו באַטייליקן מיט אַנדערע גרופּירונגען אין מאַניפֿעסטאַציעס וואָס שאַפֿן אַ פֿיקטיווע נאַציאָנאַלע איינִיקייט.

„איך מוז אין נאָמען פֿון אונדזער פֿראַקציע קאַטעגאָריש פּראָטעסטירן קעגן דעם אופֿן ווי אַזוי די שטאָטראַט־מערהייט האָט רעאַגירט. מיר, בונ־דיסטן, זיינען אויסגעווײַלט געוואָרן פּונקט אַזוי ווי די מיטגלידער פֿון דער מערהייט. מיר זיינען אויסגעווײַלט געוואָרן אין שטאָטראַט, כדי דאָ אין נאָמען פֿון אונדזערע וויילער צו רעדן אַזוי ווי מיר האַלטן פֿאַר נייטיק. קיין מאָל וועלן מיר זיך נישט לאָזן דיקטירן ווי אַזוי מיר זאָלן האַנדלען. אין הסכם מיט אונדזער פּרינציפּיעלער שטעלונג וועלן מיר שטענדיק אין אַלע פֿראַגן אַרויסזאָגן דאָס, וואָס מיר האַלטן פֿאַר ריכטיק. מיר וועלן זיך נישט אונטערגעבן אַפֿילו אַזאַ טעראָר ווי דער, וואָס איז אָנגעווענדט גע־וואָרן קעגן אונדז אויף דער היינטיקער זיצונג. פֿאַרן רעכט צו רעדן פֿון דער דאָזיקער טריבונע, וואָס עס האָבן אונדז געשיקט אונדזערע וויילער, וועלן מיר קעמפֿן ווי לאַנג מיר וועלן קענען, און פֿון דעם אָרט און פֿון דעם רעכט וועלן מיר נישט אָפּטרעטן. איך פּראָטעסטיר אַם קאַטעגאָרישסטן קעגן די כוליגאַנישע מעטאָדן“.

דער פֿאָרזיצער, דר. ראָזענבלאַט האָט מיך גערופֿן צו אָרדענונג פֿאַרן באַנוצן דעם אויסדרוק „כוליגאַנישע“.

די רעאַקציאָנערע מערהייט האָט נישט דערלאָזט ווייטער אָנצוגיין מיט דער טאָג־אָרדענונג, נאָר גלייך אַריינגעטראָגן אַ דרינגנדיקן פֿאָרשלאַג וועגן אויסשליסן ליכטנשטיינען און מיך פֿון שטאָטראַט אויף שטענדיק. דערביי האָבן זיי זיך פֿאַררופֿן אויפֿן פּאַראַגראַף 28 פֿון דעקרעט וועגן שטאָט־פֿאַר־

וואַלטונגען פֿון 4טן פֿעברואַר 1919, וואָס האָט געגעבן דאָס רעכט די שטאָטראַטן אויסצושליסן א ראַטמאַן פֿאַר באַגיין א „שענדלעכע טאַט". מען האָט אונדז באַשולדיקט, אַז מיר האָבן באַליידיקט נישט נאָר די געפֿאַלענע אינעם אויפֿשטאַנד, נאָר אויך דאָס גאַנצע פּוילישע פֿאָלק.

איינער פֿון די רעדנער איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ער האָט דערקלערט, אַז מיט אונדזער האַנדלונג „האָבן מיר זיך סאָלידאַריזירט מיט די פֿריערדיקע און איצטיקע שונאים פֿון פּוילישן פֿאָלק און עפֿנטלעך דאָקומענטירט אונדזער גרייטקייט יעדע מינוט זיך צו שטעלן אין די רייען פֿון די פֿאַררעטער פֿון דער פּוילישער מלוכה".

דער פֿאָרשלאָג אונדז אויסצושליסן פֿון שטאָטראָט איז נאָך אַן אָפּשטימונג אָנגענומען געוואָרן. (די פֿראַקציעס פֿון דער פּ.פּ.ס. און פֿון דער דייטשער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי זיינען בעת דער אָפּשטימונג נישט אַנוועזנד געווען אין זאַל).

אונדזער האַנדלונג האָט אַרויסגערופֿן א שטאַרקע אויפֿרעגונג אין שטאָט. די פּרעסע אין לאָדזש און אין גאַנצן לאַנד האָט ברייט באַשריבן די געשעענישן אין שטאָטראַט, און אַלע האָבן אונדזער האַנדלונג פֿאַרורטיילט. אויך די חברים פֿון דער פּ.פּ.ס. און פֿון די דייטשע סאָציאַליסטן האָבן נישט פֿאַרשטאַנען אונדזער שטעלונג, כאָטש עפֿנטלעך האָבן זיי זיך נישט אָפּגעגרענעצט פֿון אונדז. אויך אונדזער לאָדזשער קאָמיטעט האָט די האַנדלונג געהאַלטן פֿאַר א נישט־ריכטיקע. צוליב דעם רושם אין לאַנד האָט דער צ. ק. פֿון „בונד" דעלעגירט קיין לאָדזש ערליכן. אין רעזולטאַט פֿון א ריי באַראַטונגען מיט אים זיינען מיר געקומען צום באַשלוס, אַז מיר מוזן אונדזער שטעלונג אויפֿקלערן פֿאַר דער עפֿנטלעכקייט. דעם 3טן דעצעמבער האָבן מיר אָנגעשריבן א בריוו צום פּרעזידיום פֿון שטאָטראָט און גלייכצייטיק אים אָפּגעדרוקט אין אונדזער צייטונג און אין דער אָרטיקער פּוילישער פּרעסע.

אָט דאָס איז דער טעקסט פֿון בריוו:

„אויף דער זיצונג פֿון שטאָטראָט דעם 29סטן נאָוועמבער ה. י. זיינען די אונטערגעשריבענע אויף אַן אומדערהערטן אופֿן באַפֿאַלן געוואָרן פֿון די ראַטמענער פֿון די מערהייט־פֿראַקציעס. די אַטמאָספֿער, וועלכע האָט זיך דערביי באַשאַפֿן, איז געווען אַזוי שווידערהאַפֿט, אַז ס'איז געווען אַבסאָלוט אויסגעשלאָסן אויף דער זיצונג גופֿא ווי געהעריק אויפֿצוקלערן אונדזער האַנדלונג. און דעריבער בעטן מיר די חשובע רעדאַקציע אָפּצודרוקן אונדזער פֿאָלגנדיקע דערקלערונג:

„שוין אין די פֿאַר ווערטער, וועלכע דער ה' מילמאַן האָט באַוויזן אַרויסצוזאָגן אויף דער שטאָטראָט־זיצונג פֿון 29סטן נאָוועמבער, האָט ער אונטער־

נעשטראכן, אז מיר זיינען געווען ווייט פונעם געדאנק אין דער מינימאלסטער מאס אנצורירן דעם אנדענק פון די העלדן פונעם נאוועמבער־אויפשטאנד. מיר זיינען טיף איבערצייגט, אז ס'קאן נישט זיין אין פוילן און אפילו אויסער פוילן קיין איין סאציאליסט, וועלכער איז ווערט צו טראגן אט דעם נאמען, וועלכער זאל זיך נישט באציען מיט דרך־ארץ און כבוד צו די, וואס האבן אויפגעהויבן די פאן פון אויפשטאנד קעגן דער געוואלט; וואס זיינען העלדיש געפאלן אינעם אומגלייכן קאמף פאר דער נאציאנאלער פרייהייט, פאר דעמאקראטיע. און ביי קיינעם פון אונדז וואלט נישט געקאנט אנטשטיין אפילו קיין שאטן פון ספק, אויב ס'וואלט זיך געהאנדלט וועגן באערן דעם אנדענק אויף אן ארבעטער־פארזאמלונג, אדער אפילו נאר אויף א דעמאקראטישער פארזאמלונג. אבער ס'האט זיך אונדז אויסגעוויזן פסיכאלאגיש אוממעגלעך צו פאראייניקן זיך צו א מאניפעסטאציע צום כבוד פון די העלדן פון אויפשטאנד, צו וועלכער ס'האבן געגעבן די איניציאטיוו די פארשטייער פון דער פוילישער און יידישער רעאקציע. אלס מענטשן, וואס שטייען אויף אן אויסגעהאלטענעם שטאנדפונקט, נעמען מיר קיין מאל נישט קיין אנטייל אין אזוי גערופענע 'אלגעמיין נאציאנאלע' מאניפעסטאציעס, וואס האבן שטענדיק פאר א ציל אונטערצוהאלטן די פיקציע פון אן אלגעמיין־נאציאנאלער הארמאניע פון אינטערעסן. דעם דאזיקן פרינציפ ווענדן מיר אן אין אינערלעך־יידישן לעבן נישט מיט א קלענערער קאנסעקווענץ ווי אינעם אלגעמיינעם לעבן פון לאנד. נישט בלויז אלס פיקציע נאר אויך אלס צביעות באנעמען מיר און פילן דאס, ווען מענטשן, וואס טרעטן יעדן טאג און יעדע שעה מיט די פיס די אידעען פון פרייהייט, גלייכקייט און דעמאקראטיע, ווען מענטשן וועמענס גאנצע געזעלשאפטלעך־פאליטישע טעטיקייט איז א שרייענדיקע און ציניש פארלייקענונג פון די דאזיקע אידעען, וואס פוצן זיך אין מאנטל פון אידעאישע יורשים פון יענע, וואס זיינען אומגעקומען אין קאמף פאר די דאזיקע אידעען. די אויספירער פון דער אידעאישער צוואה פון די מאכנאצקים און לעלעוועלס אינעם היינטיקן פוילן זיינען נישט די פארשטייער פון דער רעאקציע, נאר די ארבעטנדיקע מאסן, וואס ווערן אומברחמנותדיק באקעמפט פון דער רעאקציע. פון דעסט וועגן קומען מיר, נאך א רואיקן איבערלייגן זיך, צו דער איבערצייגונג, אז דער וועג, וועלכן מיר האבן אויסגעווילט אונטער דעם ערשטן איינדרוק (די פראגע איז ארויפגעשווומען אומגעריכטערהייט), כדי אויסצודריקן אונדזער שטעלונג, איז נישט געווען קיין געלונגענער. דער חילוק צווישן אונדזער באציאונג צו די העלדן פון נאוועמבער־אויפשטאנד און די באציאונג פון די רעכטע, האבן מיר געקענט אויפ־

קלערן אין אַ דערקלערונג, אויף דער פֿאָדערונג צו באַערן זייער אָנדענק האָט מען פֿון דעסט וועגן געדאַרפֿט אויפֿשטיין.

„דער רעכטער פֿליגל פֿון שטאָטראַט האָט קוואַליפֿיצירט אונדזער האַנדלונג אַלס אַ 'שענדלעכע טאַט'. זיי האָבן אויסדריקלעך געוווּסט, אַז זיי האָבן נישט דערצו נישט קיין מאָראַלישע און נישט קיין פֿאָרמעלע רעכט. דער ווילדער, ברוטאַלער אָנפֿאַל, ווי אויך דער באַשלוס וועגן אויס־שליסן אונדז פֿון שטאָטראַט זײַנען אַקטן פֿון געוואַלט און ברוטאַליטעט לגבי קעגנער, וואָס האָבן עקשנותדיק און מיט אַלע כוחות פֿאַרטיידיקט די אַרבעטער־אינטערעסן קעגן די אָנגריפֿן פֿון דער רעאַקציע. קעגן דער דאָזיקער גוואַלטטאַט פּראָטעסטירן מיר אויפֿן ענערגישסטן אופֿן.

„מיט זייער האַנדלונג אויף דער דאָנערשטיקדיקער זיצונג האָבן די פֿאָרשטייער פֿון דער רעאַקציע אין לאָדזשער שטאָטראַט באַשיימפּערלעך באַוויזן, וואָס פֿאַר אַ מאָראַלישן ווערט ס'האָט זייער דרך־ארץ פֿאַר דעם אָנדענק פֿון די העלדן פֿון נאָוועמבער־אויפֿשטאַנד. נישט פֿאַר דעם רעכטן פֿליגל פֿון שטאָטראַט שרייבן מיר דעריבער די דאָזיקע שורות. מיר שרייבן זיי פֿאַר דער פּראָלעטאַרישער און אויפֿריכטיק־דעמאָקראַטישער געזעל־שאַפֿטלעכער מיינונג פֿון לאָדזש און פֿון גאַנצן לאַנד. פֿאַר דער דאָזיקער גע־זעלשאַפֿטלעכער מיינונג האָבן מיר זיך שטענדיק געהאַלטן געזעלשאַפֿטלעך".

די פֿראַגע וועגן אונדזער אויסשלוס איז באַהאַנדלט געוואָרן אויף אַ ריי מיטינגען און אַרבעטער־קאָנפֿערענצן אין לאָדזש און אַלע האָבן איינשטימיק פֿאַראורטיילט דעם דאָזיקן באַשלוס ווי אַ ברוטאַלן, נישט־געזעצלעכן אַקט מצד דער מערהייט.

פּאָזנאַנסקי האָט אויף דער נאָענטסטער זיצונג פֿון שטאָטראַט שאַרף פּראָטעסטירט קעגן אונדזער אויסשלוס און אויך פֿאַראורטיילט די האַנד־לונג פֿונעם פּאָרזיצער. אויף אַ זיצונג פֿון די פֿאַרטרעטער פֿון די פֿראַק־ציעס אין שטאָטראַט האָט פּאָזנאַנסקי צוזאַמען מיט די פֿאַרטרעטער פֿון דער פּ.פּ.ס. און פֿון די דייטשע סאָציאַליסטן געפֿאָדערט דער שטאָטראַט זאָל רעווידירן דעם באַשלוס. די ציוניסטן האָבן נישט געהאַט קיין מוט צו אונטערשטיצן דעם פֿאָרשלאַג, די אָרטאָדאָקסן האָבן געהאַלטן דעם ענין פֿאַר אַ דערליידיקטן און די פֿאַרטרעטער פֿון די רעכטע זײַנען געווען קעגן רעווידירן דעם באַשלוס.

די וואָיעוואָדזטווע, וואָס האָט געהאַט די אויפֿזיכטמאַכט איבער די שטאָטישע פֿאַרוואַלטונגען האָט נישט געפֿונען קיין שום געזעצלעכן גרונט צו באַשטעטיקן דעם באַשלוס און געפֿאָדערט פֿון שטאָטראַט אים צוריק־צוציען. ווען די רעכטע מערהייט האָט דעם פֿאָרשלאַג פֿון דער וואָיע־

ווידזטווע אָפּגעוואָרפֿן, האָט דער פֿאָרזיצער אין אַ צייט אַרום מיטגעטיילט דעם שטאָטראַט, אַז די אויפֿזיכטמאַכט האָט אַנולירט דעם באַשלוס וועגן דעם אויסשלוס. די וואָיעוואָודזטווע האָט איינגעפֿונען, אַז די „אויפֿפֿירונג פֿון די ראַטמענער ליכטנשטיין און מילמאַן האָט נישט אין זיך קיין סימנים פֿון אַ שענדלעכן אַקט אינעם זין פֿון אַרטיקל 28 פֿונעם דעקרעט וועגן שטאָטישע זעלבסטפֿאַרוואַלטונגען".

די רעכטע מערהייט האָט באַשלאָסן צו אַפּעלירן צום אינערן־מיניסטעריום. אין נאָוועמבער 1924 האָט דאָס מיניסטעריום אָפּגעוואָרפֿן די אַפּעלאַציע. די מערהייט האָט אָנגעגעבן אַ קאַסאַציע צום העכסטן טריבונאַל. דעם 28סטן דעצעמבער 1925 האָט דער העכסטער אַדמיניסטראַטיווער טריבונאַל באַטראַכט די קאַסאַציע פֿון שטאָטראַט און זי אָפּגעוואָרפֿן. די מאָטיווירונג איז געווען:

„דאָס דעמאָנסטראַטיווע אָפּזאָגן זיך אָנטייל צו נעמען אין דער מאַניפֿעסטאַציע, נישט געקוקט דערויף וואָס עס האָט געקענט אַרויסרופֿן אַ פֿאַרשטענדלעכע אויפֿרעגונג ביי דער מערהייט פֿון שטאָטראַט, קען נישט באַטראַכט ווערן ווי אַ שענדלעכע טאַט אינעם זין פֿון אַרטיקל 28 פֿונעם דעקרעט פֿון די שטאָט־פֿאַרוואַלטונגען, ווייל דערמיט זיינען נישט באַליידיקט געוואָרן די אַלגעמיין אָנגענומענע פּרינציפּן פֿון עטיק און מאָראַל".

מיר האָבן אָפּגעהאַלטן אַ געזעצלעכן זיג איבער אונדזערע רעאַקציאָנערע און אַנטיסעמיטישע שונאים. אָבער אונדזער שריט האָט אונדז אָן שום ספֿק געבראַכט אַ שאָדן און אַרונטערגעריסן אונדזער פּרעסטיזש. די פּאָליטישע קאָמפּראָמיטאַציע וואָלט געקענט אויסגעמיטן ווערן, אויב ליכטנשטיין, באַהערשט פֿון עמאָציעס, וואָלט רואיקער אָפּגעשאַצט די פּאָליטישע קאָנסעקווענצן פֿון אונדזער האַנדלונג.

די רעאַקציאָנערע מערהייט האָט נישט געוואָלט שלום מאַכן מיטן פֿאַקט, אַז זי האָט פֿאַרשפּילט אין אַלע אַדמיניסטראַטיווע און געריכטלעכע אינסטאַנצן. עס האָט גענומען אַ היפּש ביסל צייט ביז די רעכטע און זייערע אָנהענגער אויף דער גאַלעריע האָבן אָפּגעשטעלט די ווילדע געשרייען בעת אונדזערע אַרויסטרעטונגען. די טאַקטיק פֿון דער רעאַקציאָנער מערהייט האָט אין אַ געוויסער מאָס צוגעהאָלפֿן דער צוזאַמענאַרבעט פֿון די דריי סאָציאַליסטישע פֿראַקציעס. אָפֿט פֿלעגן מיר אַריינטראָגן געמיינזאַמע אינטערפּעלאַציעס, פֿאָרשלאָגן און אויך פּראָטעסטן קעגן דער האַנדלונג פֿון דער מערהייט.

אין די יאָרן 1924, 1925 און אין דער ערשטער העלפֿט פֿון 1926 האָט פּוילן און ספּעציעל לאָדזש איבערגעלעבט אַ שווערן עקאָנאָמישן קריזיס, וואָס האָט פֿאַרקלענערט די שטאָטישע הכנסות און ממילא אויך די אויס־



**יובל-פייערונג פון „בונד", לאָדז**

פון רעכטס צו לינקס: ב. ווירעוואָסקי, מנחם זילבערשטיין, ר. פּערגאַמענט, ראָזע אייכנער, ש. מילמאַן, גאָלדע יאַקובאָוויטש, פּיניע נוטקיעוויטש, א. ל. זעלמאַנאָוויטש, סערגיי נוטקיעוויטש, יוזעף פּאָרטנאָי, צערבע (דייטשער סאָציאַליסט), חיים לייב פּאָזנאָנסקי, ראַפּאַלסקי (פּפּס), שמואל בינשטאָק, יעקב אונגעלטשיק, אַ יוגנטלעכער, ישראל ליכטנשטיין.

גאבן. דער קריזיס האט קודם־כל געטראפן די ארעמסטע טיילן פון דער באפעלקערונג און דערפירט דערצו, אז עס זאל ארונטערגעריסן ווערן דער פרעסטיזש פון דער רעכטער מערהייט אין שטאטראט.

אויף א זיצונג דעם 5טן מערץ 1925 האט ליכטנשטיין געפאדערט פון מאגיסטראט אן ענטפער אויף א פריערדיקן פארשלאג פון דער בונדישער פראקציע. מיר האבן געפאדערט, אז די רעגירונג זאל אויסברייטערן דאס געזעץ וועגן ארבעטסלאזע אזוי, אז אויך די באשעפטיקטע אין קלענערע אונטערנעמונגען זאלן פון אים קענען געניסן. ליכטנשטיין האט אנגעוויזן, אז פון די אן ערך 200 טויזנט ארבעטסלאזע איז נאר א קליינער טייל בארעכטיקט צו באקומען אונטערשטיצונג, און צענטליקער טויזנטער, וואס זיינען באשעפטיקט אין קליינע אונטערנעמונגען, באקומען נישט קיין שום מלכהשע שטוצע. אין אט א דער לאגע האבן זיך דאס רוב געפונען די יידישע ארבעטער, דער עיקר א דאנק דער פאליטיק פון דער גאנצער בורזשואזיע, דער יידישער אריינגערעכנט, וואס האט באיקאטירט יידישע ארבעטער.

ליכטנשטיינס רעדע האט ווי געוויינטלעך ארויסגערופן א גרויסן סקאנדאל אין זאל, און ער האט זיך געווענדט צו די טומלער: „עס וועט זיך אייך נישט איינגעבן אונדז צו פארשרייען. מיר געפינען זיך דא, כדי צו פארטיידיקן די באדערפענישן פון די צום מיינסטן געקריוודעטע, און מיט אבסטרוקציעס און טומלעניש וועט איר זייער שטים נישט אפשטעלן".

א פאר חדשים שפעטער האט ליכטנשטיין ווידער אנגעוויזן אויף דער גלייכגילטיקייט פון מאגיסטראט צו דער נויט פון די יידישע ארבעטער און געבראכט ווי א ביישפיל, אז צווישן די 2,600 פוילישע ארבעטער ביי די קאנאליזאציע־ארבעטן איז נישט באשעפטיקט קיין איין יידישער ארבעטער. די ענדעקעס האבן דערביי געמאכט א צווישנרוף, אז די „יידישע ארבעטער זיינען פויל און ווילן נישט גראבן קיין ערד".

דער מערהייטסבלאק פלעגט אויסנוצן יעדער געלעגנהייט כדי צו אטאקירן די בונדיסטן און דערמאנען, אז זיי האבן נישט געוואלט באערן די געפאלענע העלדן פון אויפשטאנד. אזא אטאק איז ווידער פארגעקומען אויף דער זיצונג דעם 27סטן מאי 1926. ליכטנשטיין האט דערויף געענטפערט: „איך בין געווען א ראטמאן אין אלע פריערדיקע שטאט־ראטן, אבער קיין איין מאל האט די מערהייט נישט ארויסגעוויזן אזא אומטאלעראנץ צו דער מינדערהייט, ווי מיר זעען עס איצט. עס האט קיין מאל נישט פאסירט אז די מערהייט זאל אויסנוצן איר פיזישע איבערמאכט, כדי צו טעראריזירן די מינדערהייט. איר, מיינע הערן, האט גאנץ גוט געוווּסט, אז אונדזער האנדלונג איז נישט געווען געריכטעט קעגן דעם פוילישן פאלק. מיר

ווייסן זייער גוט ווי אזוי אָפּצוגעבן כבוד די ליכטיקע געשטאַלטן פונעם נאָוועמבער־אויפשטאַנד. מיר גלויבן אָבער, אַז נישט די מערהייט אין איצטיקן שטאַטראַט, נאָר מיר, מיט אונדזער קאַמף פאַר אַ סאָציאַליסטיש פוילן, פאַרווירקלעכן די אידעען פון די מאַכנאַצקיס און לעלעוועלס".

אויף אַ זיצונג דעם 28סטן אָקטאָבער 1926 האָט דער שטאָט־פּרעזידענט צינאַרסקי פאַרטיידיקט דעם פאָרשלאַג פון מאַגיסטראַט צו באַשטימען אַ יערלעכן פּרייז פון 15 טויזנט זלאָטעס פאַר פוילישע שרייבער. באַלד נאָך דעם האָט ליכטנשטיין אַריינגעטראָגן אַ פאָרשלאַג, אַז דער מאַגיסטראַט זאָל אויך באַשטימען אַזאַ יערלעכן פּרייז אין דער הייך פון 10 טויזנט זלאָ־טעס פאַר יידישע שרייבער. ליכטנשטיין האָט אָנגעהויבן זיין רעדע מיט אַ פעסטשטעלונג, אַז נישט אָפּט קומט אים אויס פון דער טריבונע זיך צו סאָלידאַריזירן מיט די פאָרשלאָגן פון מאַגיסטראַט. דאָס מאָל אָבער טוט ער עס מיט פאַרגעניגן. אָט זיינען עטלעכע אויסצוגן פון זיין רעדע:

„...לויט מיין מיינונג איז דער חוב פון אַ זעלבסטפאַרוואַלטונג און פון געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס בכלל צו שטיצן די פאָלקס־ליטעראַ־טור. שרייבער און פּאָעטן געפינען זיך איצט אין אַ זייער שווערן און באַדויערנסווערטן מצב. עס איז דעריבער אין דעם פאַל דער חוב פון שטאָטראַט אויך זיי אַרויסצוהעלפן אויף אַזאַ אַדער אַנדערן אופן"...

„איך מוז אָבער אויפמערקזאַם מאַכן אויף נאָך אַ זאַך: דער ראַט פון דער שטאָט לאָדזש איז אַ פאָרשטייער נישט נאָר פון דער פוילישער באַפעל־קערונג נאָר אויך פון אַלע אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן. אינעם איצטיקן מאָמענט רעד איך וועגן יידן און דער יידישער ליטעראַטור, וואָס געפינט זיך נאָך אין אַן ערגערן מצב ווי די פוילישע. און פונקט אַזוי ווי די פוילישע ליטעראַטור דאַרף זיין נאָענט צום האַרצן פון יעטוועדן פּאָלאַק, אַזוי דאַרף די יידישע זיין נאָענט צום האַרצן פון יעטוועדן ייד. אויב מיר ווילן נאָך נעמען אין באַטראַכט, אַז די יידישע ליטעראַטור איז די ליטע־ראַטור פון אַ פאָלקסמאַסע, וואָס האָט נישט קיין אָנשפּאַר אין אַנדערע קרייזן, וועט דער באַשלוס פון מאַגיסטראַט צו שטיצן ליטעראַטור נישט זיין קיין פולער, אויב ער וועט איגנאָרירן די ליטעראַטור פונעם יידישן פאָלק...

„עס איז נישט אין די אינטערעסן פון דער פוילישער ליטעראַטור צו אונטערדריקן און איגנאָרירן אַנדערע ליטעראַטורן. וואָס ברייטער עס אַנט־וויקלט זיך די פוילישע ליטעראַטור, וואָס טיפער זי דרינגט אַריין אין די פוילישע מאַסן, אַלץ מער הייבט זיך איר קולטורעלער ניוואָ. און פונקט אַזוי זיינען אין דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער ליטעראַטור פאַראינטע־רעסירט די איינוווינער פון שטאָט און לאַנד. דעריבער איז דער שטאָט־

ראַט מחויב נישט צו פֿאַרנאַכלעסיקן די באַדערפֿענישן פֿון אַ טייל פֿון דער באַפֿעלקערונג אין אונדזער שטאַט".

בעת דער דיסקוסיע האָט דער ענדעקישער לערער נאָוואָצקי געזאָגט, אַז יידיש איז אַ „זשאַרגאָן". אין זיין ענטפֿער האָט זיך ליכטנשטיין פֿאַררופֿן אויף אַן אַרבעט פֿון דער קראָקעווער וויסנשאַפֿטלעכער אַקאַדעמיע, וואָס האָט פֿעסטגעשטעלט, אַז „די יידישע שפּראַך איז פּונקט אַזאַ שפּראַך ווי יעדע אַנדערע. יעטוועדע אַנדערע קוואַליפֿיקאַציע פֿון יידיש, האָט ער געזאָגט, איז אַ רעזולטאַט פֿון אַריבערטראָגן דעם האַס צו יידן אויף זייער שפּראַך, אָדער פֿון איגנאָראַנץ". ליכטענשטיין האָט צוגעגעבן, אַז אין אַלע לענדער, וווּ עס געפֿינען זיך גרויסע מאַסן יידישע אַרבעטער, פֿאָדערן זיי די זעלביקע רעכט ווי דער „בונד" אין פּוילן.

די רעאַקציאָנערע מערהייט פֿון שטאָטראַט איז זיך צעפֿאַלן אין פֿעברואַר 1927, בעת דער דעבאַטע אַרום בודזשעט. ליכטענשטיין האָט אונטערגעצויגן אַ סך־הכל פֿון איר טעטיקייט אין משך פֿון די לעצטע דריי און אַ האַלב יאָר און אויף דער זיצונג דעם 3טן פֿעברואַר 1927 האָט ער צווישן אַנדערן געזאָגט:

„איך מוז פֿעסטשטעלן, אַז אין גאַנץ פּוילן וועט מען נישט געפֿינען קיין איין שטאָט־פֿאַרוואַלטונג, וואָס זאָל זיך אויף אַזאַ נישט דערלאָזבאַרן אופֿן באַציען צו דער יידישער אַרבעטנדיקער באַפֿעלקערונג. מיר האָבן די גאַנצע צייט געפֿאָדערט אַ גלייכבאַרעכטיקונג אויף אַלע געביטן, דער עיקר אויפֿן געביט פֿון אַרבעט. אָבער אויף אַלע אונדזערע פֿאָדערונגען האָט מען געענטפֿערט מיט אַנטיסעמיטישע העצעס. מיר האָבן געפֿאָדערט רעכט פֿאַר אונדזער שפּראַך, פֿאַר יידיש. איך דערמאָן זיך, אַז אין 1906, בעת איך בין געווען אַ פֿאַרוואַלטער פֿון אַ יידישער שולע אין וואַרשע, איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אַ דעקרעט, וואָס האָט פֿאַרבאָטן צו לערנען פּויליש אין די יידישע שולן. איך בין אַוועק צום שול־אינספּעקטאָר און צווישן אַנדערן באַנוצט אויך דעם אַרגומענט. אַז בירגער, וואָס לעבן און אַרבעטן אין אַ לאַנד, מוזן אויך קענען די שפּראַך פֿון דעם לאַנד. דער ענטפֿער איז געווען: 'מיר פֿאָדערן פֿון אייך צו טאָן דאָס, וואָס מיר הייסן. מיר האָבן די מאַכט און וועלן באַווייזן אייך צו צעברעכן'".

דערביי איז אויסגעבראָכן אַ טומל אין זאַל, אָבער ליכטענשטיין רעדט ווייטער:

„מיט 20 יאָר צוריק האָב איך געהאַט אַ פּראָצעס פֿאַר לערנען די קינדער אין געהיים די פּוילישע שפּראַך און זיך נישט דערשראָקן. אויך פֿאַר אייך האָב איך קיין מורא נישט. אייערע געשרייען באַווייזן נאָר אויף וואָס פֿאַר אַ נידעריקן ניוואָ איר, טומלער, שטייט".

זיין רעדע האָט ליכטענשטיין פֿאַרגעזעצט דעם 9טן פֿעברואַר און גע־פֿאָדערט די שטאָט־פֿאַרוואַלטונג זאָל ענדלעך באַשטימען סובסידיעס פֿאַר אונדזערע צוויי יידישע וועלטלעכע שולן — די מעדעם־שול און באַרוכאָוו־שול. דערביי האָט ער געזאָגט: „אונדזער פֿאָדערונג איז אַ פּשוטע און אַ פֿאַרשטענדלעכע פֿאַר אַלע, וואָס באַטראַכטן זי אָן פֿאָראורטיילן. אָט האָב איך ערשט היינט געלייענט אין דער פּרעסע, אַז אין ליטע שטעלן די פֿאַלאַקן אַרויס די זעלביקע פֿאָדערונגען. הגם די פֿראַגע קאָן געלייזט ווערן נאָר אויף אַן אַלגעמיין־מלוכהשן אופֿן, האַלטן מיר, אַז די שטאָט־פֿאַר־וואַלטונג, וואָס אירע אויפֿגאַבן זיינען ריין פּראַקטישע, האָט נישט קיין רעכט צו איגנאָרירן די באַדערפֿענישן פֿון שוין עקזיסטירנדיקע אינסטי־טוציעס. אויב די יידישע אַרבעטער האָבן מיט אייגענע כוחות געשאַפֿן אַ נעץ פֿון אַזעלכע שולן, איז עס אַ באַווייז ווי די נייטיק זיי זיינען פֿאַרן יידישן אַרבעטער־קלאַס און פֿאַר די אָרעמע יידישע מאַסן". ליכטענשטיין פֿאַר־ענדיקט מיט דער פֿעסטשטעלונג: „לויט אונדזערע ידיעות ווערן שוין די דאָזיקע שולן היינט צו טאָג געשטיצט פֿון שול־פֿאַרוואַלטונגען אין 40 שטעט".

די בונדישע פֿראַקציע האָט פֿאַרשטאַנען, אַז אויך דאָס מאָל וועט די מערהייט פֿון שטאָטראַט נישט נאָכגעבן אונדזערע פֿאָדערונג. מיר זיינען דעריבער גרייט געווען אָנצוווענדן דאָס לעצטע מיטל — אָבסטרוק־ציע. מיר האָבן באַשלאָסן אַריינצוטראָגן אַן אויסבעסערונג צו יעדער פּאָזיציע אין בודזשעט און זי באַגרינדן, אין הסכם מיטן רעגולאַמין, אין פֿאַרלויף פֿון דריי מינוט (דער בודזשעט האָט געהאַט 2,300 פּאָזיציעס). נאָך עטלעכע זיצונגען, בעת וועלכע מיר האָבן אָנגעהאַלטן די געפּלאַנטע אָבסטרוקציע, האָט זיך די מערהייט אַרומגעזען, אַז זיי דאַרפֿן זוכן מיט־לען אונדז צוצומאַכן די מיילער, כדי דער בודזשעט זאָל צו דער באַשטימ־טער צייט אָנגענומען ווערן. עס איז זיי נאָר געבליבן איין אויסוועג: ענדערן דעם רעגולאַמין אַזוי, אַז די אָבסטרוקציע זאָל מוזן אָפּגעשטעלט ווערן. דעם 24טן פֿעברואַר איז דער נייער רעגולאַמין באַשטימט געוואָרן.

די בירגערלעכע יידישע ראַטמענער זיינען געקומען צו הילף דער רעאַק־ציאָנערער מערהייט ביים ענדערן דעם רעגולאַמין. וועגן דעם לעצטן עטאַפּ פֿון אונדזער קאַמף אין שטאָטראַט פֿאַר סובסידירן די וועלטלעכע יידישע שולן שרייבט ליכטנשטיין אין „לאָדזשער וועקער" דעם 3טן מאַרץ 1927. מיר ברענגען עטלעכע אויסצוגן:

„בעת דער ענערגישער קאַמף פֿון אונדזערע חברים האָט אַריינגעטריבן די שוואַרצע אַנטיסעמיטישע מערהייט אין אַ טעמפּן ווינקל, ווען עס האָט זיך געקענט דוכטן, אַז די שוואַרצע באַנדע, וועלנדיק זיך האַלטן כאָטש

אין א שאָטן פֿון גערעכטיקייט, וועט מוזן גיין אויף הנחות, ווען אַרום אונדזערע ראַטמענער האָבן זיך גרופּירט אַלע נישט־יידישע סאָציאַליסטן, פֿאָרשטייער פֿון דעם פּוילישן און דייטשן פּראָלעטאַריאַט, און אויף אַן ענערגישסטן אופֿן אונדז אונטערשטיצט אינעם קאַמף — אין דער זעלביקער צייט זיינען צו הילף דער שוואַרצער אַנטיסעמיטישער חברותא אַרויסגע־טרעטן „אונדזערע" ציוניסטן און אָרטאָדאָקסן. בשעת עס האָט געזאָלט דעצידירט ווערן דער גורל פֿון דעם אָבסטרוקציע־קאַמף פֿון אונדזערע חברים ראַטמענער, האָבן זיך די ציוניסטישע און אָרטאָדאָקסישע ראַטמע־נער אַלע ווי איינער צוגעשטעלט און האָבן אַלע מיט זייערע שטימען אַדורכ־געפֿירט דעם שענדלעכן רעגולאַמין, וועלכער האָט פֿאַרשלאָסן דאָס מויל פֿון אונדזערע חברים, באַרויבט זיי פֿון די רעשטלעך פֿון פּאַרלאַמענטאַ־רישן רעכט און מיט דעם צעבראָכן און צו נישט געמאַכט די רעזולטאַטן פֿון דעם העלדישן קאַמף. מיט זייער טאַט האָבן די ציוניסטן און אָר־טאָדאָקסן מיטגעהאָלפֿן ריינוואַשן דעם 'כבוד' פֿון די שוואַרצע העלדן, וואָס זיינען דורך אונדזערע חברים צוגעדריקט געוואָרן צו דער וואַנט".

דעם 25סטן מאַי 1927 איז ליכטנשטיין דאָס לעצטע מאָל אַרויסגע־טרעטן אין דעם רעאַקציאָנערן שטאָט־ראַט. קורץ נאָך דעם איז דער שטאָט־ראַט דורך דער רעגירונג פֿונאַנדערגעלאָזט געוואָרן. ליכטענשטיינס לעצטע רעדע איז געווען געווידמעט דעם באָיקאָט אויף יידישע אַרבעטער ביי די שטאָטישע אַרבעטן. צווישן די 3,500 אַרבעטער באַשעפֿטיקטע ביי די עפֿנטלעכע אַרבעטן זיינען געווען נישט מער ווי 50 יידן.

## גרויסער סאָציאַליסטישער זיג ביי די נייע שטאָטראַט־וואַלן.—עס ווערט געשאַפֿן אַ סאָציאַליסטישע שטאָט־פֿאַרוואַלטונג

דעם 9טן אָקטאָבער 1927 זיינען פֿאָרגעקומען נייע וואַלן צום שטאָט־ראַט. די נ.פּר. און זייערע שותּפֿים פֿון דער פֿריערדיקער מערהייט האָבן געליטן אַ געוואַלטיקע מפּלה און אַלע סאָציאַליסישע פּאַרטייען האָבן אָפּ־געהאַלטן אַ גרויסן זיג.

ווי אין אָנהייב 1919, איז אויך דאָס מאָל די פּ.פּ.ס. געשטאַנען אויפֿן ערשטן אָרט צווישן די פּוילישע אַרבעטער־פּאַרטייען. אַנשטאָט 9 ראַט־מענער, וואָס זי האָט דורכגעפֿירט בעת די וואַלן אין מאַי 1923, האָט זי איצט באַקומען 55,702 שטימען און דורכגעפֿירט 21 ראַטמענער. דאַקעגן די צאָל ראַטמענער פֿון די נ.פּ.ר. איז געפֿאַלן פֿון 20 אויף 5. אַן ענלעכע

מפלה האָבן געליטן די ענדעקעס און באָדעקעס. עס איז געוואַקסן די צאָל שטימען פאַרן „בונד", דייטשע סאָציאַליסטן און פועלי-ציון. אַנשטאָט די 8,081 אין 1923 האָט דער „בונד" איצט באַקומען 13,993 שטימען און דורכגעפירט 5 ראַטמענער — ליכטענשטיינען, פאָזנאַנסקין, מאַרגאָליסן, מיל-מאַנען און מאַרגענטאַלערן. שפּעטער האָט מאַרגאָליסן, וואָס איז אַריין אין מאַגיסטראַט, פאַרטרעטן די חברטע ראָזע אייכנער.

די קאָמוניסטישע ליסטע מיט 6 טויזנט שטימען, וואָס איז געפאַלט געוואָרן אין 1923, האָט איצט באַקומען קרוב 40 טויזנט שטימען.

נאָך אין פריערדיקן שטאָט-ראַט האָט זיך איינגעשטעלט אַ צוזאַמענ-אַרבעט צווישן די דריי סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. זי האָט זיך שפּעטער אויסגעברייטערט אויף געמיינזאַמע אַקציעס אויך אויסערן שטאָטראַט. די פּאָליטישע דערנענטערונג איז געוואָרן מעגלעך אַ דאַנק דעם, וואָס די פּ.פּ.ס. האָט געענדערט איר באַציונג צום סאַנאַציע-רעזשים, וואָס האָט זיך וואָס אַ מאָל מער געשטיצט אויף די גרויסע ערדבאַזיצער און שטאָטישע אינדוסטריעלע. די סאַנאַציע האָט זיך באַמיט אָפּצושוואַכן די זעלב-שטענדיקע, אומאָפּהענגיקע פּאָליטישע און פּראָפעסיאָנעל-אָרגאַניזירטע אַר-בעטער-באַוועגונג דערמיט, וואָס זי האָט דורכגעפירט שפּאַלטונגען אָדער געשאַפן אייגענע אָרגאַניזאַציעס, אָנגעפירטע פון רעגירונגס-מענטשן. אין רעזולטאַט דערפון האָבן אין דער פּ.פּ.ס. געוווּנען די אויבערהאַנט די לינקע עלעמענטן. די נייע אָנפירונג האָט געהאַלטן פאַר מעגלעך אַ צוזאַמענ-אַרבעט פון צייט צו צייט מיט די קאָמוניסטן, הגם נישט אָפיציעל, ווייל זיי זיינען אין פּוילן געווען אַן אומלעגאַלע פּאַרטיי, ווי אויך אַ סיס-טעמאַטישע צוזאַמענאַרבעט מיטן „בונד" און דער דייטשער אַרבעטס-פּאַרטיי. איך וויל דערביי דערמאָנען, אַז לאָדזש האָט געהערט צו די גע-ציילטע שטעט אין פּוילן, ווו די צוזאַמענאַרבעט צווישן דער פּ.פּ.ס. און דעם „בונד", דער עיקר אויפן געביט פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, האָט זיך אָנגעהויבן נאָך בעת דער ערשטער וועלט-מלחמה.

דער אויסגאַנג פון די וואַלן האָט גורם געווען, אַז צום ערשטן מאָל האָט אין לאָדזש געקענט געשאַפן ווערן אַ סאָציאַליסטישע שטאָט-פאַר-וואַלטונג. די פאַרשטענדיקונג צווישן די דריי סאָציאַלסיטשע פּאַרטייען איז נאָך לענגערע אונטערהאַנדלונגען דערגרייכט געוואָרן. עס איז פאַר דער פּ.פּ.ס. נישט לייכט געווען איינצוגיין אויף אַן ענגער צוזאַמענאַרבעט מיט „בונד". זי האָט געמוזט רעווידירן איר באַציונג צו די פאָדערונגען פון די יידישע אַרבעטער, ווייל אָן אַזאַ רעוויזיע וואָלט קיין רייד נישט געקאָנט זיין, אַז מיר זאָלן איינגיין אויף אַ צוזאַמענאַרבעט. אָט האָט

דאָך אין די יאָרן פֿון פֿעברואַר 1919 ביז פֿרילינג 1923 די פּ.פּ.ס. צוזאַמען מיט דער נ.פּ.ר. געשאַפֿן אַ מערהייט אין שטאָט־ראַט און געווען פֿאַראַנט־וואָרטלעך פֿאַרן אָפּוואַרפֿן אונדזערע גערעכטע פֿאָדערונגען. איצט האָט זי געמוזט נישט נאָר פּרווון באַזייטיקן די עוולות, וואָס זיינען באַגאַנגען געוואָרן לגבי דער יידישער באַפֿעלקערונג, נאָר אויך נעמען אויף זיך די אויפֿגאַבע אויפֿצוקלערן פֿאַר דער פּוילישער געזעלשאַפֿט דעם פּרינציפּ פֿון גלייכבאַרעכטיקונג פֿון די יידן אויפֿן געביט פֿון קולטור.

די זעקס יאָר, וואָס די סאָציאַליסטישע שטאָט־פֿאַרוואַלטונג האָט עקזיסטירט, האָבן באַוויזן, אַז די פּ.פּ.ס. האָט איר אויפֿגאַבע דערפֿילט. די סאָציאַליסטישע מערהייט האָט געאַרבעט מער אָדער ווייניקער האַרמאָניש. ביסלעכווייז האָט זיך געשאַפֿן אַן אַנדערע באַציִונג צו די פֿאָדערונג פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג. יידישע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע זיינען געוואָרן באַשעפֿטיקט פֿון דער שטאָט, יידישע אונטערנעמער און געשעפֿט־איינגנטימער האָבן באַקומען שטאָטישע באַשטעלונגען. פֿון די שטאָטישע הילפֿס־אַנסטיטוציעס האָט געגאָסן אויך די יידישע אָרעמקייט. עס זיינען באַשטימט געוואָרן סובסידיעס פֿאַר די יידישע וועלטלעכע שולן, אָוונטקורסן, ביבליאָטעקן, פֿאַרן יידישן טעאַטער, ספּאָרט־געזעלשאַפֿטן און אויך פֿאַר אַזעלכע אינסטיטוציעס ווי „אָרט", „טאָז", „ייוואָ" און אַנדערע.

צום ערשטן מאָל האָט דער „בונד" געהאַט זיינעם אַ פֿאָרשטייער אין מאַגיסטראַט, דעם ד"ר מאַרגאָליס. ער איז געווען אַ באַקאַנטער דאָקטאָר, אַ מענטש פֿון אַ הויכער מאָראַל און שטאַרק אָנגעזען ביי דער לאָדזשער אינטעליגענץ. כדי צו ווערן אַ לאַווניק אין מאַגיסטראַט, האָט ד"ר מאַרגאָליס אויפֿגעגעבן זיין פּאָסטן אַלס דירעקטאָר אינעם גרעסטן שטאָטישן שפּיטאָל אין ראַדאָגאָשטש. אויך אין מאַגיסטראַט האָט ער פֿאַרנומען דעם וויכטיקן פּאָסטן פֿון פֿאַרוואַלטער פֿון דער שטאָטישער געזונטהייט־אָפּטיילונג.

די נאַציס האָבן מאַרגאָליסן אַרעסטירט באַלד ווי זיי זיינען אַריין קיין לאָדזש און אַרויסגעשיקט אין אַ לאַגער אין ראַדאָגאָשטש, וווּ ער איז געוואָרן אויף אַ שווידערלעכן אופֿן געפּייניקט און דערנאָך דערשאָסן אין וועלדל הינטער ראַדאָגאָשטש.

אין 1927 איז אַ געהעריקע צאָל בונדיסטן אַריין אין אַלע קאָמיסיעס ביים שטאָטראַט און אין די אָפּטיילונגען פֿון מאַגיסטראַט. אויך איך בין געוואָרן אַ מיטגליד פֿון פּרעזידיום פֿון שטאָט־ראַט.

דער נייער שטאָטראַט האָט זיך קאָנסטיטואירט אין די לעצטע טעג פֿון חודש נאָוועמבער 1927. די קאָמוניסטישע ליסטע איז ווידער גע־

פּסלט געוואָרן, און ליכטענשטיין האָט אָנגעהויבן זיין ערשטע רעדע מיט א פּראָטעסט קעגן דעם און קעגן פּאָליטישע רעפּרעסיעס בכלל. צווישן אנדערן האָט ער געזאָגט:

„דער פאַקט, אַז ביי 40 טויזנט וויילער — אַ זעקסטל פון דער גאַנצער וואַל־בארעכטיקטער באַפעלקערונג — איז צוגענומען געוואָרן דאָס רעכט צו באַאיינפלוסן דאָסווירטשאַפטלעכע לעבן פון אונדזער שטאָט איז פון גרויסער וויכטיקייט. קיינער פון די ראַטמענער, אומאָפּהענגיק פון זיינע פּאָליטישע און אידעאָלאָגישע איבערצייגונגען, טאָר זיך נישט אָפּזאָגן פון באַהאַנדלען די דאָזיקע פראַגע. מען זעט קלאָר, אַז אין אונדזער געזעלשאַפט גייט אָן אַ קאַמף צווישן דיקטאַטור און דעמאָקראַטיע. פאַראַן אַזעלכע, וואָס גליבן, אַז מיט געוואַלט מיטלען קען מען באַזייטיקן אידעאָלאָגיעס. וואָס זיינען אָבער די רעזולטאַטן פון אָנווענדן געוואַלט־מיטלען? לאָמיר זען די פאַקטן: מיט פיר און אַ האַלב יאָר צוריק איז אויך געפּסלט געוואָרן די ליסטע פון דער זעלביקער ריכטונג. דאַמאָלסט האָט זי באַקומען 6 טויזנט שטימען און איצט, נאָך העכער פיר יאָר פון כסדרדיקע פאַרפאָלגונגען, נאָכן ליקווידירן פאַרשידענע קאָמיטעטן, נאָכן פאַרפאָלגן מינדעריעריקע יוגנטלעכע, נאָכן פאַרמשפּטן זיי אויף לאַנגע יאָרן תּפיסה, האָט די זעלביקע ריכטונג באַקומען אַן ערך 40 טויזנט שטימען. אַזוי איז עס געווען נישט נאָר אין לאָדזש, נאָר אויך אין וואַרשע, וווּ מען האָט געפּסלט די ליסטע מיט 60 ביז 70 טויזנט שטימען פון מענטשן, וועמענס וואַלרעכט איז גאַראַנטירט געווען דורך דער קאָנסטיטוציע. דער רעזולטאַט איז אַ קלאָרער: דורך פאַרפאָלגן אידעאָלאָגיעס מיטגעוואַלט־מיטלען נישט נאָר דערגרייכט מען נישט דעם ציל, נאָר, פאַרקערט, טאַקע אַ דאַנק די פאַרפאָלגונגען פאַרשטאַרקט זיך די באַוועגונג נאָך מער.

„די קאָמוניסטישע באַוועגונג איז אונדז גוט באַקאַנט. מיר פּראָטעסטירן כסדר בעת די קאָמוניסטן פאַרפאָלגן סאָציאַליסטן און בכלל אַנדערש דענקענדיקע. דעריבער האָבן מיר דאָס רעכט צו פּראָטעסטירן אומעטום, וווּ די פרייהייט ווערט אונטערדריקט. פרייהייט קען מען נישט מעסטן מיט אַ מאָס — אָדער זי עקזיסטירט פאַר אַלעמען, אָדער זי עקזיסטירט איבער הויפּט נישט. מיט מיטלען פון פּאָליטישע רעפּרעסיעס שאַפט מען נאָר אַ לאַגע, וווּ דעמאָקראַטיע און פרייהייט ווערן בכלל געשטעלט אונטער אַ פראַגעצייכן. דעריבער פּראָטעסטירן מיר שאַרף קעגן דעם, אַז די פּאָליציי זאָל ווערן דער אַפּטרופּוס איבער דעם ארבעטער־קלאַס. די חילוקי־דעות צווישן אַרבעטער־פּאַרטייען קענען אָפּגעשאַפט ווערן נאָר פון דעם אַרבעטער־קלאַס גופא". (סטענאָגראַפישער באריכט פון דער שטאָטראַט־זיצונג דעם 1טן דעצעמבער 1927).

מיט די שטימען פֿון אַלע סאָציאַליסטישע ראַטמענער איז דער פּראָ־טעסט אָנגענומען געוואָרן.

אויף אַ זיצונג דעם 6טן דעצעמבער 1927 האָט ליכטנשטיין פֿאָר־געלייענט די פּראָגראַם־דעקלאַראַציע פֿון דער בונדישער פֿראַקציע. דעם פּונקט „יידישע פֿאָדערונגען" האָט ער אָנגעהויבן לייענען אויף יידיש. דער פֿאָרזיצער האָט אים איבערגעריסן און פֿאַרלאַנגט ער זאָל רעדן נאָר פּויליש. איבערגייענדיק צוריק אויף פּויליש, האָט ליכטענשטיין קאַטעגאָ־ריש פּראָטעסטירט קעגן די געזעצן, וואָס פֿאַרווערן צו באַנוצן זיך מיט דער מוטערשפּראַך און דערקלערט: „איך בין איבערגעגאַנגען אויף יידיש, ווייל אין שטאָטראַט איז יאָרן לאַנג אויף אַ ברוטאַלן און שענדלעכן אופֿן דערנידעריקט און באַליידיקט געוואָרן דאָס טייערסטע, וואָס מיר פֿאַר־מאָגן — אונדזער שפּראַך. איך האָב געוואָלט אונטערשטרייכן אונדזער רעכט אויף אונדזער שפּראַך. פֿאַר דעם דאָזיקן רעכט וועלן מיר קעמפֿן מיט אַלע כוחות ביז צום נצחון. די גלייכבאַרעכטיקונג פֿון שפּראַכן איז דער יסוד פֿון גלייכבאַרעכטיקונג בכלל.

„אין דער פּראָגראַם־דעקלאַראַציע פֿון אונדזער פֿראַקציע ווערט געזאָגט, אַז דער שטאָט־ראַט איז איינע פֿון די אַרענעס, וווּ עס קומט פֿאָר אַ קלאַסן־קאַמף. די סאָציאַליסטישע מערהייט פֿון מאַגיסטראַט דאַרף ווערן אַ וויכטיקע פּאָזיציע פֿונעם אַרבעטער־פֿראָנט אינעם דאָזיקן קאַמף. די סאָציאַליסטישע מערהייט דאַרף אין איר טעטיקייט נישט איינגיין אויף קיין שום פּשרות מיט די פֿאָרשטייער פֿון קאַפּיטאַל. נאָר אויף אַזאַ אופֿן וועלן מיר קענען זאַמלען אַרום זיך די ברייטע אַרבעטער־מאַסן, וועמענס אַקטיווע אונטערשטיצונג איז די איינציקע גאַראַנטיע פֿאַר אַ דערגרייכטן נצחון.

„וואָס שייך יידישע פֿאָדערונגען, זיינען זיי: רעכט אויף אַרבעט פֿאַר די יידישע אַרבעטער, אָנגעשטעלטע און בעלי־מלאכות; רעכט פֿון נאַציאָנאַלע מינדערהייטן צו ווענדן זיך אין די שטאָטישע אַמטן און באַקומען אַן ענט־פֿער אין זייער מוטער־שפּראַך; פֿאַרעפֿנטלעכן שטאָטישע באַקאַנטמאַכונ־גען אויך אין די שפּראַכן פֿון אַלע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן; סובסידיעס פֿאַרן יידישן וועלטלעכן שולוועזן פּראָפּאָרציאָנעל צו דער הויך פֿון די אַלגעמיינע סובסידיעס און, צום סוף, סובסידיעס פֿאַר יידישע קולטור־און בילדונג־אינסטיטוציעס".

דער בודזשעט פֿאַרן קומענדיקן יאָר, וואָס איז נאָך פֿריער אויסגע־אַרבעט געוואָרן, האָט געמוזט געענדערט ווערן. ער האָט געדאַרפֿט אָפּ־שפּיגלען דעם אופֿן ווי אַזוי די סאָציאַליסטישע מערהייט האָט בדעה צו פֿירן די שטאָטישע ווירטשאַפֿט און באַפֿרידיקן די נויטן פֿון די יידישע

פֿאָלקסמאַסן, וועמענס אינטערעסן עס זיינען פֿולשטענדיק איגנאָרירט געוועזן מצד די פֿריערדיקע שטאָטראַטן.

דער נייער בודזשעט האָט טאַקע אנטהאַלטן אַ ריי פּאָזיציעס וועגן הילף פֿאַר די יידישע וועלטלעכע שולן ווי אויך אינסטיטוציעס אין וועלכע די ברייטע יידישע מאַסן זיינען פֿאַראינטערעסירט געוועזן.

פֿאַר די רעאַקציאָנערע פּאַרטייען איז דער נייער בודזשעט געוועזן ווי אַ דאָרן אין אויג. זייער הויפּטרעדנער, דער ענדעקאָווער וואַצלאַוו וואָי־עוואָדזקי, דער וויצע־פּרעזידענט פֿון פֿריערדיקן שטאָטראַט און שטאָ־טישער רעגירונגס־קאָמיסאַר, האָט קודם־כל אַטאַקירט די פּאָזיציעס אין בוד־זשעט, וואָס האָבן אַרומגענומען סובסידיעס פֿאַר דער יידישער באַפֿעלקע־רונג. ער האָט געהאַלטן, אַז דערמיט וועט ער אַרונטעררייסן דעם פּרעס־טיזש פֿון דער פּ.פּ.ס. צווישן די פּוילישע אַרבעטער־מאַסן. ליכטענשטיין האָט געענטפֿערט דעם ראַטמאַן וואָיעוואָדזקי:

„איך ווייס, אַז פֿאַר אייך זיינען דער עיקר וויטיקדיק די פֿאַרויסגע־זעענע אינעם נייעם בודזשעט סובסידיעס פֿאַר די יידישע שולן. ווייל איך אייך זאָגן, אַז היינט צו טאָג עקזיסטירן אַזעלכע שולן אומעטום, וווּ עס זיינען פֿאַראַן יידישע פֿאָלקסמאַסן, צי דאָס איז אין פּוילן, אוקראַינע, ווייסרוסלאַנד אָדער פּאַריז. צופֿעליק האָב איך אַ באַריכט וועגן די מיי־נונגען פֿון די אָנערקענטסטע פּעדאַגאָגן, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין אַן אויסשטעלונג פֿון שולאַרבעטן פֿון קינדער אין לאָקאַרנאָ. אויף אָט דער אויסשטעלונג, אין וועלכער עס האָבן אָנטייל גענומען פּעדאַגאָגן פֿון 40 פֿעלקער און לענדער, האָבן זיך אויך געפֿונען אַרבעטן פֿון שילער, וואָס זיינען אַזוי שטיפֿמוטערלעך באַהאַנדלט געוואָרן דורכן הער וואָיעוואָדזקי". ליכטענשטיין האָט ציטירט אויסצוגן פֿון די רעדעס פֿון דידאַקטיקע פּעדאַ־גאָגן, וווּ עס זיינען שטאַרק געלויבט געוואָרן די דערציערישע דערגריי־כונגען פֿון די יידישע שולן. ליכטענשטיין ענדיקט זיין רעדע מיט אַ דערקלערונג, אַז ער איז מסכים מיט וואָיעוואָדזקין נאָר אין איין פּרט: די בודזשעט־פּאָזיציעס פֿאַר בילדונג־אינסטיטוציעס דאַרפֿן נישט פֿיגורירן ווי „סובסידיעס". די שטאָט און די מלוכה זיינען מחויב זיי פֿולשטענדיק אויסצוהאַלטן און דעקן אַלע זייערע הוצאות. „דערווייל אָבער, האָט ער געזאָגט, ביז דאָס וועט מקוים ווערן, מוזן מיר זיך באַנוגענען מיט סוב־סידיעס".

די בירגערלעכע פּאַרטייען האָבן נישט געקענט שלום מאַכן מיטן פֿאַקט, אַז דער לאָדזשער שטאָטראַט האָט אַ סאָציאַליסטישע פֿאַרוואַלטונג און אַז דער „בונד" איז אַ מיט־בעל־הבית אין אַזאַ גרויסער שטאָט ווי לאָדזש. צוזאַמען מיט די רעאַקציאָנערע אַרבעטער־פּאַרטייען האָבן זיי אָנגעהויבן

א העצע קעגן יידן און אַפּט אויך קעגן די דייטשן. דער דאָזיקער העצע האָט מיטגעהאָלפֿן דער פֿאַקט, אַז צווישן יידן, און טיילווייז אויך צווישן די דייטשן, איז געווען אַ גרויסע צאָל פֿאַבריקאַנטן, סוחרים און הויזבאַזיצער. דאַקעגן די אַרבעטער, וואָס זיי האָבן באַשעפֿטיקט, זיינען דאָס רוב געווען פּוילישע. עס איז דעריבער נישט קיין ווונדער, וואָס עס האָט גענומען אַ צייט ביז די פּ.פּ.ס. האָט זיך אַנטשלאָסן אויף אַ צוזאַמענאַרבעט מיטן „בונד" און האָט אָנערקענט זיינע גערעכטע פּאָסטולאַטן.

אויך מיר, בונדיסטן, וואָס זיינען אַלע מאָל איינגעשטעלט געווען אויף אַ צוזאַמענאַרבעט מיט דער נישט־יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, האָבן געמוזט דורכפֿירן אַ געוויסע רעוויזיע אין אונדזער באַציונג צו דער פּ.פּ.ס., מיט וועמענס פּאָליטישער איינשטעלונג מיר זיינען אַפּט נישט מסכים געווען. מיר האָבן נאָך גוט געדענקט די טעטיקייט פֿון דער פּ.פּ.ס. אין די ערשטע יאָרן פֿון שטאָטראַט, ווען זי פֿלעגט צוזאַמען מיט די פּוילישע נאַציאָנאַליסטישע גרופּירונגען עקשנותדיק אָפּוואַרפֿן די בונדישע פֿאָדערונגען. די ענדערונג אין אונדזער באַציונג צו דער פּ.פּ.ס. און די סיבות, פֿאַר וואָס מיר זיינען איינגעגאַנגען אויף אַ בלאָק מיט דער פּ.פּ.ס. און די דייטשע סאָציאַליסטן, האָט ליכטענשטיין אויפֿגעקלערט אין אַ רעדע אין שטאָטראַט דעם 26סטן אַפּריל 1928. ער האָט געזאָגט:

„צום ערשטן מאָל טרעט אַרויס די בונדישע פֿראַקציע אין שטאָטראַט ווי אַ טייל פֿון דער מערהייט און ווי אַ מיטפֿאַראַנטוואָרטלעכע פֿאַר דער שטאָטישער ווירטשאַפֿט. מיר האָבן נישט געקענט זיין קיין שותּפֿים אין די פֿריערדיקע שטאָטראַטן, ווו די מערהייט האָט געפֿירט אַ פּאָליטיק אין גייסט פֿון רעאַקציאָנערן קאַפּיטאַליזם, אַנטיסעמיטיזם און שאָוויניזם. ערשט די לעצטע וואַלן האָבן געענדערט די סיטואַציע און באַוויזן, אַז די מערהייט פֿון אַרבעטער־קלאַס האָט באַשלאָסן זיך אָפּצוטיילן פֿון דער געזעלשאַפֿטלעכער רעאַקציע. די דאָזיקע וואַלן האָבן אַרויפֿגעלייגט אַ פֿליכט אויף די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען איבערצונעמען די שטאָט־פֿאַרוואַלטונג אין זייערע אייגענע הענט. מיר גיבן זיך אָפּ אַ דין־וחשבון וועגן די שוועריקייטן, אויף וועלכע די סאָציאַליסטישע שטאָט־פֿאַרוואַלטונג וועט זיך אָנשטויסן, ווייל עס קען נישט עקזיסטירן קיין סאָציאַליסטישער אינדזל אין מיטן פֿון אַ קאַפּיטאַליסטישן ים. מיר מאַכן זיך אויך נישט קיין אילוזיעס, אַז עס וועט אונדז געלינגען, אַפֿילו ביי די גרעסטע אָנשטרענגונגען, צו לייזן אויף אַ ראַדיקאַלן אופֿן אַלע אָנגעווייטיקדיקע סאָציאַלע פּראָבלעמען. מיר ווייסן אויך, אַז מיר וועלן נישט קענען זאַט מאַכן אַלע הונגעריקע. מיר האָפֿן אָבער, אַז די סאָציאַליסטישע שטאָט־פֿאַרוואַלטונג וועט זיין בכוח צו זאַמלען אַרום זיך אַלע לעבנס־פֿעיקע שעפֿערישע כוחות

פֿונעם אַרבעטער־קלאַסן און צוזאַמען מיט זיי פֿאַרטיידיקן די אינטערעסן פֿון די ברייטע מאַסן. אַט זעען מיר שוין איצט, ווי די רעאַקציע האָט אָנגעהויבן אַ ווילדע אַגיטאַציע צווישן די הונגעריקע אַרבעטסלאָזע און באַמיט זיך זיי איינצורעדן, אַז די עטלעכע צענדליק יידישע אַרבעטער, וואָס זיינען באַשעפֿטיקט ביי די עפֿנטלעכע שטאָטישע אַרבעטן, נעמען אַוועק אַרבעט פֿון די גרויסע מאַסן פּוילישע אַרבעטסלאָזע. מיר ווייסן אויך, אַז די ווילדע דעמאַגאָגן ווילן זיך פֿאַר גאַרנישט אָפּשטעלן, כדי צו קאָמפּראָמיטירן דעם איצטיקן מאַגיסטראַט... במשך פֿון דער קורצער צייט, וואָס די נייע שטאָט־פֿאַרוואַלטונג עקזיסטירט, האָט זי נאָך נישט באַוויזן אין גאַנצן צו ענדערן דעם בודזשעט, אָבער עס איז אונדז שוין געלונגען צו מאַכן אַן אָנהייב און צופּאַסן דעם בודזשעט צו אונדזערע אויפֿגאַבן אויפֿן געביט פֿון בילדונג, געזונטהייט און סאָציאַלער הילף".

ליכטנשטיין האָט באַהאַנדלט אַ ריי פּלענער פֿון דער סאָציאַליסטי־שער שטאָט־פֿאַרוואַלטונג, דער עיקר אויפֿן געביט פֿון דער גרויסער וווי־נונגס־נויט פֿאַר דער אַרבעטנדיקער באַפֿעלקערונג, צווישן זיי אַ פּלאַן צו בויען אַ גרויסע וווינונגס־קאָלאָניע אויף „פּאָלעשע". ער האָט פֿאַרזיכערט, אַז דער סאָציאַליסטישער מאַגיסטראַט וועט טאָן אַלץ וואָס איז מעגלעך, כדי צו פֿאַרבעסערן די לעבנס־באַדינגונגען פֿון די פֿאָלקסמאַסן.

אויף דער זיצונג פֿון שטאָטראַט דעם 13טן דעצעמבער 1928 איז אַריינגעטראָגן געוואָרן אַ פֿאָרשלאָג צו ענדערן די נעמען פֿון דריי גאַסן: די קאָנסטאַנטינער אויפֿן 11־טן נאָוועמבער, די אַלעקסאַנדראָווסקע (אין באַלוט) אויפֿן נאָמען פֿון נעסטאָר פֿון פּוילישן סאָציאַליזם — באָלעסלאַוו לימאַנאָווסקי און די וואָסבאָדניע אויפֿן נאָמען פֿון יוזעף פּילסודסקי.

אין נאָמען פֿון דער בונדישער פֿראַקציע האָט ליכטענשטיין דערקלערט, אַז מיר ווילן שטימען פֿאַרן ענדערן די נעמען פֿון די ערשטע צוויי גאַסן, אָבער מיר זיינען קעגן אָנרופֿן אַ גאַס אויפֿן נאָמען פֿון מאַרשאַל פּילסודסקי. אין אַ לענגערער רעדע האָט ער אויפֿגעקלערט די שטעלונג פֿון „בונד" אין דער פֿראַגע אומאָפּהענגיקייט פֿון פּוילן און אונדזער באַציִונג צו דער פּערזענלעכקייט פֿון יוזעף פּילסודסקי און צו דער פּאָליטיק פֿון דער סאַנאַציע. ער האָט דערקלערט:

„אונדזער פּאָזיטיווע באַציִונג צום אָנרופֿן אַ גאַס אויפֿן נאָמען פֿון פּאַטריאַרך פֿון פּוילישן סאָציאַליזם — באָלעסלאַוו לימאַנאָווסקי — איז אַ זעלבסטפֿאַרשטענדלעכע. מיר האַלטן אָבער פֿאַר נייטיק אויפֿצו־קלערן אונדזער באַציִונג צו דער פֿראַגע אומאָפּהענגיקייט. אונדזערע שונאים, וואָס האָבן גענומען פֿאַר זיך דעם מאָנאָפּאָל אויף פּאַטריאָטיזם, הערן נישט אויף כסדר צו העצן קעגן אונדז, שרייענדיק, אַז דער „בונד"

איז אַ פֿיינט פֿון פּוילנס אומאָפּהענגיקייט. מיר דערקלערן, אַז דאָס איז פֿאַלש און געמיין"...

ליכטענשטיין האָט מאָטיווירט דעם אַמאָליקן באַשלוס פֿון „בונד" נישט צו באַטראַכטן די פֿראַגע וועגן פּוילנס אומאָפּהענגיקייט פֿאַר אַ דירעקטע און אוממיטלבאַרע אויפֿגאַבע דערמיט, וואָס אין דער אַמאָליקער סיטואַציע האָט די אומאָפּהענגיקייט געקענט קומען נאָר ווי אַ רעזולטאַט פֿון אַ פֿעלקער־שחיטה. דער „בונד", וואָס געהאַלטן אַ מלחמה פֿאַרן גרעסטן אומגליק פֿאַר די פֿאָלקסמאַסן, האָט דעריבער געמוזט זיין קעגן אַ פֿאָדע־רונג פֿאַר אומאָפּהענגיקייט. ס'איז אָבער אָן אומזין צו טענהן, אַז דער „בונד" איז געווען אַ פּרינציפּיעלער קעגנער פֿון פּוילנס אומאָפּהענגיקייט און נאָך אַ גרעסערער אומזין צו באַהויפּטן, אַז דער „בונד" איז קעגן דער אומאָפּהענגיקייט נאָך היינט צו טאָג. „איך קען נישט — האָט ליכטענ־שטיין געזאָגט — אַזעלכע סאָציאַליסטן, וואָס זאָלן נישט פֿאַרשטיין די גרויסע באַדייטונג פֿון דער אומאָפּהענגיקייט פֿאַרן קאַמף פֿונעם אַרבע־טער־קלאַס, פֿאַרן אויפֿהייבן זיין ניוואָ".

אויפֿן אַרגומענט, אַז פּילסודסקי איז געווען אַ היסטאָרישע פּערזענלעכ־קייט, האָט ליכטענשטיין געענטפֿערט: „פֿאַר אונדז איז קלאָר, אַז כדי צו קענען אָפּגעבן כבוד אַ היסטאָרישער פּערזאָן, מוז זי שוין טאַקע זיין היסטאָריש, ד"ה, געהערן צו דער פֿאַרגאַנגענהייט. פּילסודסקי איז דער פֿאַקטישער קאָפּ, דער פֿאַקטישער פֿירער פֿון דער איצטיקער נאָך־מאַי־רעגירונג, ער געהערט דעריבער צו דער קעגנוואַרט און דער דערמאָנטער היסטאָרישער אַרגומענט האָט קיין שום גרונט נישט. דעריבער איז יעט־ווערע אָנערקענונג פֿאַר פּילסודסקין אַן אָנערקענונג פֿונעם איצטיקן רע־זשים... אין די ערשטע טעג פֿון פּילסודסקיס טעטיקייט האָבן די סאָציאַ־ליסטישע פּאַרטייען אין אים געזען דעם כוח, וואָס וועט ענדגילטיק צעברעכן די רעאַקציע אין פּוילן... געשען איז אָבער גאָר אַ פֿאַרקערטע זאַך. אמת, מ'האָט צעקלאַפּט אַלע פּאַרטייען פֿון דער רעאַקציע, אָבער די רעגירונג אַליין האָט איבערגענומען זייער גאַנצע פּראָגראַם, ווייל אונטער דער הערשאַפֿט פֿון דער נאָך־מאַי־רעגירונג זיינען אין פּוילן אויפֿגעשטאַנען תחית־המתים די קאָנסערוואַטיווע כוחות... די אַרבעטער־מאַסן האָבן פֿאַר־לאָזט דעם לאַגער, בנוגע וועלכן זיי האָבן געהאַט געוויסע האָפֿנונגען און אילוזיעס, און אין איצטיקן מאָמענט האַלט שוין דער פּראָצעס פֿון אויסניכ־טערונג אומעטום ביים סוף. מיר פֿאַרשטייען אַלע, אַז אַ רעגירונג, וואָס רעפּרעזענטירט גוטבאַזיצער, איז מיטן גאַנצן פּראָנט געווענדט קעגן אַר־בעטער־קלאַס. דעריבער טאַקע קענען מיר נישט נעמען קיין אָנטייל ביים אויסדריקן פֿאַרערונג פֿאַר אַ רעגירונג, וואָס פֿירט אַזאַ פּאָליטיק.

„די איצטיקע רעגירונג שטיצט אונטער די שווארצע רעאקציע, און דאָס אַליין זאָגט שוין עדות וועגן איר באציאונג צו די יידישע פּאָלקסמאסן. אפשר גיט זיך נישט די מערהייט פון שטאָטראט אָפּ קיין דין־וחשבון וועגן דעם פּראָצעס, וואָס קומט פאָר אין יידישן לעבן. די ברייטע מאסן, וואָס האָבן זיך ביז איצט פאַרנומען מיט אומבאַשטימטע באַשעפטיקונגען און מיט האנדל, זיינען גרייט זיך צו נעמען פאַר פּראָדוקטיווער ארבעט. דעריבער איז פאַר זיי דאָס רעכט אויף ארבעט א פראגע פון לעבן און טויט. אויב פאַר דער מלחמה איז עמיגראציע געווען אין א געוויסער מאָס א הילף, איז איצט נישטאָ ווו זיך אהינצוטאָן. און מיר ווילן טאקע נישט פון דאַנען אנטלויפן. מיר ווילן לעבן דאָ, ווייל מיר האָבן א רעכט צו לעבן און א רעכט צו ארבעטן. מיטן מאָמענט, ווען די רעגירונג האָט איינגעפירט דעם מאָנאָפּאָל אויף טאבאק, זיינען יידן געווען די ערשטע קרבנות, ווייל מ׳האָט ארויסגעוואָרפן די יידישע ארבעטער. און איר שרייט, אז יידן ווילן נישט ארבעטן.

„די דאָזיקע אַלע מאָטיוון באַווירקן אונדזער שטעלונג און דעריבער וועלן מיר שטימען קעגן ענדערן דעם נאָמען פון א גאס אויפן נאָמען פון מארשאל פילסודסקי״.

נישט איין מאָל האָט ליכטנשטיין אין זיינע ארויסטרעטונגען געוואָרנט, אז מען זאָל זיך נישט שאפן קיין פאַלשע אילוזיעס, אז מ׳וועט דערלויבן דער סאָציאַליסטישער שטאָט־פאַרוואַלטונג צו פאַרווירקלעכן איר פּראָגראם. בעת די דעבאַטן ארום דעם בודזשעט פאַרן יאָר 1930־29, וואָס דער סאָציאַליסטישער מאגיסטראט האָט צוגעגרייט, האָט ליכטנשטיין אין זיין רעדע געזאָגט:

„די שטייער־און הלוואות־פּראָיעקטן, וואָס זיינען אויסגעארבעט געוואָרן פון דעם ערשטן דעמאָקראטישן שטאָטראט, זיינען דורך דער רעגירונג נישט באַשטעטיקט געוואָרן, ווייל דער פאַרבאַנד פון די אינדוסטריעלע האָט זיך ארויסגעזאָגט קעגן זיי. זינט יענער צייט האָט זיך די באַציאונג פון דער רעגירונג צו די דעמאָקראַטישע און סאָציאַליסטישע שטאָט־פאַרוואַלטונגען נאָך פאַרערגערט. עס וואָלט דעריבער געווען א שעדלעכע אילוזיע זיך איינצורעדן, אז עס קען מעגלעך זיין א נאָרמאַלע טעטיקייט פון א סאָציאַליסטישער שטאָט־פאַרוואַלטונג אין א צייט, ווען אויפן שטח פון גאַנצן לאַנד הערשט פּאָליטישע רעאקציע. מען דאַרף קוקן דעם אמת אין די אויגן און פעסטשטעלן, אז א זעלבסטפאַרוואַלטונג אין ריכטיקן דעמאָקראַטישן זין איז מעגלעך נאָר דאַן, ווען די ארבעטער־מאסן האַלטן די מאכט אין זייערע הענט״.

ליכטנשטיין אַנאַליזירט ווייטער די לאַגע אין די באַזונדערע שטאָטישע אָפּטיילונגען, דער עיקר אין דער אָפּטיילונג פון „שול און קולטור". ער פּאָלעמיזירט מיטן ראַטמאַן וואַיעוואָדזקי, וואָס האָט ווידער אַ מאָל קריטיקירט די סובסידעס פאַר די יידישע שולן און אַנדערע קולטור־אינסטיטוציעס. דעם אָרטאָדאָקסישן ראַטמאַן מינצבערג האָט ליכטנשטיין געפרעגט, פאַר וואָס ער האָט נישט געמאַכט אַזוי פיל פּאָרוואורפן דעם פריערדיקן מאַגיסטראַט, וואָס האָט אַלע יאָרן געפירט אַן אויסגעשפּראָכן אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק און האָט זי געפירט טאַקע מיט דער הילף פון די אָרטאָדאָקסן. ליכטנשטיין האָט אויך קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפן וואַיעוואָדזקיס ליגנערישע באַהויפּטונג, אַז דער סאָציאַליסטישער מאַגיסטראַט איז אַ „גן־עדן" פאַר יידן, אַז ער וואַרפט אַרויס פון דער אַרבעט פּוילישע אַרבעטער און נעמט אויף זייער אָרט יידישע. ליכטנשטיין באַווייזט, אַז נאָר 4 פּראָצענט פון אַלע באַשעפטיקטע שטאָטישע אַרבעטער זיינען יידן.

„מיר — פאַרענדיקט ליכטנשטיין זיין רעדע — ווייסן, וואָס פאַרא צוועק עס האָט אייער בייזוויליקע אַגיטאַציע. איר ווילט איינרעדן די פּוילישע אַרבעטסלאָזע מאַסן, אַז דער 'בונד' און דער יידישער אַרבעטער ווילן אַרויסרייסן ביים פּוילישן אַרבעטער דאָס שטיקל ברויט פון מויל. דאָס איז נישט אמת. מיר גלייבן, אַז דער קאַמף פאַר רעכט אויף אַרבעט פאַר אַלעמען וועט קענען פולשטענדיק געלייזט ווערן אין אַ סאָציאַליסטישער אָרדנונג. אָבער דערווייל איז עס דער יידישער אַרבעטער, וואָס מוז פירן דעם קאַמף פאַר זיין רעכט אויף אַרבעט. מיר ווילן ביי קיינעם גאָרנישט צונעמען. מיר ווילן נאָר, אַז מען זאָל אונדז נישט באַהאַנדלען ווי בירגער פון אַ דריטער קאַטעגאָריע".

ליכטנשטיין האָט אַריינגעטראָגן אַ ריי פאָרשלאָגן צו סובסידירן יידישע שולן, קינדערהיימען, ספּאָרט־אינסטיטוציעס, „קולטור־ליגע", יידישע ביבליאָטעקן און טעאַטער. די פאָרשלאָגן זיינען פון שטאָטראַט אָנגענומען געוואָרן.

## עקאָנאָמישער קריזיס אין לאָדזש און זיין אויסווירקונג אויף דער שטאָט־פאַרוואַלטונג

בעת מיט אַ יאָר שפּעטער, דעם 13טן פעברואַר 1930, האָט דער שטאָטראַט באַהאַנדלט דעם בודזשעט פאַרן יאָר 1930־1931, איז די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע לאַגע אין לאָדזש און אין גאַנצן לאַנד געווען גאָר אַ געענדערטע. אין לאָדזש האָט זיך שוין שטאַרק געפילט דער קריזיס, וואָס

האָט זיך אָנגעהויבן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן נאָכן קראַך אויף דער ניו־יאָרקער בערזע אין פּרילינג 1929 און וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט כמעט אויף גאַנץ אייראָפּע און אָנגעהאַלטן ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

די שטאַטישע הכנסות האָבן צוליבן קריזיס זיך שטאַרק פאַרקלענערט. דאָס האָט געשטערט אויסצופירן די פּלענער פון אינוועסטיציעס, וואָס האָבן געדאַרפט באַשעפטיקן ארבעטסלאָזע, די פּלענער צו בויען נייע און אויסברייטערן די עקזיסטירנדיקע שטאַטישע אינסטיטוציעס, ווי אויך די פּלענער צו העכערן די סאָציאַלע הילף פאַר דער אָרעמער באַפעלקערונג.

גלייכצייטיק האָבן זיך אין פּוילן פאַרשטאַרקט די רעאַקציאָנערע און פאַשיסטישע טענדענצן ביי דער „סאַנאַציע", וואָס האָט איבערגענומען די מאַכט דעם 13טן מאַי 1926. דאָס האָט זיך גלייך אָפּגערופן אויך אויפן געביט פון דער שטאַטישער ווירטשאַפט. די רעגירונג האָט אָנגעהויבן באַזייטיקן די סאָציאַליסטן פון זייערע פּאָזיציעס אין די קראַנקן־קאַסעס און שטאָט־פאַרוואַלטונגען.

אויף דער זיצונג פון 13טן פעברואַר 1930 האָט ליכטנשטיין אַנאַליזירט די ניי־געשאַפענע לאַגע און צווישן אַנדערן געזאָגט: „איך וויל דאָ פעסטשטעלן, און עס איז אַלגעמיין באַוווּסט, אַז מיר לעבן אין אויסערגעוויינלעכע באַדינגונגען און אַז די טעטיקייט פון דער לאָדזשער שטאָט־פאַרוואַלטונג איז אָפּהענגיק פונעם עקאָנאָמישן קריזיס אין לאַנד. איך האַלט אָבער, אַז עס איז נישט גענוג צו זען נאָר איין זייט פון מעדאַל און דערקלערן אַלע שווערקייטן מיטן אַלגעמיינעם קריזיס און אַרבעטסלאָזיקייט. מען דאַרף אויך נעמען אין באַטראַכט אַזאַ פאַקטאָר ווי די פּאָליטיק פון דער רעגירונג און פון דער פּאַרטיי, צו וועלכער עס געהערט אויך הער וואָיעוואָדזקי".

ליכטנשטיין האָט פעסטגעשטעלט, אַז וואָס מער עס האָט זיך אין לאָדזש פאַרשאַרפט דער עקאָנאָמישער קריזיס, אַלץ מער קאָמיסיעס האָט די רעגירונג אַריינגעשיקט אויסצופאָרשן די טעטיקייט פון דער לאָדזשער סאָציאַליסטישער שטאָט־פאַרוואַלטונג, וואָס זייער איינציקער צוועק איז געווען צו קאָמפּראָמיטירן די דאָזיקע פאַרוואַלטונג אין די אויגן פון די אַרבעטסלאָזע. בעת די דאָזיקע אויספאָרשונגען האָבן די סאַנאַציע־צייטונגען כסדר פאַרעפנטלעכט אַרטיקלען וועגן די כלומרשטע מיסברויכן, וואָס מ'האָט אויסגעפונען אין לאָדזשער מאַגיסטראַט. עס האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז מען האָט בדעה אויפצולייזן די לאָדזשער שטאָט־פאַרוואַלטונג און אויף איר אָרט באַשטימען אַ קאָמיסאַר, ווי מען האָט עס געטאָן מיט די

געוויילטע אָרגאַנען פֿון די קראַנקן־קאַסעס. די רעגירונג האָט, ווייזט אויס, רעזיגנירט פֿון דעם דאָזיקן פּלאַן.

„עס איז לייכט — האָט ליכטנשטיין געזאָגט — צו פֿאַרניכטן די רעשטלעך פֿון דער דעמאָקראַטיע, ווען מען האָט אַן אַפּאַראַט אין די הענט, עס איז אָבער שווערער צו רעגירן, בעת אין לאַנד עקזיסטירן נויט און אַרבעטסלאָזיקייט".

ליכטנשטיין האָט אָנגעוויזן, אַז נישט געקוקט אויף דער העצע אין דער סאַנאַציע־פּרעסע, האָט דער מאַגיסטראַט פֿאַרענדיקט זיין גרויסן פּראָיעקט און אויסגעבויט די אימפּאָזאַנטע וווינונגס־קאָלאָניע אין „פּאָלעשע". טויזנטער לאָדזשער אַרבעטסמענטשן האָבן צום ערשטן מאָל באַקומען אַ מעגלעכקייט צו וווינען אין באַקוועמע דירות פֿאַר אַ צוגענגלעכן פּרייז.

די ענפּעראָווצעס האָבן אויסגענוצט די שוועריקייטן, וואָס זיינען אַנטשטאַנען פֿאַר דער סאָציאַליסטישער שטאָט־פֿאַרוואַלטונג אין צוזאַמענהאַנג מיטן עקאָנאָמישן קריזיס, כדי צו פֿאַרשטאַרקן זייער אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע סיי אין שטאָטראַט, סיי אויסער אים. זיי האָבן געוואָלט שאַפֿן אַן איינדרוק ביי די אָפּגעשטאַנענע אַרבעטער, אַז דער מאַגיסטראַט העלפֿט קודם־כל די יידן, אַז מען באַזייטיקט פּוילישע אַרבעטער פֿון זייערע אַרבעטספּלעצער און אויף זייער אָרט נעמט מען אַריין יידישע. מיט גענויע אָפֿיציעלע ציפֿערן האָט ליכטנשטיין אָפּגעלייקנט די פֿאָרווּרפֿן פֿון די ענפּעראָווצעס און אָנגעוויזן, אַז זייער סטראַטעגיע האָט ריין אַנטיסעמיטישע צילן. ער האָט געזאָגט, אַז דאָס, וואָס די סאָציאַליסטישע שטאָט־פֿאַרוואַלטונג האָט באַוויזן אויפֿצוטאָן אין משך פֿון די ערשטע דריי יאָר פֿון איר עקזיסטענץ, איז נאָך ווייט דערפֿון, וואָס עס איז נייטיק געווען צו טאָן. מען דאַרף אָבער נישט אַרויפֿוואַרפֿן אויפֿן סאָציאַליסטישן מאַגיסטראַט די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט דערפֿאַר, וואָס עס איז אָפּגעטאָן געוואָרן פֿונעם פֿריערדיקן מאַגיסטראַט.

ליכטנשטיין האָט דערציילט, וואָס פֿאַר אַ פּיינלעכן איינדרוק עס האָבן געמאַכט אויפֿן אַמעריקאַנער קאָרעספּאָנדענט די יידישע טרעגער, מיט שטריק אַרומגעבונדן אַרום האַלדז. דער דאָזיקער צוויי־און דריי־פֿאַכיקער שנור איז ווי אַ סימבאָל פֿון דער נויט פֿון יידישן פֿאָלקס־מענטש. אין דער לעצטער צייט איז די נויט צווישן געוועזענע יידישע קרעמער, האַנטווערקער; קליינע זעלבסטשטענדיקע בעלי־מלאָכות און פֿאַרמיטלער נאָך מער געוואַקסן. „מיר זעען אָבער — האָט ליכטנשטיין געזאָגט — אַז אַנשטאָט פּרוּוון העלפֿן די אַלע פֿאַראָרעמטע בירגער, האָט איר, הער וואָיעוווּדזקי, אַרויסגעפֿירט אויף די גאַסן אייערע נאַכלויפֿער מיט אויפֿשריפֿטן אויף די שוואַרצע פּלאַקאַטן: 'אַ ייד פֿון „בונד" האָט צוגענומען מיין אַרבעט'.

נישט קיין שום ייד, נאָר דער קאַפּיטאַליזם האָט געשאַפֿן אַזאַ פֿאַרשאָלטענע אָרדענונג, ווו מיליאָנען מענטשן זוכן אַ שטיקל ברויט און געפֿינען עס נישט.

„דער פֿאַרדינסט פֿונעם איצטיקן מאַגיסטראַט באַשטייט דערין, וואָס ער האָט דער ערשטער דורכגעבראָכן די מויער פֿון אַנטיסעמיטיזם און רעכטלאָזיקייט. און אויב מיר וועלן ווידער שטימען פֿאַרן בודזשעט, איז עס נישט דערפֿאַר, וואָס מיר זיינען מסכים מיט אַלץ, וואָס דער מאַגיס־טראַט האָט געטאָן, נאָר דערפֿאַר, וואָס דאָס איז דער ערשטער פּרוּוו פֿון אַ סאָציאַליסטישער צוזאַמענאַרבעט".

די פֿאַרקלענערטע הכנסות האָבן געשאַפֿן אַ שווערע לאַגע פֿאַר דער שטאָט־פֿאַרוואַלטונג. אַנשטאָט צו פֿאַרגרעסערן די הילף פֿאַר דער אָרעמער באַפֿעלקערונג, וועמען דער קריזיס האָט צום שטאַרקסטן אָנגערירט, איז זי געווען געצוווּנגען די הילף צו פֿאַרקלענערן. ווען די דריי־יאָריקע קאַדענץ פֿון שטאָטראַט האָט זיך געענדיקט, האָבן מיר פֿאַרלאַנגט פֿון דער רעגי־רונג זי זאָל באַשטימען אַ טערמין פֿון נייע וואַלן. די רעגירונג האָט אונטער פֿאַרשידענע תירוצים דאָס נישט געטאָן. עס איז געבליבן נאָר איין אויסוועג — אָפּצוזאָגן זיך פֿון די מאַנדאַטן. דאָס האָט אָבער נישט געטויגט, ווייל עס וואָלט נישט געפֿירט צו קיין נייע וואַלן, נאָר צו באַשטימען אַ רעגירונגס־קאָמיסאַר, וואָס וואָלט אָנגעפֿירט מיט דער שטאָט אָן דעם מינדסטן קאָנ־טראָל. אויסער דעם וואָלטן אונדזערע קעגנער אויסגענוצט אַזאַ באַשלוס און וואָלטן באַשולדיקט די סאָציאַליסטן, אַז זיי האָבן דעזערטירט פֿון די פּאָסטנס, וואָס די אַרבעטערשאַפֿט האָט זיי אָנפֿאַרטרויט. עס איז דעריבער באַשלאָסן געוואָרן ווייטער אָנצוגיין מיט דער אַרבעט פֿון דער שטאָט־פֿאַרוואַלטונג ביז די רעגירונג וועט באַשטימען נייע וואַלן.

אונדזער שטעלונג צו דער דאָזיקער פֿראַגע האָט ליכטנשטיין אויפֿגע־קלערט אין אַ רעדע דעם 29סטן סעפּטעמבער 1931. „אונדזער פֿראַקציע — האָט ער געזאָגט — האַלט, אַז די פֿאַרטיידיקער פֿון אַרבעטער־קלאַס האָבן אַ רעכט און אַ חוב צו בלייבן אויף זייערע פּאָזיציעס נאָר אַזוי לאַנג, ווי זייער טעטיקייט דינט די אינטערעסן פֿון אַרבעטער־קלאַס. פֿון דעסט וועגן, אויב עס ווערט, אין אַ צייט פֿון אַן אַלגעמיינעם קריזיס אָדער אונטער אַ דרוק פֿון דער רעגירונג, אוממעגלעך אויסצופֿירן אונדזער פּראָגראַם, איז דאָס איינהאַלטן אַ כלומרשטע אַרבעטער־שטאָט־פֿאַרוואַלטונג אַ שעדלעכע אילוזיע".

ליכטנשטיין האָט פּראָטעסטירט קעגן די פּרוּוון מצד דער רעגירונג צו פֿאַרקלענערן אַ גאַנצע ריי בודזשעט־אויסגאַבן און דערקלערט, אַז די בונדישע פֿראַקציע וועט שטימען פֿאַרן בודזשעט אין דער פֿאָרעם, אַזוי ווי דער מאַגיסטראַט האָט אים פֿאָרגעשלאָגן.

בעת דער צווייטער קאדענץ האָט די שטאָט־פאַרוואַלטונג כסדר געפירט א קאַמף מיט דער רעגירונג. אָבער עס איז געקומען די צייט, ווען די רע־גירונג האָט איינגעזען, אַז זי מוז אויפלייזן דעם שטאָטראַט און זי האָט געזוכט אַ מעגלעכקייט צו קאָמפּראָמיטירן די סאָציאַליסטן, כדי צו געבן די סאַנאַציע־אָנהענגער צווישן דער אַרבעטערשאַפט בעסערע אַגיטאַציע־אַרגומענטן. די סאָציאַליסטן האָבן זיך טאַקע באַמיט איר אַזאַ געלעגנהייט נישט צו געבן. אָבער סוף־כל־סוף האָט די רעגירונג דעם 12טן יולי 1933 אויפגעלייזט דעם שטאָטראַט און דעם מאַגיסטראַט און באַשטימט אַ קאָמיסאַר.

⁂

איך וויל נאָך צוגעבן אַ פּאָר ווערטער וועגן ליכטנשטיינס פּערזענלעכ־קייט. אין דעם דאָזיקן אַרטיקל האָב איך זיך נישט געשטעלט פאַר אַן אויפ־גאַבע צו געבן אַ בילד פון זיין אַלזייטיקער טעטיקייט. אַלץ, וואָס איך האָב באַשריבן, איז באַזירט אויף אָפיציעלע פּראָטאָקאָלן און סטענאָגראַ־פירטע באַריכטן פון זיינע רעדעס.

אין פאַרלויף פון אַלע יאָרן פון מיין מיטאַרבעט מיטן פאַרשטאָרבענעם חבר און פריינד האָב איך פעסטגעשטעלט, אַז ער איז געווען אַ קרישטאָל־ריינער, אידעאַליסטישער מענטש און אַ טיף איבערצייגטער סאָציאַליסט־אינטערנאַציאָנאַליסט. ער האָט באמת געהאַסט יעדן מין נאַציאָנאַליזם און שאָוויניזם, דעם יידישן אַריינגערעכנט. זיינע איבערצייגונגען האָט ער געבראַכט צום אויסדרוק אין שריפט און אין וואָרט.

ליכטנשטיין איז געווען מער אַ לערער און אַ ליטעראַטור־מענטש, ווי אַ פּאָליטיקער. ער איז געווען אַ שטימונגמענטש. דערפאַר זיינען זיינע נישט־צוגעגרייטע אימפּראָוויזירטע רעדעס אַלע מאָל געווען די בעסטע. ליכטנשטיין איז געווען דער וואָרטזאָגער פון דער לאָדזשער בונדישער אָר־גאַניזאַציע און מיר אַלע האָבן צו אים אַרויפגעקוקט מיט אַ געוואַלטיקן דרך־ארץ. מיר האָבן זיך שטאַרק גערעכנט מיט זיין מיינונג. ער איז געווען פאַר אונדז אַ ביישפּיל פון פּאַרטיי־דיסציפּלין. הגם אין „בונד" האָט ער געהערט צו די אַמאָליקע אַזוי גערופענע „רעכטע". פלעגט ער לאָיאַל אויספירן אַלע פּאַרטיי־באַשלוסן ווי אויך די באַשלוסן פון דער בונדישער פראַקציע אין שטאָטראַט. די פּאַרטיי־שטעלונג איז פאַר אים שטענדיק געווען אַ דעצידירנדיקע. באַזונדערס קלאָר האָט זיך עס אַרויסגעוויזן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען אונדזער פּאַרטיי האָט רעווידירט איר פריערדיקע פּרינציפּיעלע שטעלונג אין די פראַגן פון אַלגעמיינע וואַלן, פּאַרלאַמענטאַרישע אינסטיטוציעס און דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט.

כאָטש ער אַליין האָט נישט געענדערט זיין שטעלונג, האָט ער פֿון דעסט וועגן פֿון דער טריבונע פֿון שטאָטראַט לאָיאַל פֿאַרטיידיקט די נייע פּאַרטיי־ליניע. די אייניקייט פֿון דער פּאַרטיי האָט ער געשטעלט העכער פֿון אַלץ. ווי אַן איבערצייגטער אינטערנאַציאָנאַליסט האָט ער אָפֿט שאַרף קריטיקירט די פּ.פּ.ס. פֿאַר איר נאַציאָנאַליזם, אָבער גלייכצייטיק איז ער געווען אַ שטאַרקער אָנהענגער פֿון אַ צוזאַמענאַרבעט מיט דער פּוילישער אַרבעטער־באַוועגונג. דערביי האָט ער געהאַלטן, ווי מיר אַלע, אַז אַזאַ צוזאַמענאַרבעט איז מעג־לעך מיט דעם באַדינג, אַז מיר וועלן באַהאַנדלט ווערן אין דער אַרבעטער־משפּחה ווי גלייכע מיט גלייכע. עס איז פֿאַר אים געווען די גרעסטע סאַטיס־פֿאַקציע, ווען עס איז, אין רעזולטאַט פֿון דער געענדערטער אינערלעכער לאַגע אין דער פּ.פּ.ס., מעגלעך געוואָרן אַ צוזאַמענאַרבעט פֿון אַלע סאָציאַ־ליסטישע פּאַרטייען. די דערנענטערונג אין שטאָטראַט אין משך פֿון זעקס יאָר האָט מעגלעך געמאַכט אַ צוזאַמענאַרבעט אויך אין אַנדערע געביטן.

ליכטנשטיין איז אין שטאָטראַט פֿון אַלעמען רעספּעקטירט געוואָרן, אַפֿילו פֿון זיינע קעגנער. אַלע האָבן געזען אין אים אַ מענטש, וואָס פֿאַר־טיידיקט דאָס, אין וואָס ער גלייבט.

זיין פּריצייטיקער טויט האָט אַרויסגערופֿן דעם טיפֿסטן טרויער אין ברייטע קרייזן. דער פֿאָרשטייער פֿון אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און פֿון שטאָטראַט האָבן געהאַלטן אויפֿן בית־עולם האַרציקע רעדעס וועגן אים. איינע פֿון די לעצטע זיצונגען פֿון שטאָטראַט פֿאַרן אויפֿלייזן איז געווען געווידמעט ליכטנשטיינס טעטיקייט פֿאַר דער שטאָט לאָדזש. עס איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס אָנצורופֿן די פּייפּער גאַס, וואָס געפֿינט זיך אינעם געדיכט באַוווינטן טייל פֿון באַלוט, אויף זיין נאָמען און צו באַ־שטימען אַ פּענסיע פֿאַר זיין אלמנה, חברטע גוטע.

ביידע באַשלוסן האָט דער שטאָט־קאָמיסאַר שפּעטער אָפּגעשאַפֿט. עס איז אָבער געבליבן אין זכרון פֿון אַלעמען, אַז ליכטנשטיין איז געווען דער ערשטער, וועמענס אַרבעט די שטאָט האָט אָנערקענט, און אים צוגעטיילט אַזאַ כבוד.

אברהם ביאַלער

# ישראל ליכטנשטיינס לעבעדיקע ירושה

דעם הייליקן אָנדענק
פֿון ווילאַ און לענאַ,
מיין פֿרוי און איינציק קינד,
טראַגיש אומגעבראַכט דורך
דייטשע רוצחים.

אַרטיקלען, וועלכע ווערן געשריבן, אָדער דרשות געהאַלטענע אין „הייסע מינוטן" וועגן געשטאָרבענע, זיינען אָפֿט מאָל איבערגעטריבענע אָדער אומפּינקטלעכע. דאָס איז ריכטיק, ווען עס האַנדלט זיך וועגן „פּשוטע" און „נישט־פּשוטע" אַוועקגעגאַנגענע. דער אחרי־מות־קדושים־פּסוק גיט אויף דעם דעם הכשר און העלפֿט שטאַרק דערצו. עס איז אַן אָנגענומענער מינהג אין אונדזער געזעלשאַפֿט.

כּדי אָבער צו באַשרייבן גרויסע מענטשלעכע ווערטן פֿון ליכטנשטיינען פֿאַר זיין דור דאַרף מען נישט אָנצוקומען, אַפֿילו איצט, ווען ליכטנשטיין איז שוין טויט איבער דרייסיק יאָר, צו דעם פּסוק „אחרי מות קדושים". דאָס איז פּשוט דערפֿאַר, ווייל ליכטנשטיינס קדושה האָט זיך אָנגעהויבן ביי זיין לעבן. זיין קדושה האָט געלעבט אין אים. ער האָט זיך מיט דער קדושה מיט אונדז געטיילט.

דער לאָדזשער בונדישער אַרום און אויך אַלע אַנדערע מענטשן, וועלכע זיינען געקומען מיט אים אין באַרירונג, האָבן זי גוט געפֿילט און מיט גרויס דרך־ארץ אָפּגעהיט און געפּלעגט. זיין קדושה שוועבט נאָך אַרום אונדז עד־היום.

איך האָב געהאַט דאָס גליק צו געהערן צו די טויזנטער לאָדזשער יוגנט־לעכע, וועלכע ליכטנשטיין האָט „געפֿאַנגען" מיטן גרויסן צויבער פֿון זיין פּערזענלעכקייט. אַפֿילו נאָך איצט, ווען איך בין אין מיינע רייפֿסטע יאָרן און

ליכטנשטיין איז שוין טויט דריי און דרייסיק יאָר, דערמאָן איך זיין נאָמען מיט ציטער אין האַרצן.

דאָס לעצטע מאָל האָבן איך ליכטנשטיינען געזען עטלעכע טעג פאַר זיין גרויסער נסיעה קיין אַמעריקע. ער איז שוין, געדענק איך, דעמאָלט געווען „רייזע־פיבעריק" — שוין געווען אויסגעטאָן פון זיינע טאָג־טעגלעכע אַרבעטן. ער האָט זיך געהאַט באַפרייט פון זיינע פליכטן אַלס רעדאַקטאָר פון „לאָדזשער וועקער", לאָדזשער דאַזאָר און שטאָטראַטמאַן. ער איז שוין אַפילו געווען אויסגעטון פון זיינע אַלטע טאָג־טעגלעכע מלבושים: איך זע אים איצט פאַר זיך — ער האָט דעמאָלט געטראָגן אַ נייעם גראַנאַטן אַנצוג און אַ נייעם פלושענעם הוט.

ווען איך האָב אים געזען צום לעצטן מאָל, איז זיין פנים געווען בלאַס, אַ שיין פון געלקייט האָט זיך דורכגעשלאָגן דורך דער הויט. זיין פיגור אַן אָפּגעצערטע, זיינע אויסדרוקספולע אויגן הינטער די דיקע אויגן־גלעזער טרויעריקע, ערנסטע. ער האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט זיך פאַר עפּעס געשראָקן. אפשר האָט שוין ליכטנשטיין דעמאָלט געוווּסט ווי שווער קראַנק ער איז, נאָר געהאַלטן דעם טרויעריקן סוד אין זיך...

פון זיין פנים האָט מען דייטלעך געקאָנט לייענען דעם דרוק פון דער ערנסטער מיסיע, וואָס דער „בונד" האָט אויף אים דעמאָלט אַרויפגעלייגט. זיין געמיט האָט דערמאָנט אַ גייסטלעכן פאַרן צוגרייטן זיך צו אַן עבודה.

איך בין געווען אַ נאָענטער צו ליכטנשטיינען. איך האָב געהאַט די זכיה אים צו זען און ריידן מיט אים כמעט יעדן טאָג אין דער וואָך. ער איז געווען צו יענער צייט אַ שטענדיקער איינגייער אין דעם פּלאַץ, וווּ איך האָב געאַרבעט אַלס בוכהאַלטער ביי דער לאָדזשער פירמע „געברידער קאָן און טרונק", דאָרט ווו דער באַקאַנטער שריפטשטעלער י. י. טרונק איז געווען איינער פון די דריי שותּפים.

ליכטנשטיין פלעגט צו אונדז אַריינקומען כמעט יעדן טאָג אין דער זעלבער צייט: דאָס איז געווען אַרום 12 אַ זייגער, ווען ער האָט געהאַט דעם איבעררייס אין דער גימנאַזיע, וווּ ער האָט געאַרבעט. אָפט מאָל פלעגט ער אָפּזיצן ביי אונדז שעהן לאַנג. ער פלעגט אַריינקומען שטענדיק מיט אַן אָנגעפילטער לעדערנער טעקע אונטערן אָרעם; פאַרבייגייענדיק דאָס צימער, וווּ איך בין געזעסן, פלעגט ער זיך יעדעס מאָל פאַרהאַלטן און האָבן מיט מיר אַ האַרציקן שמועס פון פריוואַטן און משפחהדיקן כאַראַקטער און דערנאָך אַריין אין דעם עלעגאַנטן קאַבינעט, וווּ די דריי שותּפים פלעגן זיצן.

ליכטנשטיינס אַריינקומען צו אונדז איז אייגנטלעך געלעגן ביים אָנהויב פון זיין גרויסער פריינדשאַפט מיט טרונקן, אָבער די חזקה פון אַריינקומען האָט ער אָנגעהאַלטן אַפילו ווען טרונק האָט די פירמע שוין געהאַט



די לוויה פון ישראל ליכטנשטיין אין לאָדזש
אויפֿן בית־עולם רעדט דער שטאָטפּרעזידענט בראָניסלאַוו זשיעמנעצקי.



די לוויה פון ישראל ליכטנשטיין
פֿון רעכטס: ערשטע רייע: יאַנקל ליס, חוה עטקין, אַ פּרעבליסטין, צווייטע
רייע — אהרון ביאָטשקאָווסקי, נח האַלצמאַן.
דריטער רייע — לערערין פֿאַלאַ.

פֿאַרלאָזט, ווייל אין דער צווישנצייט האָט זיך אַנטוויקלט ביי ליכטנשטיינען א גרויסע פֿריינדשאַפֿט מיט טרונקס שותף, אלישע קאַן (אלישע קאַן איז געווען דעם באַקאַנטן מיליאָנערס אשער קאַנס א ברודער). ליכטנשטיין פֿלעגט אונדז באַזוכן ביז דעם לעצטן טאָג פֿאַר זיין אַפּפֿאָרן קיין אַמעריקע.

איך דערמאָן זיך איצט ווי אָפֿט י. י. טרונק האָט זיך אין יענע יאָרן געגרויסט און שטאָלץ געווען מיט יעדן אַריינקום פֿון זיין פֿריינד אין אונדזער אָפּיס. ער האָט זיך באַצויגן צו ליכטנשטיינען מיט אויסערגעוויינט־לעכן דרך־ארץ און זיך זייער שטאַרק גערעכנט מיט זיין מיינונג. ער האָט זיך געריסן, ווי א קינד, אָפֿט מאָל צו האָבן מיט אים א קליינעם שפּאַציר איבער דער לאָדזשער הויפּטגאַס. ביי אַזא שפּאַציר האָט טרונק געשיינט, געפֿילט זיך דערהויבן און געשעפּט פֿיל פֿאַרגעניגן.

ביי דער געלעגנהייט איז בדאַי צו דערמאָנען, אַז נאָר א דאַנק ליכטנ־שטיינען איז י. י. טרונק געקומען צום „בונד" און האָט זיך באַהאַפֿטן אויף אַלע מאָל מיט לייב און לעבן מיטן „בונד". די גרויסע באַגייסטערונג פֿאַרן „בונד" האָט י. י. טרונק פּאַקטיש גענומען פֿון ליכטנשטיינען, וואָס האָט אים אָנגעצונדן...

טרונק האָט אין „ליכטנשטיינען דעם בונדיסט" מיט פֿרייד געפֿונען די געשטאַלט פֿון א נייעם, מאָדערנעם יידן פֿון אונדזער צייט. ער זאָגט דאָס אַרויס אין זיין בוך „פּוילן" מיט די ווערטער:

„ער איז געווען א בונדיסט א תּלמיד־חכם. ער האָט געהאַט די טיפֿסטע סימפּאַטיעס פֿאַר פּראָסטע ניט־געלערנטע מענטשן. און די פּשוטקייט פֿון יידישע פֿאָלקסמאַסן איז פֿאַר אים געווען א הויכע מדרגה פֿון מענטשלעכער איידלקייט. אין דער זעלבער צייט איז ער געווען דער פֿאַרליבטער אין דער ליטעראַטור און אין אַלטע יידישע ספֿרים. פֿאַר מענטשן, וואָס האָבן ווייניק פֿאַרשטאַנען דעם בונדס טיפֿע וואָרצלען אין דער יידישער קאָנטינואיטעט איז עס אויסגעקומען פֿרעמדלעך צו זען ווי א פֿירער און קעמפֿער פֿון „בונד" זיצט ביי א העברעאישן ספֿר, ביי א מדרש צי ביי א ספֿר אגדה. איך ווייס נישט צי איז עס ליכטנשטיינען גופֿא געקומען צום באַוווסטזיין, אַז דאָס דאָזיקע פֿאַרליבטע לייענען זיינס אין די אַלטע יידישע ספֿרים איז נישט בלויז ביבליאָפֿילישע ניינעריקייט נייערט דאָס געפֿיל, אַז די פּסיכיק פֿון א יעדער טאָט פֿון די יידישע מאַסן איז א היסטאָרישע קאָנטינואיטעט און אויך דער „בונד" קומט אַרויס פֿון די אַלטע יידישע קוואַלן. בלויז דאָס געשטאַלט פֿון „בונד" איז א מאָדערנע, אָבער זיינע וואָרצלען גרייכן זייער טיף אין דער יידישער אַמאָליקייט".

טרונק האָט אַרויסגעבראַכט זיין באַגייסטערונג פֿאַר ליכטנשטיינען פֿאַר־שידנאַרטיק. ביי א געלעגנהייט, נאָך ליכטנשטיינס א רעפֿעראַט האָט ער א מאָל געזאָגט צו א גרופּע אַרום אים: „אויב צום בונד געהערן אַזעלכע

גרויסע פּערזענלעכקייטן ווי עס איז ישׂראל ליכטנשטיין, דאָס אַליין איז שוין אַ גענוגנדיקער סימן, אַז צו אַזאַ פּאַרטיי דאַרף מען געהערן".

עס איז כדאַי צו דערמאָנען, אַז כאָטש אַלישע קאָן, ליכטנשטיינס נאָענטער פֿריינט, איז געווען „אַ גאַנצן סוחר", קיין מאָל נישט געווען קיין שרייבער, קיין פּאַרטיימענטש אָדער געזעלשאַפֿטלעכער טוער, האָט ער דאָך נושׂא חן געווען ביי ליכטנשטיינען. זיי האָבן זיך געחברט, אָפֿט מאָל שפּאַצירט זאַלבע צווייט איבער די לאָדזשער גאַסן און פֿלעגן קומען צו זיך.

אמת, אַלישע האָט געקאָנט זייער גוט לערנען (ער איז אַ מאָל געווען אַ גרויסער אַלעקסאַנדערער חסיד), געהאַט אַ קילן שכל הישר, געווען אַ מענטש פֿון ספֿר, פֿיל געלייענט און נאָך מער פֿאַרשטאַנען. ער האָט געהאַט אַ שטאַרקן אינטערעס צו אַלגעמיינער קולטור און גרויסן סענטימענט פֿאַר דער יידישער ליטעראַטור און אויך געווען אַ שטילער, ברייטער, אַנאָנימער שטיצער פֿאַר אונדזערע וועלטלעכע שולן און פֿאַרן „בונד". אַלישע איז וואַרשיינלעך אומגעבראַכט געוואָרן אין טרעבלינקע.

די פֿירמע „ברידער קאָן און טרונק", וואָס איז געווען זייער גוט באַקאַנט אין דער לאָדזשער סוחרישער וועלט, איז נישט ווייניקער באַקאַנט געווען אין דער קינסטלעריש־ליטעראַרישער יידישער וועלט אין לאָדזש. דאָס אייבערשטע פֿון שטויסל אין דער דאָזיקער סביבה מיט אַלע אירע מעצענאַטן פֿלעגן זיין שטאַמגעסט ביי אַלישען אין קאַבינעט. ליכטנשטיינס אָפֿטע וויזיטן האָבן צוגעגעבן אַ קאָליר צו דער ספּעציפֿישער אַטמאָספֿער.

נישט איין מאָל פֿלעגט זיך ליכטנשטיין דאָרט טרעפֿן מיט זיינע פֿאַרשידענע פֿריינד־פּאָעטן, שרייבער און קינסטלער. איך וויל דאָ אויסרעכנען נאָר עטלעכע. איינער פֿון זיינע נאָענטע איז געווען דער פּאָעט יצחק קאַצענעלסאָן, אגב אויך אַלישעס זייער אַ נאָענטער פֿריינד. וועלכער איז אַלע מאָל געווען פֿריילעך, פֿול מיט יוגנטלעכן ברען. אָפֿט מאָל פֿלעגט ער זיך צוזינגען אויפֿן קול און צוטאַנצן, און מיר פֿלעגן אים הערן דורך די פֿאַרמאַכטע טירן פֿון קאַבינעט. ווי ער האָט געזונגען יידישע און העברעאישע לידער, און ליכטנשטיין האָט אים אונטערגעהאַלטן און מיטגעברומט. צווישן אַנדערע זיינען געווען — דער שטענדיק לאַכנדיקער קונסטמאָלער וויצער ברוינער, דער מוזיקער הענעך קאָן, וועלכער פֿלעגט אַרומגיין אַלע מאָל און ברומען „אַראַראַט־אַזאַזעל"־מוזיק און אַקאָמפּאַנירן עס מיטן קלאַפּן זיינע פֿינגער אין יעדן שרייבטיש פֿון אונדזער אָפֿיס, און דער באַקן־בערדיקער משה בראָדערזאָן מיט זיין מאָנאָקל, מיט וועלכן ער האָט געהאַט גרויסע צרות, עס זאָל זיך ביי אים האַלטן אויפֿן אויג. צייטנוווייז פֿלעגט זיך דאָ באַווייזן שלום אַש, ווען ער פֿלעגט באַזוכן לאָדזש, און אַ סך אַנדערע שרייבער און קינסטלער. פֿאַר יעדן איינעם פֿון זיי איז געווען אַ כבוד צו באַגעגענען זיך מיט ליכטנשטיינען און זיך געפֿינען אין זיין געזעלשאַפֿט. עס איז זיי געווען

געלעגן אויף ליכטנשטיינס א גוטע מיינונג. ליכטנשטיינס קריטיק איז הויך געשעצט געווען אין דער גאנצער יידישער ליטעראַרישער און קינסטלע־רישער וועלט אין לאָדזש.

יצחק קאַצענעלסאָנס און ישראל ליכטנשטיינס פריינדשאַפט איז געווען פון ספּעציפישן כאַראַקטער. זיי האָבן געהאַט אַ סך געמיינזאַמעס אויף פאַר־שידענע געביטן. זיי האָבן ביידע געצויגן זייערע פּרנסות פון מלמדות, ביידע זיינען געווען לערער פון מיטלשולן, ביידע זיינען קיין מאָל נישט געווען קיין גבירים, ביידן האָט אַלע מאָל געפעלט „אַ טאָג אין דער וואָך" צו דער פּר־נסה, און זיי זיינען אַלע מאָל געווען פאַרוועקסלט און פאַרחובט ביז אי־בערן קאָפּ. ביידע זיינען געווען גרויסע ליבהאָבער פון דער יידישער און העברעאישער ליטעראַטור. אַרום זיי האָט זיך אַלע מאָל גרופּירט דאָס יידיש־ליטעראַרישע און באָהעמיש־קינסטלערישע לאָדזש. זייערע היימען זיינען געווען ענלעך, כמעט פון זעלבן כאַראַקטער, געהאַט אַ שם מיט גרויסער פריינדלעכקייט און ברייטהאַרציקייט פאַר אַלעמען.

צו ביידן פלעגן יונגע אָנפאַנגער־שרייבער קומען מיט זייערע כתבים אונטער די פאָלעס, מיט אַ בקשה מען זאָל דורכקוקן און קאָרעגירן זייערע אַרבעטן, און זיי האָבן געוואַרט מיט אומגעדולד אויף צו הערן אַ גוט וואָרט, וואָס זאָל זיי באַפליגלען צו ווייטערדיקע שאַפונגען.

ביידע זיינען געווען הייסע יידן און אידעאַליסטן. כאָטש פּאָליטיש זיי־נען זיי זיך שטאַרק פונאַנדערגעגאַנגען, האָט געלעבט אין זייערע נשמות די זעלבע האָפענונג אויף אַ שענערער וועלט. יצחק קאַצענעלסאָן איז געווען אַ מייסטער פון געשריבענעם וואָרט און ישראל ליכטנשטיין — אַ מייסטער פון געזאָגטן, לעבעדיקן וואָרט.

ליכטנשטיין איז אויך געווען באַפריינדט מיט שלום אַש. אַש האָט וועגן ליכטנשטיינען געהאַט אַ זייער געהויבענע מיינונג. ער האָט זיך מיט אים זייער גערעכנט — דאָס אַליין איז געווען אַ זעלטנהייט ביי אַשן. אַש איז געווען, ווי אַלע ווייסן, אַ גרויסער שטימונגסמענטש, ער האָט קיין מאָל נישט געהאַט קיין פעסטע פּאָליטישע איבערצייגונגען און בטבע מיט קיי־נעם זיך נישט גערעכנט. צו ליכטנשטיינען אָבער און צו ליכטנשטיינס בונדיזם האָט ער זיך באַצויגן אַלע מאָל ערנסט און מיט גרויס דרך־ארץ.

אַ מאָל איז שלום אַש אַריינגעקומען צו אונדז אין דער באַגלייטונג פון ליכטנשטיינען. ליכטנשטיין האָט דעמאָלט פאָרגעשטעלט שלום אַשן פאַר אַלישען. ער האָט זיי ביידן געשיקט מיט אַ שליחות צו אַשער קאָגנען (דעם „קעניג פון ווידזעוו"), זיי זאָלן זיך באַמיען פון אים „אַרויסצונאַרן" אַ גרעסערע סומע געלט פאַר אונדזערע וועלטלעכע שולן. מען האָט געדאַרפט זיין אַ ליכטנשטיין צו פועלן ביי דעם שטאָלצן אַשן צו גיין אַזאַ גאַנג.

די פֿריינדשאַפֿט צווישן שלום אַשן און ליכטנשטיינען איז קאַליע געוואָרן צוליב דער האַלטונג פֿון אַשן אויף אַ בונדישער ליטעראַרישער אונטערנעמונג אין דער לאָדזשער פֿילהאַרמאָניע. שלום אַש האָט זיך דעמאָלט געהאַט אומגעקערט קיין פּוילן נאָך זיין אַ לענגערע צייט אין אייראָפּע און אַמעריקע. ער האָט זיך געהאַט צוריק באַזעצט אין וואַרשע. גראָד אין יענער צייט זיינען שלום אַשס שטימונגען און איבערציייגונגען געווען נאָענט צו די יידישע אַרבעטער־מאַסן. די פֿאַרוואַלטונג פֿון דער גראָסער־ביבליאָטעק אין לאָדזש האָט געוואָלט אויסנוצן די גינסטיקע שטימונג ביי אַשן און אים איינגעלאַדן צו האַלטן אַ פֿאַרלעזונג אויף דער טעמע: „יידישע ליטעראַטור און יידישע פֿאָלקס־מאַסן". מען האָט געלאָזט וויסן דעם עולם מיט גרויסע אַפֿישן וועגן דעם רעפֿעראַט פֿון חשובן גאַסט און אויך געמאָלדן, אַז באַגריסן וועט אים ישראל ליכטנשטיין. פֿאַרשטענדלעך, אַז דער לאָדזשער פֿילהאַרמאָניע־זאַל איז געווען פֿול. ס'רוב געקומענע זיינען געווען בונדיסטן. אין זאַל האָבן זיך אויך געפֿונען מיטגלידער פֿון אַנדערע פּאַרטייען, וועלכע האָבן געהאַט אַן אינטערעס פֿאַר יידישער ליטעראַטור. ווען שלום אַש האָט זיך באַוויזן מיט זיין פֿרוי אין דעם גרויסן פֿילהאַרמאָניע־זאַל אין דער באַגלייטונג פֿון ליכטנשטיינען, האָבן זיך אַלע אויפֿגעשטעלט און זיי אויפֿגענומען מיט שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן, די שטימונג איז געווען אַ יום־טובדיקע.

געעפֿנט די פֿייערלעכע פֿאַרלעזונג האָט ח.ל. פּאָזנאַנסקי. דאָס וואָרט האָט באַקומען דער באַגריסער — ליכטנשטיין. ער האָט מקבל פּנים געווען שלום אַשן מיט שענסטן און בעסטן, אַזוי ווי ער, דער ליטעראַטור־קענער, האָט געקאָנט. שלום אַש, זיצנדיק אין פּרעזידיום נעבן פּאָזנאַנסקין, האָט מיט דער גרעסטער אויפֿמערקזאַמקייט זיך צוגעהערט צו יעדן וואָרט, וואָס ליכטנשטיין האָט אַרויסגעזאָגט, און געמאַכט נאָטיצן. שפּעטער האָט ער אַליין גענומען דאָס וואָרט. ער האָט האַרציק באַדאַנקט ליכטנשטיינען פֿאַר דעם גרויסן כבוד, וואָס ער האָט אים צוגעטיילט. דאַן איז ער אַריבער צו זיין טעמע און גערעדט וועגן דער יידישער ליטעראַטור און אירע פּערספּעקטיוון. ער איז געקומען צום אויספֿיר, נאָך אַ לענגערער רעדע, אַז דאָס וואָס העלפֿט אים צו זיין שלום אַש, זיינען די יידישע פֿאָלקסמאַסן, און צוליב זיי לוינט זיך צו זיין אַ יידישער שרייבער. זיי, די יידישע פֿאָלקס־מאַסן, זיינען די אינספּיראַציע פֿאַר זיינע שאַפֿונגען. ער האָט זיך געוואָנדן צו די זיצנדיקע אין זאַל און אויסגעשריגן: „אַ דאַנק אייך בין איך שלום אַש!" דער גאַנצער זאַל האָט געשטורעמט מיט אַפּלאָדיסמענטן. און פּלוצים פֿון דער הוילער הויט איז ער אַזוי ווי פֿאַרקראַכן מיט אַן „אָבער" און געזאָגט, אַז ארץ־ישראל איז די איינציקע לייזונג פֿאַר אַלע יידישע צרות

און פּראָבלעמען. א טייל צוהערערס האָט דאָס אויסגענוצט און שטאַרק אַפּלאָדירט.

ליכטנשטיין און פּאָזנאַנסקי האָבן געקוקט אויף אַשן מיט אַ פּאָרוואורף. ער אַליין האָט אחר־המעשה געפֿילט, אַז ער האָט גערעדט וואָס ער האָט נישט געדאַרפֿט, אָבער עס איז שוין געווען אָפּגעטאָן, און דער גאַנצער אָוונט מיט קבלת פּנים און מיט דער יום־טובדיקייט האָט פֿאַרלוירן דעם חן און גלאַנץ. נאָך דעם רעפֿעראַט איז שלום אַש אַוועק צו טרונקן (טרונק האָט דעמאָלט געוווינט אין פּרוסאַקס פּאַלאַץ אויף דער ליפּאָווע גאַס). דאָרטן איז געווען צוגעגרייט אַ גרויסער באַנקעט. די טישן זיינען געווען געגרייט מיט כל־טוב און דער גרויסער עסזאַל פֿון דעם פּאַלאַץ האָט זיך געבאָדן אין ליכט.

ווען אַש איז געזעסן אַליין אין טרונקס עלעגאַנטן, באַקוועמען שרייב־צימער, זיינען אַלע געסט שוין געזעסן אָנגעצמורעטע אַרום דעם טיש און געוואַרט. ענדלעך האָט ער זיך באַוויזן, אויך אַן אָנגעכמורעטער. ווען ער האָט נאָר באַמערקט די אַרומיקע זויערע פּנימער, האָט ער זיך האַסטיק אַ הויב געגעבן פֿון שטול און מיט דער פֿויסט אַ שטאַרקן זעץ געגעבן אין דעם שיין געדעקטן טיש, אַז אַלץ האָט אַ ציטער געטאָן. ער האָט אַ געשריי געטאָן: „איך בין שלום אַש, און איר וועט מיר נישט דיקטירן, ווי אַזוי איך דאַרף זיך פֿירן". באַלד האָט פּאָזנאַנסקי זיך אויך אויפֿגעהויבן און מיט אַ שטאַרקן קלאַפּ אין טיש דערקלערט: „איר קענט זיין טויזנט מאָל שלום אַש, אָבער אויף אונדזערע אונטערנעמונגען וועט איר זיך פֿירן ווי מען דאַרף".

מיט דעם האָט זיך געענדיקט דער באַנקעט. אַלע זיינען זיך ברוגז פֿונאַנ־דערגעגאַנגען, נישט געניסנדיק פֿון די גוטע מאכלים, וואָס זיינען געווען צוגעגרייט.

ליכטנשטיין מיט אַשן האָבן שפּעטער געהאַט אַ לאַנגן אינטימען שמועס אין טרונקס שרייבצימער. נאָך דעם שמועס, האָט מען געזאָגט, האָט זיך אַש צעוויינט.

די יידישע פּרעסע אין לאָדזש האָט אויף צו מאָרגנס דעם „בונד" נישט געשוויגט. דער ציוניסטישער „לאָדזשער טאָגעבלאַט" איז אַרויס מיט אַ גרויסן קאָפּ און דערקלערט, אַז „שלום אַש האָט געוואָרפֿן אַ פּעטאַרדע אין דער בונדישער מחנה". די ציטונג האָט דערציילט דעם לאָדזשער עולם מיט איינצלהייטן וועגן דעם „שטיקל", וואָס שלום אַש האָט אָפּגעטאָן דעם „בונד".

דאָס האָט זיך ערשט איינגעשטילט נאָך די אָפֿענע בריוו פֿון שלום אַשן און ליכטנשטיינען, וואָס האָבן זיך באַוויזן אין דער וואַרשעווער בונדישער

„אונזער פֿאָלקסצייטונג". דעם דאָזיקן אינטערעסאַנטן בריוואויסטויש ברענג איך דאָ אין אַ פֿאַרקירצונג.

ליכטנשטיינס בריוו איז געווען געדרוקט אין „אונזער פֿאָלקסצייטונג" דעם 10טן אָקטאָבער 1924. אָט איז זיין אינהאַלט:

„זייער געערטער פֿריינד!

דעם 30סטן סעפּטעמבער האָט די אַרבעטער־ביבליאָטעק אויפֿן נאָמען פֿון בראָניסלאַוו גראָסער אין לאָדזש איינגעאָרדנט אַ ליטעראַרישן אָוונט מיט אייער אָנטייל און פֿאַר אייער כּבֿוד וועגן.

די פֿאַרוואַלטונג פֿון דער ביבליאָטעק האָט געוואָלט אויסנוצן אַ גע־לעגנהייט, וואָס איר האָט זיך נאָך אַזוי פֿיל יאָרן אָפּוועזנהייט באַזעצט אין אונדזער לאַנד, און זי האָט געוואָלט געבן דעם יידישן אַרבעטער — דעם פֿאַרערער פֿון אייער טאַלאַנט, די מעגלעכקייט אייך מקבל־פּנים צו זיין און אויסדריקן זיינע האַרציקע געפֿילן צו אייך — דעם גרויסן קינסטלער פֿון יידישן וואָרט.

און די לאָדזשער יידישע אַרבעטער האָבן זיך טאַקע מאַסנווייז צונויפֿ־געשטעלט. נישט געקוקט אויף דער אומגעהויער שווערער עקאָנאָמישער לאַגע, אין וועלכער זיי געפֿינען זיך חדשים־לאַנג, האָבן זיי איבערגעפֿילט די צוויי טויזנט ערטער אין לאָדזשער פֿילהאַרמאָניע־זאַל. זיי האָבן אייך אויפֿגענומען מיט אַזאַ פֿייערלעכקייט און האַרציקייט, און דאָס האָט אייך געזאָלט געבן די העכסטע באַפֿרידיקונג, וואָס אַ קינסטלער קען דערוואַרטן: דעם באַוווּסטזיין אַז עס איז דאָ אַן אוידיטאָריע, וואָס פֿילט און פֿאַרשטייט אים, אַן אוידיטאָריע פֿאַר וועלכער עס איז כּדאַי צו שאַפֿן.

דאָך האָט איר געהאַלטן פֿאַר מעגלעך אין אַזאַ פֿייערלעכן מאָמענט, ווען די בונדישע סאָציאַליסטישע יידישע אַרבעטער פֿון לאָדזש זיינען געקומען באַערן אין אייער פּערזאָן די יידישע ליטעראַטור, צו וואַרפֿן די דאָזיקע אַרבעטער, ווי אַ הענטשקע אין פּנים אַריין, אייער ציוניסטישן אַני־מאמין אָדער אייערע ציוניסטישע שטימונגען!

זייט מיר טויזנט מאָל מוחל און דערקלערט מיר וואָס פֿאַר אַ שייכות האָבן געהאַט אייערע ציוניסטישע שטימונגען פֿון דער לעצטער צייט מיט אונדזער ריין ליטעראַרישער אונטערנעמונג?

דער יידישער אַרבעטער ווייסט גאַנץ גוט, אַז אין דער היינטיקער קאַפּי־טאַליסטישער געזעלשאַפֿט זיינען גאַנץ אָפֿט די גרעסטע קינסטלער געצוווּנ־גען צוליב מאַטעריעלע באַדינגונגען מיטצואַרבעטן אין אָרגאַנען, מיט וועלכע זיי זיינען אייגנטלעך נישט פֿאַרבונדן, אָבער מיט אַ געפֿיל פֿון ביטער־קייט קוקט זיך דער יידישער אַרבעטער צו ווי זיינע שרייבער — די שעפֿער פֿון זיין ליטעראַטור — פֿאַרלאָזן אים אידעאיש.

עס וואָלט געווען אומענדלעך נאַאיוו צו מיינען, אַז אייער אַרויסטריט האָט געקאָנט כאָטש אויף איין האָר ווירקן אויף די פּאָליטישע איבערצייגונגען אַפילו פון דעם סאַמע יינגסטן פון אייערע לאָדזשער צוהערערס.

איר האָט מסתמא באַמערקט אויף דעם זעלבן אָוונט אַזאַ כאַראַקטעריסטישן פאַקט, וואָס די לאָדזשער יידישע בורזשואַזיע איז נישט געקומען אייך הערן — זי איז נישט געקומען נישט נאָר דערפאַר, ווייל זי האָט נישט קיין אינטערעס פאַר ליטעראַטור, נאָר אויך דערפאַר וואָס זי האָט זי אויך באמת פיינט! אַזוי ווי אושיסקינס מחנה, וווּ איר קלויבט זיך אַריבערצוגיין, וועט אייך קיין מאָל נישט מוחל זיין דעם פאַקט, וואָס איר עקסיסטירט אַלס יידישער שרייבער!

דאַרפט איר באַווייזן?

דערמאָנט זיך וועגן די אומפאַרשעמטע און ציניש<br>עפאַרפאָלגונגען פון יידישן וואָרט אין אייער אויסגעחלומטן נייעם יישוב אין פּאַלעסטינע מיט איר „גדוד מגיני השפה"?

...נעמט כאָטשבי דעם לעצטן פּראָצעס פון דער דאָזיקער ווילדער חברה מיט דער אַליאַנס־שול, איר אָנפאַל מיט שטעקנס און באַטעקעס אויף די לערער און קינדער דערפאַר, וואָס זיי רעדן נישט קיין לשון־קודש!

און ווי אַזוי זעט דאָס אויס ביי אונדז? — איז דען פאַראַן ביי אונדז אין לאַנד אַ ריכטונג, וואָס זאָל פירן אַזאַ אומפאַרשעמטע אויסראָטונגפּאָליטיק לגבי דעם יידישן וואָרט און דער יידישער ליטעראַטור, ווי די ציוניסטן און זייערע שולן? און זייער באַציאונג צו אונדזערע וועלטלעכע שולן?

נוצן זיי דען נישט אויס יעטוועדע געלעגנהייט סיי אין סיים, סיי אין די שטאָטראַטן, סיי אַנדערשוווּ — ווּ עס לאָזט זיך נאָר, כדי צוזאַמען מיט די ענדעקעס צו באַגראָבן די יידישע וועלטלעכע שול?

אָט דאָס איז דער גייסט און אַנדערש קאָן גאָרנישט זיין. און אָט אין דעם ציוניזם באַהעפט איר אייך — ווייל קיין אַנדער ציוניזם איז נישטאָ, ווייל דער אַנדערער עקסיסטירט נאָר אין אייער קינסטלערישער פאַנטאַזיע — בעת איר טוט אַזוי, פאַרמעסט איר זיך אונטערצוגראָבן דעם צווייג, אויף וועלכן איר, דער גרויסער יידישער שרייבער, זיצט, פון וועלכן איר שעפּט אייער קינסטלערישע יניקה.

מיינע עלטערע חברים פון לאָדזש האָבן זיך געפילט באַזונדער שמערצלעך געטראָפן פון אייער אַרויסטרעטונג נאָך צוליב אַן אַנדער סיבה: זיי האָבן זיך דערמאָנט וואָס ס'איז געווען אַ מאָל. אויב איך האָב נישט קיין טעות, איז מיט צען יאָר צוריק פאָרגעקומען ביי אונדז דער פּאָליטישער „מילה־סקאַנדאַל" — אַלס קינסטלער מיט אַ פילבאַר געוויסן האָט איר

ארויסגעוויזן דעם גרויסן פּערזענלעכן מוט זיך אַנטקעגן צו שטעלן דער ווילדער געוואַלט־טאַט, וועלכע איז אין נאָמען פון „טראַדיציע" און דת באַגאַנגען געוואָרן קעגן אַ מענטשן. די גאַנצע בירגערלעכע עפנטלעכקייט מיט יאַצקאַנען, מיט דעם „היינט" בראש איז מיט אַ ווילדן געביל אַרויס־געטרעטן קעגן אייך — קיינער פון דער אַזוי גערופענער „געזעלשאַפט" האָט נישט געוואַגט צו קומען אייך צו הילף. און בשעת אונדזער אומפּאַרגעסלע־כער פּריץ האָט געוואָלט אייך נעמען אונטער זיין שוץ, איז עס געווען די לאָדזשער בונדישע „האַרפּע", וואָס האָט אים דערין געהאָלפן.

און צום סוף נאָך איינס:

באַלד נאָכן אינצידענט אויף אונדזער אָוונט האָב איך מיר דערלויבט אייך צו זאָגן: איין גרויסן טרייסט און נחת־רוח האָב איך בעתן אינצי־דענט געהאַט — דאָס איז די וווּנדערבאַרע ווירדיקע האַלטונג פון מיינע חברים, וואָס נישט געקוקט אויף דער גאַנצער שמערצלעכקייט פון דער באַליידיקונג, האָבן זיי זיך אַזוי זעלבסט באַהערשט.

ווייסט איר פאַר וואָס? אַזוי האָט זיי דיקטירט די ליבע און אכטונג צו דער יידישער ליטעראַטור, וועלכע קיין שום אינצידענטן זיינען נישט אין שטאַנד אונטערצוגראָבן.

מיט דרך־ארץ

(—) י. ליכטנשטיין

שלום אַש ענטפער צו ליכטנשטיינען געפינט זיך אויך אין „אונזער פאָלקסציימונג" פון 12טן אָקטאָבער 1924 (איך גיב דאָס איבער פאַרקירצט).

אַן אָפענער בריוו פון שלום אַשן:

„מיין ליבער פריינד ליכטנשטיין!

ערשטנס וויל איך אייך זייער הערצלעך דאַנקען פאַר דעם פריינדלעכן און אָנשטענדיקן טאָן, וואָס איר האָלט אָן אין אייער בריוו צו מיר. דאָס איז ביי אייך (זייט מוחל — ביי אונדז) אין פוילן אַזאַ זעלטנהייט, וואָס עס ווערט אָנגעווענדט נישט נאָר צו אַ פיינט נאָר אפילו צו אַ פריינד... איך ווייס, אַז איך האָב דאָס צו פאַרדאַנקען נישט בלויז אונדזער אַלטער פריינדשאַפט, נאָר אויך אונדזערע געמיינזאַמע אינטערעסן.

איך האָב געזינדיקט, איך בין זיך מודה ומתוודה — איך בין געקומען אויף אַ בונדישן אָוונט, אוודאי וואָלט עס געווען געזינטער פאַר מיר און בעסער און שענער פאַר לייטן — ווען איך זאָל קומען צו ציוניסטן און

רעדן פֿון ארץ־ישראל, און קומען צו בונדיסטן און רעדן וועגן „בונד".
עס וואָלט געווען באַקוועמער — אָבער נישט ערלעכער, ליבער פֿריינד.

וואָס איך בין און ווער איך בין, קענט איר מיך דאָך גאַנץ גוט. איך האָב זיך נישט ליב צו באַהאַלטן מיט מיינע געפֿילן און איבערצייגונגען.

ליבער פֿריינד, איר האָט געוווּסט ווויל, אַז איך האָב ליב ארץ־ישראל, אַז זייט איך האָב זיך צוגעקוקט צו אונדזער לעבן (אין אַמעריקע האָב איך נאָך געהאַפּט אויף פּוילן, נאָר זייט איך בין אין פּוילן, און קוק זיך צו צו דער צוזאַמענפֿאַלונג פֿון אונדזער גייסטיקן און עקאָנאָמישן לעבן), זיינען מיינע שטימונגען צו ארץ־ישראל נאָך פֿיל שטאַרקער געוואָרן. איבריגנס, איז מיין געפֿיל צו ישראל נישט קיין אויסערלעכער, וואָס קומט צוליב גלאַט אַזוי אַ „להכעיס ארץ־ישראל", ווי עס איז דער פֿאַל ביי פֿיל ציוניסטן, נאָר מיין ארץ־ישראל איז אַ ריין אינערלעכע איבערלעבונג, וואָס קוואַלט אַרויס פֿון מיין גאַנצן מהות.

דאָס האָט איר גאַנץ געוווּסט. איר האָט עס געקענט גוט אַרויספֿילן פֿון מיינע שאַפֿונגען, וועלכע איר ווייסט אַזוי צו ערן, און איר האָט עס גאַנץ גוט געקענט וויסן פֿון אַלע מיינע אַרויסטרעטונגען די לעצטע יאָרן זייט דער מלחמה סיי אין אַמעריקע און סיי דאָ ביי אונדז.

און די ציוניסטן?

איך שענק זיי אייך — פֿאַברענט זיי, צעהרגעט זיי, מאַכט פֿון זיי אַ תל, אָבער וואָס איז ארץ־ישראל שולדיק? אַז ביי אונדז האָבן זיך איינגעוויקלט אין אַ ציוניסטישן טלית אַזעלכע פֿאַרפֿוילטע דורך און דורך אַסימילאַטאָרן ווי עס זיינען די ד"ר ברווידעס, ד"ר טהאָנס און אַלע אונדזערע גאַליציאַנער דאָקטוירימלעך, וועלכע גראָבן אונטער בידם יעדעס יידישע לעבן, שטערן און ליגן שטיינער! אוודאי איז זייער כוח שטאַרק, ווייל זיי האָבן די העזה צו רעדן אין נאָמען פֿון ציון. נאָר איך פֿאַרזיכער אייך, אַז עס גייט זיי פּונקט אַזוי אָן ציון, ווי עס גייט זיי יעצט אָן פּוילן. זיי זיינען פּונקט אַזעלכע פֿאַליאַקן, ווי ציוניסטן. דאָס זיינען דערגרייכער, וועלכע פּאַסן זיך צו צום מאָמענט. ווי עס איז זיי באַקוועמער. נעכטן האָבן זיי געפּריידיקט דייטש, היינט — פּויליש און וואָס זיי וועלן מאָרגן רעדן, ווייס איך נישט.

אָבער וואָס איז ארץ־ישראל שולדיק? אוודאי זיינען דאָ צווישן די ציוניסטן היפּאָקריטן, פֿיינט פֿון די יידישע מאַסן. נאָך מער, איך פֿאַרזיכער אייך, אַז דאָס וואָס אַ טייל יידישע אַרבעטער האָבן פֿאַרלוירן יעדעס גלייכגעוויכט און לאָזן זיך אויף צווייפֿלהאַפֿטע וועגן, זיינען דאָס שולדיק אָט טאַקע יענע לייט, וואָס האָבן די חוצפּה צו רעדן אין נאָמען פֿון יידן, פֿון יידישע אידעאַלן, און שעמען זיך און פֿאַראַכטן און מיאוסן זיך מיט די

יידישע מאסן און רעכענען זיך נישט מיט זייערע אינטערעסן; זעלבסט־פארשטענדלעך, רופט דאס ארויס ביי די יידישע מאסן א פארצווייפלטע פארביטערונג און פירט זיי אויף פארבלאנדזשעטע וועגן.

אבער וואס איז ארץ־ישראל שולדיק? וואס זיינען שולדיק אט יענע יונגעלייט, וואס שטייען אויף די פעלדער פון גליל און ווילן זיך אין ערלעכ־קייט און שיינקייט און אידעאלער ברידערלעכקייט אויסלעבן זייער קארג ארעם לעבן אויף אונדזער ערד?

טאר איך נישט מיט זיי מיטפילן? באדארף איך זיך נישט פרייען מיט דעם נייעם יידישן אידעאליזם, דערפאר וואס ביי אונדז זיינען דא ד״ר טהאנס און ד״ר ברוידעס?

איר זאגט, אז איך האב עס נישט געדארפט אויסנוצן אויף אייערער א שמחה מיט דער יידישער ליטעראטור. איך האב געוואלט ארויסברענגען דעם זעלבן געדאנק פאר די בונדיסטן פון גראסער־ביבליאטעק וואס איך האב אנטוויקלט אין מיין ארטיקל אין דעם ציוניסטישן „היינט״, אז פילנ־דיק זיך צוגעבונדן צו ארץ־ישראל, באדארף מען מלחמה האלטן מיט יענעם עלעמענט פון די ציוניסטן, וועלכע ווילן עקספלאאטירן די אידייע פון ארץ־ישראל פאר זייערע אסימילאטארישע טענדענצן.

איך בין דער זעלבער שלום אש צי איך שטיי פאר ציוניסטן צי פאר בונדיסטן און דערפאר, וואס די פריינד פון „הארפע״ האבן מיר דערנסמאל נעהאלפן ביים מילה־סקאנדאל, פאר דעם דארף איך זיי גארנישט דאנקבאר זיין, אז איך זאל צוליב דעם באדארפן מאכן קאנצעסיעס — ממה נפשך, איז מיין ארויסטרעטונג קעגן מילה פון א געשטארבן קינד געווען א גערעכ־טע זאך, איז עס פונקט געווען די זאך אנצונעמען זיך דערפאר פון די מיטגלידער פון „הארפע״, ווי פון מיר.

האפנטלעך וועט זיך אן אנדער מאל בעסער איינגעבן.

מיט אמתער פריינדשאפט

אייער

**שלום אש**

מיט דער פטירה פון ישראל ליכטנשטיין האט דער „בונד״ פארלוירן איינע פון די שענסטע און גרעסטע פערזענלעכקייטן.

ליכטנשטיין איז אין סאמע וועזן געווען א ראמאנטיש־גלייביקער סאציא־ליסט מיט א הויכער מאראל און מיט א טיף פילנדיק הארץ. ער איז נישט געווען קיין פראפעסיאנעלער שרייבער, אבער א פאעט בעל־פה. אין אים

האָבן די מאַסן געזען דעם אידעאַלן מענטשן פֿון דער צוקונפֿט. ער האָט זיי געוואָרעמט מיט זיין וועזן און באַגייסטערט מיט זיין לשון. ער איז געווען, לויט מיין מיינונג, דער אייגנאַרטיקסטער טוער אין דער גאַנצער בונדישער באַוועגונג.

די יוגנטלעכע, וועלכע ליכטנשטיין האָט דערצויגן, זיינען שוין היינט עלטער ווי ער אַליין, ווען ער איז נפֿטר געוואָרן. די געציילטע פֿון „זיין יוגנט", וואָס זיינען געבליבן לעבן נאָך דער גרויסער שחיטה פֿון אונדזער פֿאָלק, האָבן ביז היינט נאָך אין זייער נשמה דאָס וואָס ליכטנשטיין האָט אין זיי פֿאַרזייט. די לאָדזשער יוגנט האָט שטאַרקער ווי אַלע אַנדערע איבערגעלעבט ליכטנשטיינס טויט.

ליכטנשטיין איז געווען פֿאַר זיי אַ פֿאַרקערפּערונג פֿון דער יוגנט. ער האָט געטראַכט מיט יוגנטלעכן ברען און יוגנטלעכן גלויבן. ער האָט אַריינגעפֿלאָכטן פּאָעזיע אין זייער גרויער טאָג־טעגלעכער עקסיסטענץ. זיינע ווערטער האָבן געשטויסן די יוגנט צו טראַכטן.

די פֿאַנטאַזיע פֿון דעם יונגן צוהערער איז קיין מאָל נישט מיד געוואָרן פֿון זיין מאָלעריש דערציילן. מיר האָבן זיך צוגעהערט צו אים מיט שפּאַנונג, נישט צו פֿאַרלירן זיינס אַ וואָרט. צו גיין הערן ליכטנשטיינען אויף אַ ליטעראַריש־קינסטלערישער טעמע, צי דאָס איז געווען אין פּויליש, אָדער אין יידיש. איז געווען אַ יום־טוב, ווי צו גיין צו אַ שיינעם סמפֿאָנישן קאָנצערט. אַ יוגנטלעכער, וועלכער האָט נאָר איין מאָל געהערט אַזאַ רעפֿעראַט, איז געוואָרן זיינס אַ הייסער חסיד, אַפֿילו ווען ער האָט נישט געהערט צום „בונד".

די לאָדזשער יונגע אַרבעטער, די שילער און די סטודענטן, צי דאָס זיינען געווען בונדיסטן צי אַזוי גערופֿענע „ווילדע" פֿון די גרינע קרייזן, זיינען אין ליכטנשטיינען פּשוט געווען פֿאַרליבט. מען דאַרף זיין אַ לאָדזשער און איינער פֿון זיי, כדי צו באַנרייפֿן אין דער פֿולער מאָס ליכטנשטיינס מאַגנעטישע קראַפֿט און די טיפֿע ווירקונג, וואָס ער האָט געהאַט אויף דער לאָדזשער יוגנט און אויפֿן לאָדזשער עולם בכלל.

ליכטנשטיינס ירושה דאָס זיינען נישט קיין ווערק, וועלכע ליגן פֿאַרשטויבטע אויף די פּאָליצעס. זיין גרויסקייט ליגט אין דעם לעבעדיקן, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט. ליכטנשטיינס ירושה לעבט אין אונדז לעבעדיקע מענטשן פֿון זיין דור און זיין שטאָם, וואָס הערן נאָך איצט דעם עכאָ פֿון זיין קלינגנדיקן קול.

ליכטנשטיינס גייסט, בין איך זיכער, וועט זיין צווישן אונדז אַזוי לאַנג, ווי עס וועט לעבן דער לעצטער פֿון זיין דור און שטאַם, וועלכע ער האָט מיט אַזוי פֿיל איידלקייט דערהויבן.

קיין פּאַרטיי־טוער האָט נישט איבערגעלאָזט נאָך זיך אַזאַ נאָגנדיקע בענקשאַפֿט, ווי אונדזער ליכטנשטיין.

ליכטנשטיינען איז געווען באַשערט צו שטאַרבן איינזאַם אין דער ווייטער אַמעריקע, אָן זיין פּאַרטיי, און אָן זיין משפחה. און אויך איז אים באַשערט געווען צו ליגן אין דעם היינטיקן לאָדזש, אָן זיין פּאַרטיי, אָן זיין פֿאָלק און אָן זיין משפחה.

אין מחשבה אָבער זיינען מיר, די געציילטע לעבן־געבליבענע לאָדזשער בונדיסטן און אויך אַלע זיינע פֿאַרערער, צעזייטע און צעשפּרייטע איבער אַלע ימים, פֿיל מאָל עולה־רגל מיטן גרעסטן יראת־הכבוד צו זיין, צו אונדזער פֿאַריתומטן הייליקן קבר.

נ. בוימגאַרטן

# מיין פריינד ישראל ליכטנשטיין

איך האָב זיך געטראָפן דאָס ערשטע מאָל מיט ליכטנשטיינען אין 1915 אין דער לאָדזשער „הארפע", אָבער שוין פריער האָב איך געהערט זיין נאָמען אין דער שטוב פון דעם פּאָעט יצחק קאַצענעלסאָן: אין דער דאָזיקער שטוב פלעגן זיך טרעפן יונגע לייט, וואָס האָבן זיך אינטערעסירט מיט יידישן טעאַטער, ליטעראַטור און קונסט. דאָרטן האָב איך געהערט וועגן ליכטנשטיינען, דעם לערער פון טויב־שטומע. ער האָט דעמאָלט געהאַט אַ קאָנפליקט מיט דער שול־פאַרוואַלטונג צוליב יידיש און סוף־כל־סוף האָט ער אויפגעגעבן זיין אַרבעט אין דער שול, און גוטע, זיין פרוי, האָט פאַרנומען זיין אָרט.

ער האָט באַלד אויף מיר געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק. פון מיטעלער הייך מיט שווערע ברילן אויפן בלאַסן פּנים פול מיט קנייטשן, האָט ער אויסגעזען ווי אַן ערנסטער און באַזאָרגטער מענטש. מען האָט נישט געדאַרפט זיין קיין גרויסער מענטשן־קענער, כדי צו פאַרשטיין אַז דאָס איז אַ פּערזענלעכקייט פון אַ הויכער מאָראַלישער קוואַליטעט. איך בין באַלד געוואָרן צוגעצויגן צו אים, און שפּעטער איז ער געוואָרן פאַר מיר אַ ליבער און נאָענטער פריינד.

איך האָב זיך נענטער באַקענט מיט אים במשך פון דער וואַל־קאַמפּאַניע צום לאָדזשער שטאָטראַט אין 1916. איך, דער יינגסטער מיטגליד אין לאָדזשער קאָמיטעט, בין דעמאָלט געווען דער פאַרבינדער מיט דעם קרייז פון פאַרקאָנספּירירטער אינטעליגענץ, צו וועלכן ס'האָבן געהערט ליכטנשטיין, ד"ר מאַרגאָליס, פּאָזנאַנסקי און אָגוז. צו דער צייט איז ליכטנשטיין נאָך זיין קאָנפליקט מיט דער פאַרוואַלטונג פון דער שול פאַר טויב־שטומע געוואָרן אַ לערער פון יידישער געשיכטע אין צוויי פרויען־גימנאַזיעס — האַכשטיין און אַב.

איך האָב אָנגעהויבן אַריינצוקומען אָפט צו די ליכטנשטיינס אין שטוב. די משפּחה האָט פאַרנומען אַ וווינונג פון פינף צימערן אויף פּאַסאַזש

שולץ, שפעטער אַלייע פון 1טן מאַי. די וווינונג איז געווען אַ באַקוועמע, אָבער אַ באַשיידענע. דער קאָרידאָר האָט געפירט צום עסצימער, וווּ ס׳איז געשטאַנען אַ גרויסער טיש מיט שטולן און אַ קליינער בופעט. דער דיל איז געווען פון ברעטער, געפאַרבטע אויף רויט און שטענדיק געווען געוואַקסט און געגלאַנצט. די זון האָט פאַרפולט דאָס גרויסע צימער, עס איז געווען ליכטיק, לופטיק און אָנגענעם. דאָס שלאָפצימער מיט צוויי אייזערנע בעטלעך און אַ טישל האָט געדינט פאַר אַן אַרבעטס־צימער.

ליכטנשטיין פלעגט זיך לייגן שלאָפן גאַנץ שפּעט. ער פלעגט קומען שפּעט אַהיים פון פאַרזאַמלונגען, זיצונגען און לעקציעס און ערשט דע־מאָלט האָט ער זיך גענומען צום לייענען און אויך צוגרייטן זיינע לעקציעס אין די שולן. פּאַקטיש איז ער געשלאָפן נישט מער ווי 3-4 שעה אַ נאַכט אין משך פון לאַנגע יאָרן, און דאָס איז געווען איינע פון די סיבות, וואָס האָבן אונטערגעגראָבן זיין געזונט. מען פלעגט אויך זיצן ביז שפּעט ביי נאַכט, ווען עס פלעגן קומען נאָענטע פריינד — דער לערער פון געשיכטע שאַפּיראָ, דער שוועער פון שלום אַש, לערערס פון די פרויען־גימנאַזיעס, די פּאָזנאַנסקים, יצחק קאַצענעלסאָן, אפרים זעלמאַנאָוויטש, שמואל מיל־מאַן, ישעיה טרונק, זשאַמע און זאַכע דאַווידזאָן.

פון די פענצטער פון ליכטנשטיינס וווינונג האָט מען געזען דעם מאַסיוון פּאַלאַץ פון דעם באַרימטסטן לאָדזשער אינדוסטריעלער פּאָזנאַנסקי, גע־בויט פון שטיין און מאַרמאָר מיט ברייטע וועגן אין פראָנט פאַרן אריינ־פאָרן פון קאַרעטעס. אַ חוץ דעם דאָזיקן פּאַלאַץ, איז פּאַסאַזש שולץ געווען אַ גאַס פון באַשיידענע הייזער פון יידישן מיטלקלאַס. נישט ווייט איז געווען דער א״ג ענגלישער זאַל, וווּ עס פלעגן פאָרקומען פאַרזאַמלונגען פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן.

הגם סיי ליכטנשטיין, סיי זיין פרוי, האָבן געאַרבעט אַלס לערערס, האָט זייער פאַרדינסט נישט געקלעקט אויף אַ גאַנץ יאָר. אַ סך יאָרן האָבן זיי געמוזט זומערצייט עפענען אַ פּענסיאָנאַט (אַ זומער־האָטעל). אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע איז עס געווען אין גוסטעק, ביי דער פּיליציע, שפּעטער אין טרוואַזשעיאַנקע, נעבן דער סטאַנציע קאַליושקי, אויף דער וואַרשע־ווינער באַנליניע.

טרוואַזשעיאַנקע איז געווען אין גאַנצן אַן אָפּגעשלאָסן אָרט אין אַ טאָל מיט אַ געדיכטן וואַלד און אַן אָזערע, ווייט פון באַן־סטאַציע. אין דער גרויסער געביידע איז געווען דער פּענסיאָנאַט מיט אַן עסצימער פאַר אַ הונדערט פּערזאָן. די געסט זיינען געווען מייסטנס פון פאַרמעגלעכן מיטלקלאַס. זיי פלעגן קומען מיט זייערע קינדער. מ׳האָט געוווּסט, אַז ביי די ליכטנשטיינס וועלן די קינדער גוט פאַרברענגען, גוט עסן און האָבן אויך אַ גוטע אויפזיכט.

קיין עלעקטרישע ליכט איז אינעם האָטעל נישט געווען; פֿלעגט ליכט־שטיין גיין שלאָפֿן דער לעצטער; ער פֿלעגט אַ קוק טאָן, צי מען האָט פֿאַר־לאָשן די לאָמפּן אָדער די ליכט. און אויפֿשטיין האָט ער געדאַרפֿט דער ערשטער, ווייל פֿאַר טאָג פֿלעגן שוין קומען צושטעלער פֿון פֿאַרשיידענע פּראָדוקטן.

ווען איך האָב אים אַ מאָל געפֿרעגט, צו אים איז נישט פּריקרע זיך צו פֿאַרנעמען מיטן איינקויפֿן און דערליידיקן די חשבונות, האָט ער געזאָגט מיט אַ שמייכל: — ווען מען דאַרף העלפֿן דער פֿאַמיליע, איז נישטאָ קיין פּריקרע אַרבעט, אויב זי איז נאָר אַן ערלעכע.

איך געדענק, אַז ווען די פּאָליציי האָט געזוכט לאָדזשער בונדישע טוער אין 1920, פֿלעג איך און פּאָזנאַנסקי זיצן די גאַנצע צייט אין טרוואַזשעיאַנעק. ביי נאַכט פֿלעגן מיר זיך נישט לייגן שלאָפֿן כדי צו זיין אויף דער וואַך, אויב מען וועט קומען אונדז אַרעסטירן. ביי טאָג פֿלעגן קומען צו אונדז חברים פֿון לאָדזש; זיי האָבן איבערגעגעבן, וועמען מען האָט אַרעסטירט און ביי וועמען די פּאָליציי האָט געמאַכט רעוויזיעס; זיי האָבן אויך איבערגענומען פֿאַרשיידענע שליחותן פֿון אונדז אַלעמען.

איך האָב דעמאָלט זעלטן ווען געזען ליכטנשטיינען לאַכן. ער איז שטענדיק געווען פֿאַרטראַכט און מיד, און מען האָט געפֿילט, אַז ער טראָגט אַ גרויסן עול אויף זיך. די פֿיזישע אַרבעט און די אויפֿזיכט אויף אַזוי פֿיל געסט, און דערצו יונגוואַרג, איז נישט געווען קיין לייכטער ענין.

איך האָב געקענט ליכטנשטיינס ברודער, וואָס האָט געוווינט לאַנגע יאָרן מיט זיין פֿרוי און טאָכטער אין וואַרשע. ער איז געווען מיט עטלעכע יאָרן יינגער פֿון ישראלן און איז אויך געווען אַ לערער. איך געדענק אויך ליכטנשטיינס שוועסטער בינע; זי האָט אַ צייט געוווינט אין זיין שטוב. זי איז געווען שוין נישט קיין יונגע און אומצופֿרידענע מיט איר לעבן און האָט זיך שלעכט געפֿילט אין דער וואַרעמער משפּחה־אַטמאָספֿער.

ליכטנשטיין האָט אַרויסגעוויזן פֿיל צערטלעכקייט און ליבע צו גוטקען. איך האָב פֿאַר אַלע יאָרן נישט געהערט קיין איין שאַרף וואָרט, נישט פֿון אים און נישט פֿון איר. ספּעציעל איז ער געווען צו איר צערטלעך אין אומרו־איקע צייטן, נאָך אַרויסטרעטונגען, וועלכע זיינען געווען פֿאַרבונדן מיט געפֿאַר. ער פֿלעגט גוטקען אַרומנעמען און קושן, און אַזוי אַרום איר וויזן, אַז ער שאַצט אָפּ איר שווייגנדיקן אָנטייל אין די געפֿאַרן. אויך צו זיינע צוויי זין — ראַפֿאַל און אָלעק — האָט ער אַרויסגעוויזן אַ גרויסע ליבע. ביידע זיינען געווען הויכע און שיינע בחורים און האָבן אויסגעזען פֿיזיש שטאַרק. ראַפֿאַל האָט שפּעטער געענדיקט יורי אין וואַרשע און אָלעק — מעדיצין.

אין די שווערע צייטן פון דער דייטשער אָקופּאַציע און אויך שפּעטער פּלעגן זיך אין לאָדזש באַווייזן ליכטנשטיינס קרובים, און מען האָט גע־דאַרפט אויסקראַצן די לעצטע גראָשנס כדי זיי צו העלפן.

ווען עס פּלעגט ליכטנשטיינען פּאַרמיאָוסט ווערן די אַרבעט אין זומער־האָטעל, פּלעגט ער זיך אַרויסרייסן מיט דער משפּחה אויף וואַקאַציע אין די בערג, צום ים, אָדער אין קוזמיר. איין מאָל האָב איך געוווינט מיט זיי אין וועסטערפּלאַטע, אַן אינדזל לעבן דאַנציק. מען פּלעגט צופאָרן צום אינדזל מיט אַ שיפל דורך אַ קאַנאַל. אין וועסטערפּלאַטע זיינען געווען נאָר צוויי קורצע גאַסן. איך האָב געוווינט אין איין הויז מיט די ליכטנ־שטיינס; נישט ווייט פון אונדז האָבן געוווינט די פּאָזנאַנסקיס. וועסטער־פּלאַטע האָט געהאַט אַ גרויסע און שיינע פּליאַזשע. מען האָט פאַרבראַכט אויף דער פּליאַזשע די גאַנצע טעג; גוטקע און די זין זיינען געווען גוטע שווימער. ביי נאַכט איז וועסטערפּלאַטע געווען שטיל, פינצטער און אומהיימ־לעך. אונדזער באַליבטער שפּאַציר איז געווען צום לייכטטורעם. אין די נעכט פון פולער לבנה פּלעגט גוטקע ווערן באַגייסטערט מיט דער שיינ־קייט פון אַרום און זי האָט געפּרוּווט אויך מיך אָנצושטעקן מיט איר ענטוזיאַזם. עטלעכע מאָל האָבן מיר געמאַכט שפּאַצירן קיין דאַנציק, צאָפּאָט און ברעזען און זיינען צוריקגעקומען שפּעט ביי נאַכט. וועסטערפּלאַטע איז דאַן געווען פאַרזונקען אין טיפן שלאָף. נאָר מיר, אומרואיקע וואַנדע־רערס, האָבן געבלאָנדזשעט אין דער פינצטערניש.

איין מאָל האָבן מיר באַזוכט שמעון דובנאָוון אין ברעזען. ליכטנ־שטיין איז געווען אַ פאַרערער פון דובנאָוון. ער איז געווען אַ לערער פון יידישער געשיכטע, און פאַר אים האָט אונדזער באַזוך געהאַט אַ ספּע־ציעלע באַדייטונג. מיר האָבן פאַרברענגט עטלעכע שעהן מיט דובנאָוון, מיט זיין פרוי און מיט זיין טאָכטער סאָפיע, וואָס האָט דעמאָלט געוווינט ביי די עלטערן אַלס אַ גאַסט.

איך האָב שטענדיק באַוווּנדערט ליכטנשטיינען: פאַר מיר האָט ער אויסגעזען ווי אַ הייליקער. איר האָט געפילט, אַז דאָ איז פאַר אייך אַ מענטש, וואָס טראָגט אויף זיך דעם יאָך פון דער וועלט און ער ווייסט, אַז ס'איז אים באַשערט צו ברענגען זיך פאַר אַ קרבן.

אין פּערזענלעכע באַציאונגען איז ער געווען פּשוט און פריינדלעך. ער האָט מיר אַרויסגעוויזן אַ רירנדע פריינדשאַפט: נאָך מיין חתונה האָט ער איינגעאָרדנט ביי זיך אין שטוב אַ גרויסע ליאַמע. שפּעטער איז ער געקומען ספּעציעל קיין מיעדזעשין צום צווייטן געבורטסטאָג פון אונ־דזער טאָכטער. ער האָט שטענדיק געוואָלט איך זאָל מיטגיין מיט אים צו זיינע פריינד: אַזוי האָט ער מיך אַריינגעפירט צו טרונקן און צו אַלישאַ־קאָן. דאָרטן פלעג איך טרעפן משה בראָדערזאָנען, דעם מאָלער וויצעק

ברוינערן, דעם מוזיקער הענעך קאָן, דעם מאָלער יצחק ליכטנשטיינען. יצחק קאַצענעלסאָן און בראָדערזאָן פֿלעגן דאָרטן פֿאָרלייענען די קופּלעטן, וועלכע זיינען געוואָרן שפּעטער אַ מאַטעריאַל פֿאַר די פֿאָרשטעלונגען אויף דער יידישער קליינבינע. ווען דוד הערמאַן פֿלעגט באַזוכן לאָדזש, פֿלעגט ער קומען צו גאַסט אין די דאָזיקע היימען, אַזוי ווי ליטוואַק פֿאַר זיין אַוועקפֿאָרן קיין אַמעריקע. איין מאָל האָב איך פֿאַרברענגט אַ גאַנצע נייִ־יאָר־נאַכט ביי אלישאַ קאָן. טרונק און יצחק קאַצענעלסאָן האָבן געזונגען און פֿאָרגעשטעלט פֿראַגמענטן פֿון „שולמית" און „בר־כּכבא" פֿון גאָלדפֿאַדען, בראָדערזאָן האָט אימפּראָוויזירט זיינע קופּלעטן, און דער גאַנצער אָוונט איז דורכגעגאַנגען אין אַן אַטמאָספֿער פֿון יידישער קליינקונסט.

גאַנץ קאָמפּליצירט זיינען געווען די באַציאונגען צווישן ליכטנשטיינען און אַשן. ווען מיר האָבן איין מאָל איינגעאָרדנט אַשס אַ פֿאָרלעזונג אינעם פֿילהאַרמאָניע־זאַל, איז ליכטנשטיין געווען אומרואיק: ער האָט געוווּסט, אַז אַש האָט ליב צו מאַכן אימפּולסיווע אַרויסטרעטונגען און צו רייצן זיינע צוהערער. ס'איז גראָד געווען נאָך אַשס צוריקקומען פֿון דער רייזע קיין פּאַלעסטינע. ער האָט געוווּסט ווי אַזוי דער עולם אין זאַל איז געווען געשטימט, האָט ער דווקא געוואָלט פֿירן פּראָפּאַגאַנדע. ליכטנשטיינען האָט וויי געטאָן וואָס אַש, וועמענס פֿאַרערער ער איז געווען, וויל זיך נישט רעכענען מיט די געפֿילן פֿון די צוהערער. זיי האָבן אים טאַקע געהאַלטן פֿאַר איינעם פֿון די בעסטע יידישע שרייבער, אָבער האָבן קיין חשק נישט געהאַט צו הערן זיינע פּראָפּאַגאַנדע־רעדעס.

ליכטנשטיין איז געווען אַ מענטש מיט אַ מיסיע. ער האָט זיך קיין מאָל נישט גערעכנט מיט קיינע געפֿאַרן, און עס האָט אים זייער געהאָלפֿן וואָס ער האָט געהאַט אַזאַ פֿרוי, ווי גוטקע. ווען אין דער צייט פֿון דער דייטשער אָקופּאַציע האָט ער שאַרף קריטיקירט די אָקופּאַנטן אין זיין רעדע אין פֿילהאַרמאָניע־זאַל און שפּעטער אינעם שטאָטראַט, האָט זי געוווּסט, אַז זיין זיכערקייט, זיין לעבן זיינען אין געפֿאַר, אָבער קיין מאָל האָט זי נישט געפּרוּווט אים אָפּצורייִדן.

די דאָזיקע מאָמענטן שטייען מיר בולט פֿאַר די אויגן. אָט אינעם גרויסן זאַל פֿון פֿילהאַרמאָניע טרעט ליכטנשטיין אַרויס פֿאַר דעם צוויי־טויזנט־קעפּיקן עולם און רעדט וועגן די יידישע שולן מיט פֿלאַמיקע ווערטער, וואָס צינדן אָן אַלעמענס הערצער. מיט דער זעלבער ליידנשאַפֿט האָט ער גערעדט אינעם שטאָטראַט וועגן דער אַפּראָוויזאַציע־לאַגע. דאָס איז געווען אַן אַרויסטרעטונג פֿול מיט אַזאַ רעוואָלוציאָנערן ברען, אַז דער עולם איז ספּאָנטאַניש אַרויס אין גאַס און דעמאָנסטרירט קעגן דער מאַכט. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שיסעריי, די פּאָליציי האָט אַ סך מענטשן פֿאַר־

וואַנדט און אַרעסטירט. די דעמאָנסטראַציע איז נישט געווען קיין פּלאַנירטע.

ביי נאַכט האָבן זיך די פאָרשטייער פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע און פון „בונד" פאַרזאַמלט אין „האַרפע", כדי צו באַטראַכטן וואָס ווייטער צו טאָן. פון די באַטייליקטע געדענק איך אַנדערס, מילמאַנען און שוואַרצמאַנען פון „בונד" און סאָסנאָווסקין און היבנערן פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע.

דער פרווו אָנצושרייבן די געמיינזאַמע פּראָקלאַמאַציע האָט זיך נישט איינגעגעבן, און מען האָט פאַרגעלייגט, אַז איינער פון די אָנוועזנדע זאָל אָנשרייבן אַ פּראָיעקט פונעם אויפרוף. ווען מען האָט דאָס איבערגע־לייענט און קאָרעגירט, איז שוין געווען פאַר טאָג. דעמאָלט זיינען מיר געוואָרן געוואָרן, אַז ביי נאַכט האָט די פּאָליציי באַזוכט די וווינונגען פון ליכטנשטיינען און פון גראַלאַקן — דעם טוער אין פּ.פּ.ס.־לעוויצע. זיי האָבן ביידע באַשלאָסן צו פאַרלאָזן לאָדזש. ס'האָט זיך פאַר ליכטנשטיינען אָנגעהויבן אַ פּעריאָד פון וואַנדערונגען: ער האָט געפונען אַ וועג קיין אוקראַינע דורך דעם עסטרייכישן טייל פון דער אָקופּאַציע און איז געבליבן אין קיעוו ביז די דייטשן האָבן פאַרלאָזט פוילן.

אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט ליכטנשטיין כסדר איינגעשטעלט זיין פרייהייט און אַפילו זיין לעבן אין קאַמף פאַר די אַרבעטנדיקע מאַסן. איינער אַזאַ פאַל האָט זיך מיר באַזונדערס איינגעקריצט אין זכרון. אין די צוואָנציקסטע יאָרן פלעגן אָפט פאָרקומען דעמאָנסטראַציעס פון אַרבעטס־לאָזע. נאָך איינער אַזאַ דעמאָנסטראַציע האָבן כוליגאַנעס אָנגעהויבן באַפאַלן יידן אויף די גאַסן פון אַלטשטאָט. מען האָט געוווּסט, אַז אין אַזעלכע פאַלן איז געווען אוממעגלעך זיך צו פאַרבינדן מיט די פאָרשטייער פון דער מאַכט און זיי באַווירקן אָפּצושטעלן די אָנפאַלן. ליכטנשטיין און איך האָבן זיך געפונען אין דעם בונדישן לאָקאַל אויף פּאַלודניאָווע 20. מיר האָבן באַשלאָסן צו גיין צו פוס אויף אַלטשטאָט און אַ קוק טאָן וואָס עס קומט דאָרטן פאָר. ווען מיר זיינען אָנגעקומען צו דעם גרויסן קאָשטשאָל, האָבן מיר געזען עטלעכע גרופּעס פון יונגע כוליגאַנעס באַפאַלן דורכ־גייער. באַלד האָבן זיי זיך גענומען צו אונדז. זיי האָבן צוגעומען ביי מיר אַ זייגער און אַ שטעקן און אָנגעהויבן מיך צו שלאָגן. איך האָב זיך אַרויסגעריסן, ליכטנשטיין האָט אָבער נישט געפּרווט אַנטלויפן, און די כוליגאַנעס האָבן אים אָנגעשלאָגן מיט שטעקנס. ווען איך האָב געזען, אַז זיין פּנים איז פאַרבלוטיקט, בין איך צוריקגעגאַנגען און אַרויסגעשלעפּט אים פון זייערע הענט. אוי ף בזשעשנסקי איז פון אַ פאַרמאַכטן טויער אַרויס אונדזער חברטע קריגער. זי האָט אונדז ביידן אַריינגעפירט אין דעם טויער און האָט באַלד געגעבן צו וויסן חברים אין שטאָטראַט וואָס עס קומט פאָר. מען האָט איבערגעריסן די זיצונג. די ראַטמענער פון „בונד"

און צוויי ראַטמענער פֿון פּ.פּ.ס., רזשעווסקי און ראַפּאַלסקי, האָבן אָפּגע־שטעלט די אָנפֿאַלן. מיר זיינען ביידע געווען גוט צעשלאָגן, אָבער מער קיין אָנפֿאַלן זיינען שוין דעם טאָג נישט פֿאָרגעקומען.

אין משך פֿון פֿיל יאָרן, וואָס איך בין געווען נאָענט צו ליכטנשטיינען, האָב איך קיין מאָל נישט געהערט, אַז ער זאָל צו עמיצן פֿון די אַרומיקע זאָגן אַ שלעכט וואָרט. די האַרמאָניע האָט געהערשט נישט בלויז אין דער משפּחה־סביבה; אויך די באַציאונגען צווישן אים און זיינע שילע־רינס זיינען געווען אויסערגעוויינלעך נאָענטע און פֿריינדלעכע. איך ווייס פֿון אַ סך פֿאַלן, ווען די שילערינס פֿלעגן קומען צו ליכטנשטיינען מיט זייערע אינטימע פּערזענלעכע פּראָבלעמען. זיי האָבן אים פֿאַרטרויט די זאַכן, וואָס זיי האָבן קיין מאָל נישט דערציילט זייערע עלטערן, און ליכטנ־שטיין האָט זיי שטענדיק געהאָלפֿן מיט וואָס ער האָט געקענט. ער האָט געהאַט אַ זעלטענע פֿאַרשטענדעניש פֿאַר מענטשלעכע שוואַכקייטן; דאָס האָט געשאַפֿן אַן אַטמאָספֿער פֿון וואַרעמקייט. די דינסטמיידל, וואָס האָט געאַרבעט אין ליכטנשטיינס שטוב אין משך פֿון לאַנגע יאָרן, האָט זיך געפֿילט ביי זיי ווי ביי אייגענע מענטשן; ישראל און גוטקע האָבן זיך צו איר באַצויגן, ווי צו אַ מיטגליד פֿון דער משפּחה.

ליכטנשטיין האָט געהאַלטן דעם דאָקטער מאַרגאָליס פֿאַר איינעם פֿון זיינע נאָענטסטע פֿריינד, פֿון דעסט וועגן האָבן צווישן זיי עקסיסטירט מיינונגס־פֿאַרשידנקייטן. צו ליכטנשטיינען פֿלעגן זיך מענטשן כסדר ווענדן מיט אַלערליי בקשות — צו וועגן אַ דירה, צו אַ שפּיטאָל, צו אַנדערע ענינ־נים, אין וועלכע מען האָט געהאַט צו טאָן מיטן שטאָטראַט, אָדער מיט דער קהילה. ליכטנשטיין איז שטענדיק געווען גרייט צו העלפֿן. ווען ער האָט צו אָפֿט פֿאַרלאַנגט הילף פֿון דער געזונטהייטס־אָפּטיילונג פֿאַר פֿאַרשידענע חברים אָדער זייערע פֿאַמיליעס, פֿלעגט מאַרגאָליס זאָגן, אַז זיין אויפֿגאַבע אַלס לאַווניק פֿון מאַגיסטראַט איז צו זען, אַז זיין אָפּטיילונג זאָל שטיין אויף אַ געהעריקער הייך, אָבער נישט אַלע איינצלנע ענינים איז ער אין שטאַנד צו דערליידיקן. ליכטנשטיין האָט פֿאַרשטאַנען, אַז טעאָרעטיש איז אפֿשר מאַרגאָליס גערעכט, אָבער אין פּראַקטיק דאַרף מען נישט פֿאַרזען דעם איינצלנעם מענטשן, וועלכער געפֿינט זיך אין נויט. ער אַליין איז נישט גע־ווען שטרענג פּרינציפּיעל אין טאָג־טעגלעכן לעבן. גייענדיק מיט אים אין גאַס, האָב איך באַמערקט, אַז ער האָט געגעבן אַ נדבה יעדן אָרעמאַן, וואָס מיר האָבן געטראָפֿן אויפֿן וועג.

איך האָב קיין מאָל נישט געהאַט קיין סיכסוך מיט ליכטנשטיינען, הגם מיר האָבן פֿאַרנומען פֿאַרשידענע שטעלונגען אין פּאָליטישע פֿראַגן. ליכטנשטיין האָט אין אָנהייב פֿון די צוואַנציקסטע יאָרן געהערט צום רעכטן פֿליגל און איך צום צענטער. ער איז פֿולשטענדיק מסכּים געווען

מיט מערעמען און איך האָב געפֿונען אַן אויסדרוק פֿון מיינע שטימונגען אין די אַרויסטרעטונגען פֿון וו. אַלטער און ה. ערליך. איך געדענק, ווי איין מאָל אין דער רעדאַקציע פֿון „לאָדזשער וועקער", צו וועלכער איך האָב אויך געהערט. האָט מען פֿאַרבראַקירט ליכטנשטיינס אַן אַרטיקל צוליב פּאָליטישע טעמים. ער האָט אַ קורצע צייט נאָך דעם זיך צוריקגעהאַלטן פֿון אַנטייל נעמען אין דער אַרבעט פֿון דער רעדאַקציע.

אין פּאַרטייאישן לעבן האָבן מיר געהאַט פֿאַרשידענע געביטן פֿון אַרבעט: איך בין געווען אַ יוניאָן־טוער און אַריינגעטאָן אין דער טעגלע־כער אַרבעט פֿון דער לאָדזשער אָרגאַניזאַציע און ער האָט געווידמעט זיינע כוחות דער קולטור־אַרבעט און עפֿנטלעכע פּאָליטישע אַרויסטרעטונגען. איך האָב געפֿילט, אַז ער איז געווען צופֿרידן וואָס איך פֿאַרנעם זיך מיט אָנגעלעגנהייטן, וועלכע ער האַלט פֿאַר וויכטיק, אָבער ער האָט נישט קיין חשק און נישט קיין צייט מיט זיי זיך צו פֿאַרנעמען.

ליכטנשטיין איז געווען מיט לייב און לעבן איבערגעגעבן דער יידישער קולטור אין אַלע אירע פֿאָרמען. דאָס האָט געפֿונען אַן אויסדרוק אין לייידנ־שאַפֿטלעכער פּאָלעמיק מיט אַנטי־יידישיסטן און אויך אינעם קאָנפֿליקט אין דער שול פֿאַר טויב־שטומע, ווען ער האָט פֿאַרלאָזט די אַרבעט. אין די מיטלשולן איז ער געווען פֿאָרמעל אַ לערער פֿון יידישער געשיכטע, אָבער פֿאַקטיש אַ לערער פֿון יידישער ליטעראַטור. זיינע לעקציעס וועגן פּרצן, אַשן, שלום־עליכמען זיינען געווען גוט צוגעגרייטע און פֿול מיט באַגייסטערונג, און די שילערינס האָבן דאָס אָפּגעשאַצט. ער פֿלעגט ווידמען אַ סך צייט די אָרטיקע יידישע פֿאָלקסשולן און דער אַרבעט אין דער שול־אָרגאַניזאַציע.

פֿון דעסט וועגן מיט זיינעביידע זין פֿלעגט ער רעדן פּויליש. ראַפֿאַל, דער עלטערער זון, וועלכער איז געוואָרן אַ שרייבער און אַרויסגעגעבן אַ בוך אין פּויליש, און אַלעקסאַנדער, אַ דאָקטער, האָבן געקענט יידיש, אָבער זייער שפּראַך איז געווען פּויליש. עס איז מעגלעך, אַז דאָס איז געווען דערפֿאַר, וואָס די ייִנגלעך האָבן אָנגעהויבן צו גיין אין שול איידער עס זיינען געשאַפֿן געוואָרן אין לאָדזש יידישע שולן.

ליכטנשטיינס קאָלעגן, וואָס האָבן מיט אים געאַרבעט אין די מיטלשולן, האָבן אים ליב געהאַט און רעספּעקטירט. דעריבער האָט אים אַזוי ווי געטאָן די קאַמפּאַניע, וואָס דער לערער־פֿאַריין האָט געפֿירט קעגן אים אין צוזאַמענהאַנג דערמיט, וואָס די שולן האָבן געמוזט איבערגיין אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות. עס איז געווען באַוווּסט, אַז די קאַמפּאַניע טראָגט אַ פּאָליטישן כאַראַקטער: דער קאָמוניסטיש־געשטימטער לערער־פֿאַריין האָט אַטאַקירט ליכטנשטיינען דערפֿאַר, ווייל ער איז געווען אַ פֿירער פֿון „בונד" אין לאָדזש.

אין 1925 האָב איך פאַרלאָזט לאָדזש. הגם ליכטנשטיין איז געווען ענג פאַרבונדן מיט דער לאָדזשער באַוועגונג, האָט ער נישט איין מאָל גע־טראַכט אויך וועגן אריבערפאָרן קיין וואַרשע. עס האָט שטענדיק געהאַנגען איבער אים אין לאָדזש אַ פּערספּעקטיוו פון אַרבעטסלאָזיקייט — ער האָט פאַרויסגעזען, אַז לאַנג וועט ער נישט בלייבן אויף זיין לערער־פּאָסטן. און שפּעטער האָט ער טאַקע זיין אַרבעט פאַרלוירן. ווען נאָך דעם איז אים פאַרגעלייגט געוואָרן צו פאָרן אין שליחות פון „בונד" קיין אַמעריקע, האָט ער עס גערן אָנגענומען.

פאַר ליכטנשטיינס אַוועקפאָרן האָט דער צ. ק. איינגעאָרדנט אַ געזעג־נונגס־אָוונט. די לעצטע נאַכט אין וואַרשע האָט ליכטנשטיין פאַרבראַכט ביי אונדז. ער האָט ביי נאַכט שטאַרק געהוסט און כמעט ווי נישט גע־שלאָפן. צוזאַמען זיינען מיר געגאַנגען אויף דער ליאַמע, וואָס איז פאַר־געקומען אין אַ שוללאָקאַל. די רעדעס זיינען געווען האַרציקע און אָפּ־טימיסטישע, פון דעסט וועגן פאַר די נאָענטע מענטשן איז געווען קלאָר, אַז דער קאַמפּיין אין אַמעריקע וועט זיין אַ שווערער. גוטקע האָט גוט געוווּסט, אַז איר מאַן איז נישט קיין געזונטער מענטש, זי האָט אָבער נישט געפּרוּווט אויף אים צו ווירקן ער זאָל זיך אָפּזאָגן פון דער רייזע. קיינער האָט נישט פאַרויסגעזען די קאַטאַסטראָפע, קיינער האָט נישט געוואָלט טראַכטן וועגן דעם, אַז ליכטנשטיינס געזונט־צושטאַנד קען זיך פאַרערגערן. און זיין לעצטער באַשלוס איז געווען אין איינקלאַנג מיט זיין גאַנצן לעבן: וועגן זיך אַליין האָט ער קיין מאָל נישט געזאָרגט.

מיר האָט ליכטנשטיין אין וואַרשע שטענדיק געפעלט, אָבער כל־זמן ער האָט געלעבט, האָב איך געקענט האָפן, אַז מיר וועלן נאָך אַ סך מאָל זיך טרעפן, ווי גוטע פריינד. זיין טויט האָט אַ סוף געמאַכט מיט דער אילוזיע. איך וויין זעלטן, אָבער נאָך ליכטנשטיינס טויט האָב איך לאַנג, לאַנג געוויינט.

סאָפיע דובנאָוו-ערליך

# זומער אין קוזמיר

אין משך פֿון א ריי יאָרן האָב איך ליכטנשטיינען זעלטן ווען געזען. איך האָב געוווינט אין וואַרשע און ער האָט ניט אָפּט געקענט זיך אַרויסרייסן פֿון זיין אַרבעט אין לאָדזש. מיר פֿלעגן זיך טרעפֿן בלויז אויף פֿאַרזאַמלונגען אָדער חברישע ליאַמעס. דאָס איינציקע וואָס פֿלעגט אין מיין זכרון בלייבן נאָך די דאָזיקע באַגעגענישן איז געווען דער שטילער, טיפֿער אומעט פֿון ליכטנשטיינס מידע, קורצזיכטיקע אויגן.

נאָר אָט האָט זיך אין זומער 1930 געמאַכט אַזוי, אַז מיר זיינען געוואָרן שכנים אין דעם שטילן גרינעם קוזמיר: אונדזער משפּחה האָט פֿאַרבראַכט צוויי חדשים אין איין הויז מיט די ליכטנשטיינס. דאָס איז געווען א נעבעכדיקע, אַלטע הילצערנע הייזקע אָן קיין שום פּרעטענסיעס אויף קאָמפֿאָרט; צו דער לאַנגער האַלבפֿינצטערער ווערענדע האָבן געפֿירט צעשאָקלטע טרעפּ. ווען דער פּולאַווער בעל־עגלה האָט אונדז געבראַכט אַהער האָט אויף די טרעפּ אויף אונדז געוואַרט די גאַנצע משפּחה ליכטנשטיין: ישראל, גוטע און זייערע זין — ראַפֿאַל און אַלעק. ראַפֿאַל איז פֿאַר מיר געווען א פּנים חדשות; אַלעקן פֿלעג איך טרעפֿן אין וואַרשע אויף בונדישע פֿאַרזאַמלונגען.

דער טיש אויף דער ווערענדע איז געווען יום־טובדיק געגרייט און אין מיטן טיש איז געשטאַנען א הויכער ליימענער טאָפּ מיט א גרויסן בוקעט פֿעלדבלומען און גראָזן. דאָס אויג האָט זיך געפֿרייט מיט די בונטע קאָלירן פֿון דער פּשוטער ליימענער כלי, מיט דער רויטקייט פֿון די פֿרישע וואַלד־מאַלינעס, מיטן גאָלד פֿונעם האָניק. מען האָט אונדז אויפֿגענומען ווי אייגענע, און מיר האָבן זיך באַלד דערפֿילט היימיש און געמיטלעך. צורוקנדיק פֿאַרשיידענע מאכלים צו מיין יינגערן זון האָט גוטע געשאָקלט מיטן קאָפּ א פֿאַרזאָגטע: — וויקאַ געפֿעלט מיר עפּעס ניט — ער איז אַזוי דאַר און בלאַס; נישקשה, מיר וועלן אים שוין שטעלן אויף די פֿיס.

אונדזערע צוויי קליינע צימערן זיינען געווען מעבלירט זייער אָרעם, אָבער זיי זיינען געווען זוניק און ריין; אויף אַלע טישן און בענקלעך האָט גוטע צעשטעלט בינטלעך שמעקעדיקע פעלדגראָזן.

קיין קוזמיר בין איך געקומען בלויז מיט מיינע זין; העניק האָט געדאַרפט פאָרן קיין אויסלאַנד אין אַ פּאַרטיי־שליחות און ער האָט געזאָלט קומען אַהער ערשט סוף זומער. אין מיין ערשטן בריוו פון קוזמיר האָב איך אים דערציילט, אַז די מיטגלידער פוןביידע משפּחות האָבן מיט געמיינזאַמע כוחות אָרגאַניזירט אַן אידעאַל פונקציאָנירנדיקע קאָמונע.

דער סדר פון אונדזער שותּפותדיקן לעבן האָט זיך איינגעשטעלט באַלד פון אָנהייב אָן. אין משך פון טאָג פלעגט יעדער איינער פון אונדז פריי באַשטימען זיין טאָג־אָרדענונג. אין די זוניקע טעג פלעגט מען וואַנדערן איבער די פעלדער און „וואַנוואַזן", זיך באָדן, וואַרעמען זיך אויף דער פּלאַזשע אונטער די מילדע שטראַלן פון דער זון, לאָזן זיך איבער דער ווייסל אין פלינקע, לייכטע שיפלעך. ווען ס'האָט גערעגנט, פלעגט יעדערער זיצן אין זיין ווינקל און לייענען אָדער שרייבן. אַלע אָוונט פלעגן מיר זיך פאַרזאַמלען אַרום דעם לאַנגן שאַקלדיקן טיש אַ באַלויכטענעם מיט צוויי נאַפטלאָמפּן און מיר פלעגן צוזאַמען פאַרברענגען ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין. מען האָט געשמועסט וועגן ליטעראַטור, טעאַטער און פּאָליטיק, פאָרגעלייענט פראַגמענטן פון פּראָזע אָדער פּאָעזיע, געזונגען פּוילישע, יידישע און רוסישע לידער.

ליכטנשטיין איז געקומען קיין קוזמיר אַ קראַנקער און אַ מידער, און דער פּראָצעס פון קומען צו זיך איז געווען אַ לאַנגזאַמער אָבער אַ זיכערער. נישט איין מאָל פלעגט ער זאָגן, אַז דער דאָזיקער זומער איז פאַר אים אַ מזלדיקער: נאָך אַלע יאָרן שווערער אַרבעט אין קינדער־קאָלאָניעס בעת זומער־וואַקאַציעס האָבן זיי ביידע — ער און גוטע — געקריגן די מעגלעכקייט זיך אָפּצורוען.

מיר האָבן זיך אַלע געפילט פריי, אָבער דאָס לעבן אינעם קאָלעקטיוו האָט אויך געפאָדערט אַ געוויסע דיסציפּלין. גוטע, וואָס איז געווען די פאַרוואַלטערין פון אונדזער קאָמונע — דאָס האָט זיך געמאַכט פון זיך אַליין — האָט פאַרטיילט צווישן אונדז דיווירטשאַפטלעכע פונקציעס. אויף זיך האָט זי גענומען די שווערסטע און די וויכטיקסטע אַרבעט. ס'איז נאָר געווען אַ חידוש, ווען און ווי אַזוי זי האָט דאָס באַוויזן צו טאָן: זי האָט געהאַט גענוג צייט צו שפּאַצירן, צו באָדן זיך און צו רודערן אַ שיפל; זי איז געווען אַן אויסגעצייכנטע שווימערקע און פלעגט זיך אַפילו פאַרמעסטן מיט אירע אַטלעטישע זין.

מיר האָבן געוווינט ווייט פון מאַרק און דאָס איינקויפן עסנוואַרג פאַר דער קאָמונע איז געווען אַן ערנסטע פּראָבלעם. ליכטנשטיין האָט דער־

קלערט, אז ער וויל דורכויס נעמען אן אנטייל אין דער אקציע פון אפּראָ־וויזאציע. האָט מען באשלאָסן, אז צוויי מאָל א וואָך דאַרפן מיר ביידע צוזאמען — ליכטנשטיין און איך — קויפן פּראָדוקטן.

און אָט קומט דער טאָג פון דער עקספּעדיציע. מיר קריגן קאָשיקעס, א גענוי אָנגעשריבענע רשימה און לאַנגע אינסטרוקציעס שבעל־פּה. גוטע לאַכט: — „אוי, וועלן דאָס היינט די הענדלערקעס אויפן מארק זיך פרייען!" זי איז זיכער, אז אונדז קען מען אריינדרייען די ערגסטע סחורה און קיין גרויסע בעלנים אויף דינגען זיך זיינען מיר אויך נישט.

מיר שפּרייזן מיט א לאַנגזאַמען טריט (ליכטנשטיין טאָר זיך נישט איילן צוליב זיין הארצקראַנקייט) איבער דעם נישט־ברוקירטן שליאך פול מיט קאַלוזשעס וואָס טריקענען זיך קיין מאָל נישט אויס. דער וועג איז א לאַנגער, אָבער אונדז אַרט דאָס נישט. ליכטנשטיין האָט פאַרבראַכט א האַלבע נאַכט אין לייענען און ער האָט א באַדערפעניש זיך צו טיילן מיט זיינע איינדרוקן. ביכער שפּילן אין זיין לעבן א גוואַלדיקע ראָלע; אזא באַציונג צו ביכער האָב איך פריער געזען בלויז ביי צוויי מענטשן — ביי מיין פאָטער און ביי מאַקסים גאָרקין: זיי ביידע, פּונקט ווי ליכטנשטיין, זיינען געווען אויטאָדידאַקטן.

מיר פאַרקירעווען זיך אין א שמאָל פינצטער געסל אריין. ליכטנשטיין שטעלט זיך אָפּ לעבן א נידעריקער, האַלב־איינגעפאַלענער הייזקע. דאָ איז פינצטער און פייכט. לעבן גאַניק צופּט א דאַרע קאָזע דאָס איינגעטראָ־טענע גראָז. דאָס פענצטער איז האַלב אָפן; מען זעט די איינגעבויגענע קעפּ פון חדר־ייִנגלעך; מיר הערן זיך צו צו די זינגענדיקע קינדערשטימען און צו דעם הייזעריקן קול פונעם רבין. איך קוק אויף מיין באַגלייטער און איך פיל: ער לעבט פון דאָס ניי איבער די יאָרן, ווען ער איז אַליין געווען א הונגעריקער חדר־ייִנגל...

ס'קומט א הפסקה; דער יונגער עולם איז אַרויס אין איילעניש און אין טומעניש; אין איין רגע רינגלען זיי אַרום ליכטנשטיינען, צופּן אים ביים מאַנטל און צווויטשערן פריינדלעך און מיט צוטרוי. שוין ביי דער ערשטער באַגעגעניש איז ער געוואָרן זייער פריינד.

אן אַלטע יידענע ציט מיך פאַרן אַרבל: — ווער איז ער, א לערער?

— יאָ, א לערער — ענטפער איך און איך לייג אריין אין די דאָזיקע ווערטער א טיפערן זין.

ס'איז שוין אָבער צייט צו גיין אויפן מארק. די קראָמען זעען אויס ווי פינצטערע קאַסטנס און זיי שמעקן מיט גרינס און שאַרפע בשמים. לעבן איין קראָם שטייט א בענקל, און ווען ליכטנשטיין זעצט זיך צו אויף א ווײַלע, רוקט זיך באַלד צו אים צו א יידענע א קליינע, א דאַרע, פון אן

אומבאשטימטן עלטער. און ס'הייבט זיך אָן דער שמועס. זי חזרט איבער דאָס וואָס זי האָט דערציילט מיט א וואָך צוריק: דער מאַן איז שווער קראַנק, די נעגטע טאָכטער מאַטערט זיך מיט די צוויי קליינע קינדער. ליכטנשטיין זיצט און טראַכט: מען דאַרף זיך באַמיען צו קריגן אומזיסטע מעדיצינישע הילף פאַרן קראַנקן און ארבעט פאַר דער יונגער פרוי — אפשר דורך די פּולאַווער חברים? און ווען ער זיצט אַזוי איינגעבויגן אונטערן יאָך פון פרעמדע ביטערע זאָרגן, קומט א צווייטע יידענע, וואָס איז ענלעך צו דער ערשטער, ווי א שוועסטער, מיט א ניי פּעקל צרות. ליכטנשטיין נעמט דאָס אָן ווי א נאַטירלעכע זאַך; ער האַלט, אַז יעדער אומגליקלעכער מענטש האָט דאָס רעכט אריינצוגיין אין זיין לעבן ווי אין אן אָפענער טיר.

גוטע ווארט וואַרט אויף אונדז אויפן גאַניק, זי פרעגט מיך: — „נו, ווי אַזוי איז היינט געווען?" איך ענטפער: „— ס'איז געווען גאַנץ גוט־אייער מאַן האָט געטראָפן א סך פריינד". „אוודאי — זאָגט זי מיט איבערצייגונג — ער האָט דאָך פריינד אומעטום".

אונדזער הויז האָט דינע הילצערנע ווענט. גאַנץ אָפט, ווען איך וועק זיך אויף אין דער נאַכט־פינצטערניש, זע איך צווישן די דינע ברעטלעך שמאָלע פאַסן ליכט, איך ווייס — מיין שכן שלאָפט נישט — ער לייענט. פון לאָדזש האָט ער געבראַכט א שווערן קאַסטן פול מיט ביכער פון פאַרשיידענע געביטן: סאָציאָלאָגיע, פילאָסאָפיע, ליטעראַטור־קריטיק און אויך בעלעטריסטיק און פּאָעזיע. דער דורשט נאָך וויסן וואָס האָט א מאָל געברענט אין דער נשמה פון דעם יונגן וואָצלאַוועקער בחור האָט זיך קיין מאָל ניט איינגעשטילט. עטלעכע ביכער שטודירט ער מיט א באַזונדערע התמדה און ער מאַכט באַמערקונגען אויף די גליונות. ער האָט זיך אָפּגעוווינט פון שלאָפן און ער פאַרזיכערט, אַז פיר שעה שלאָף איז פאַר אים גענוג. איך בין אָבער חושד, אַז א מאָל שלאָפט ער נאָך ווייניקער.

ווען נאָך א שלאָפלאָזער נאַכט קומט א גרויער רעגנדיקער טאָג, פאַלט ליכטנשטיין אריין אין א געדריקטער שטימונג. נישט זעלטן הער איך א קלאַפּ אין מיין טיר און א מידע שטימע: — „איר ווייסט, עפּעס בין איך היינט ניט מיט אַלעמען, איך האָב בדעה צו „באָרגן" אויף א ווײַלע אייער וויקטאָרן, ער זאָל זיצן אין מיין צימער און טאָן וואָס ער וויל — איך וועל אים נישט שטערן. ער ווירקט גוט אויף מיר — ער איז אַזאַ רואיקער, אַלע מאָל אין א גוטער שטימונג".

איך קוק אויף ליכטנשטיינס גרויען פּנים וואָס זעט אויס ווי באַדעקט מיט אַש און איך טראַכט וועגן זיין אויסערגעוויינטלעכער סענסיטיווקייט צו די שטראָמען, גוטע און שלעכטע, וואָס פליסן צו אים פון פאַרשיידענע

זייטן. און איך פֿרעג זיך אַליין: ווי קען זיך אַן עצה געבן אין אונדזער ברוטאַלער וועלט אַ מענטש מיט אַזאַ סענסיטיווער, נאַקעטער נשמה, וואָס קען אַזוי לייכט פֿאַרווּנדט ווערן? באַרבאַרישקייט פֿאַרשאַפֿט אים ממש פֿיזישן ווייטאַק, פֿריינדלעכקייט, גוטסקייט, לעבנספֿרייד ווירקן אויף אים ווי אַ באַלזאַם. און קיינער קען אים אַזוי ניט העלפֿן אין די שווערע מינוטן ווי זיין פֿרוי.

די שאַבלאָנע פֿאָרשטעלונג וועגן אַן איבערגעגעבענער פֿרוי ווי וועגן אַ מאַרטירערין האָט אויסגעזען לעכערלעך אין באַצוג צו גוטען, קיין זאַך איז איר נישט געווען אַזוי פֿרעמד ווי מאַרטירעריי. זי האָט געהאַט אַ געבענטשטע פֿעיקייט צו קלייבן נחת פֿון די פּשוטסטע זאַכן — פֿון שפּאַצירן, שיפֿלען זיך, קלייבן יאַגעדעס און אַ מאָל אויך פֿון געוויינטלעכער שטובאַרבעט. אָט הער איך זי זינגען אין דער קיך; זי שטייט מיט פֿאַרקאַשערטע אַרבל און קנעט ענערגיש דאָס טייג, אָדער זי שטופּט דאָס בלעכל אין אויוון אַריין. זי שמייכלט מיר אַנטקעגן און זאָגט: — „איך באַק עפּעס אַ גוטע זאַך — אונדזערע קינדער וועלן לעקן די פֿינגער". „אונדזערע קינדער" — אַזוי האָט זי גערופֿן אירע און מיינע בחורים פֿונעם ערשטן טאָג אָן, און דאָס האָט געקלונגען נאַטירלעך: איר שטאַרקער מוטערלעכער אינסטינקט איז נישט געווען באַגרענעצט מיט די ראַמען פֿון איר אייגענער משפּחה.

ישׂראל און גוטע האָבן אַ סך אַריינגעטראַכט אין דער שווערער פּראָבלעם — באַציונגען מיט זייערע דערוואַקסענע זין. זיי האָבן זיך באַמיט צו געפֿינען אַן ענטפֿער אויף אַ קאָמפּליצירטער פֿראַגע: צי איז מעגלעך צו אָנערקענען די רעכט פֿון דעם יונגן דור אויף פֿולשטענדיקער אומאָפּהענגיקייט און דאָך אויפֿהאַלטן די ענגע צונויפֿגעבונדנקייט צווישן צוויי דורות? די באַמיונגען פֿון די עלטערן זיינען ניט געווען אומזיסט: איך האָב זעלטן וועגן געזען אין אַ משפּחה אַזעלכע פּשוטע, אָפֿענע ריין חבֿרישע באַציונגען. מען האָט צווישן זיך ערנסט באַהאַנדלט אַלגעמיינע און פּערזענלעכע פּראָבלעמען, און אין דער זעלבער צייט האָט מען זיך לייכט געוויצלט וועגן אַזעלכע זאַכן ווי צופֿעליקע זומערדיקע פֿלירטן פֿון די בחורים. איין מאָל בעת דער וועטשערע האָט ראַפֿאַל דערקלערט, אַז ער דאַרף שוין אַנטלויפֿן: אַ באַקאַנטע מיידל האָט אים אויף דער פּליאַזשע געגעבן צו האַלטן דעם שליסל פֿון איר דירה, ווען זי איז געגאַנגען זיך באָדן, און ער האָט פֿאַרגעסן איר אָפּצוגעבן דעם שליסל. מיט עטלעכע טעג שפּעטער איז אַלעק געקומען צו וועטשערע מיט אַ גרויסער פֿאַרשפּעטיקונג. גוטע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ: דאָס עסן איז אין גאַנצן קאַלט געוואָרן. האָט ליכטנשטיין אינטערווענירט: — „וואָס ווילסטו פֿון אַלעקן?

ער האָט מסתמא באַמערקט, אַז ער האַלט אין קעשענע אַ שליסל פֿון אַ פֿרעמדער דירה, האָט ער דאָך געדאַרפֿט אים צוריקגעבן"... אַלע האָבן געלאַכט און אַלעק מער ווי אַלע אַנדערע.

עס האָט זיך געוואָרפֿן אין די אויגן דער אונטערשייד צווישן די צוויי ברידער. אַלעק איז געווען שטענדיק גוט געשטימט און ער האָט גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל אינעם לעבן פֿון אונדזער קאָמונע. ראַפֿאַל פֿלעגט אָפֿט האָבן „שטימונגען"; דעמאָלט פֿלעגט ער זיך פֿאַרמאַכן אין אַ קליינעם צי־מערל אונטערן דאַך און ער פֿלעגט דאָרטן בלייבן שעהן לאַנג אַליין. זעלבסט־פֿאַרשטענדלעך, קיינער האָט אים נישט געשטערט. די עלטערן האָבן גע־שוויגן; זיי האָבן אָבער געהאַט עגמת־נפֿש: די אַנפֿאַלן פֿון דעפּרעסיע ביי ראַפֿאַלן האָבן עדות געזאָגט אויף דעם, אַז ער קען זיך קיין עצה נישט געבן מיט זיך גופֿא. ראַפֿאַל האָט געטרוימט וועגן אַ ליטעראַרישער קאַ־ריערע, און זיין משפּחה האָט שטאַרק געוואָלט גלייבן אין זיינע פֿעאיקייטן. ער האָט געהערט צו אַ קרייז פֿון יונגע לאָדזשער שרייבער; עטלעכע פֿון זיינע פֿריינד, ווי צום ביישפּיל דער טאַלענטירטער פּאָעט מאַריאַן פּיעכאַל, האָבן שוין אָנגעהויבן שטעלן זיכערע טריט אין דער ליטעראַטור; זיי פֿלעגן ראַפֿאַלן צוגעבן מוט, אים איינגערעדט, אַז ער האָט ליטעראַרישע פֿעיקייטן, און אַז ער דאַרף אַרבעטן איבער זיך.

איין מאָל אין אַ קאַלטן רעגנדיקן אָוונט האָבן מיר זיך אַלע פֿאַרזאַמלט אַרום דעם טיש כדי אויסצוהערן ראַפֿאַלס אַ דערציילונג, וואָס ער האָט אָנגעשריבן מיט עטלעכע טעג פֿריער. דער יונגער מחבר איז קוים געווען בכוח צו באַהערשן זיין נערוועזיטעט, אָבער נישט ווייניקער — האָב איך געפֿילט — זיינען אומרואיק געווען זיינע משפּחה־לייט. ווען ראַפֿאַל האָט געענדיקט לייענען, האָבן זיך אַלע אויגן געווענדט צו מיר: מען האָט גע־וואַרט אויף אַן אָביעקטיווער קריטישער אָפּשאַצונג. איך בין געווען אַ ביסל צעטומלט. אומזיסט האָב איך זיך באַמיט צו געפֿינען אין דער דערציילונג דאָס וואָס מען פֿילט אַ מאָל אַפֿילו אין אומגעלומפּערטע ערשטע ווערק — דעם אינדיווידועלן צוגאַנג צום לעבן. די שפּראַך איז געווען גלאַט, אַפֿשר צו גלאַט, דער סטיל האָט עדות געזאָגט וועגן ליטעראַרישער קול־טור; ס'האָט זיך אָבער געפֿילט, אַז דער מחבר זעט די דערשיינונגען נים מיט זיינע אייגענע אויגן, נאָר דורך אַ סך אַריינגעשלונגענע ביכער.

איך האָב נישט געהאַט גענוג מוט דאָס אָפֿן צו זאָגן. נישט אָן אַ געוויסער אָנשטרענגונג האָב איך אָנגעוויזן אויף עטלעכע שטריכן וואָס איך האָב געהאַלטן פֿאַר פּאָזיטיוו. דאָס האָט געגעבן אַ שטויס צו אַ ברייטערער ליטעראַרישער דיסקוסיע. ליכטנשטיין איז געוואָרן אויפֿגע־הייטערט; ער האָט געשמועסט מיט ביישפּילן פֿון דער יידישער, פּוילישער,

דייטשער און רוסישער ליטעראַטור; איך האָב באַוווּנדערט זיין ערודיציע און זיין זכרון.

ווען ס'פֿלעגט נאָך אַ ריי גרויע רעגנדיקע טעג צוריק ווערן אַמתער זומער, פֿלעגט אונדזער קוזמיר אויפֿבליען אונטער די זונשטראַלן. די קאַמונע פֿלעגט ווערן פֿול מיט ענערגיע; דער יונגער דור פֿלעגט זיך לאָזן צו דער פּליאַזשע, דער עלטערער — אויף אַ לאַנגן שפּאַציר. גוטע פֿלעגט צושטיין אַ מאָל צו איינע און אַ מאָל צו די אַנדערע. ליכטנשטיין פֿלעגט פֿאַרגעסן אַלע זיינע וויטאָקן, ווען ער האָט געשפּרייזט איבער די שמאָלע וואַלדסטעזשקעס אָדער צווישן פֿעלדער פֿון בליענדיקער, שמעקעדיקער, ראָזעווער גרעטשקע. לאַנג שפּאַצירן איז אים שווער געווען, פֿלעגן מיר זיך אָפּאָפּשטעלן און זעצן זיך אָפּרוען אונטער די ביימער. דאָ האָט פֿון צייט צו צייט איבערגעריסן די שטילקייט אַ קוקאַווקע מיט איר קוקען; די ריינע, אָפּגעהאַקטע קלאַנגען זיינען געפֿאַלן ריטמיש און ס'האָט זיך גע־דוכט, אַז זיי האָבן אַריינגעזאַפּט אין זיך דעם שפּיל פֿון די זונשטראַלן אין דער געדיכטעניש פֿון וואַלד און די ריחות פֿון ווילדע גראָזן. ליכטנ־שטיין האָט ווייניק גערעדט; מיט זיין גאַנצן עצם האָט ער געשלונגען ריחות, קלאַנגען, קאָלירן.

נישט זעלטן פֿלעגן מיר וואַנדערן מיט גוטען זאַלבע צווייט און אַהיימ־ברענגען גרויסע ברעמניעס גראָזן און בלומען. אויף אונדזערע שפּאַצירן האָט מיר גוטע דערציילט וועגן איר יוגנט, וועגן אירע ערשטע באַגעגענישן מיט ליכטנשטיינען און וועגן זייער וויטערדיקן וועג צוזאַמען. עס האָט זיך פֿאַר מיר אַנטפּלעקט אַ בילד פֿון אַ גליקלעך לעבן נישט געקוקט אויף שטענדיקע זאָרגן און צרות: ס'איז געווען אַ לעבן רייך מיט פֿרייד, מיט עמאָציאָנעלער אינטענסיווקייט, מיט אַ פֿעיקייט צו געבן און צו נעמען.

אונדזערע לעצטע טעג אין קוזמיר זיינען געווען אומעטיקע. מיר האָבן געבויט פּלענער וועגן וויטערדיקע טרעפֿונגען, אָבער איבער אונדזערע קעפּ איז שוין געהאַנגען דער שאָטן פֿון דער טאָג־טעגלעכקייט. ליכטנשטיין האָט געוווּסט: עס וואַרט אויף אים אַ האַרעוואַניע איבער זיינע כּוחות און אַ כּסדרדיקער קאָנטאַקט מיט מענטשלעכער טעמפּקייט און ברוטאַל־קייט. צום קוזמירער יום־טוב האָט געקומען אַ סוף.

בעת מיינע וויטערדיקע באַגעגענישן מיט די ליכטנשטיינס — אַ מאָל אין לאָדזש און אַ מאָל אין וואַרשע — פֿלעגן מיר אָפּט דערמאָנען די ליכטיקע קוזמירער טעג, אונדזער זאָרגלאָז קאָמונע־לעבן, די ערנסטע און די קאָמישע עפּיזאָדן. ליכטנשטיין איז געווען באַזאָרגט: ער איז געוואָרן אַרבעטסלאָז; זיין געזונט־צושטאַנד האָט זיך פֿאַרערגערט. אויף דער גע־זעגענונגס־ליאַמע אין וואַרשע, ערב זיין נסיעה קיין אַמעריקע, איז ער, ווי

אַלע מאָל אין אַ חברישער סביבה, געווען אויפֿגעהייטערט, אָבער מיר האָט זיך געדוכט, אַז מאָמענטנווייז פֿילט ער זיך ווי אָפּגעזונדערט פֿון דעם גאַנצן עולם, פֿאַרזונקען אין אַ דיאַלאָג מיט זיין גורל. איך האָב געקוקט אויף גוטען: זי האָט אויסגעזען רואיק; זי האָט באַשלאָסן צו באַהערשן איר אומרו און ס'איז איר געלונגען דאָס צו טאָן. מען האָט גערעדט וועגן אַמעריקע, מען האָט באַטראַכט פֿאַרשיידענע פּערספּעקטיוון פֿון דער נסיעה. יעדער איינער פֿון אונדז איז געווען מיילן ווייט פֿון יענער טראַגי־שער פּערספּעקטיוו וואָס איז אין גיכן געוואָרןווירקלעכקייט. וועגן דעם איז געווען אוממעגלעך צו טראַכטן, ווייל אין דער מענטשלעכער נשמה איז אַ צו גרויסער מהלך צווישן לעבן און טויט.

יצחק יאַנאַסאָוויטש

# מיין ערשטער שרייבערישער אַדרעס...

(אַ דערמאָנונג פֿון די יונגע יאָרן)

ארום יאָר 1925 האָב איך געמאַכט די ערשטע זעלבשטענדיקע נסיעה פֿון מיין שטעטל קיין לאָדזש. געווען בין איך שוין דעמאָלט אַן אַפּיקורס גמור, אָבער אַז מען קען פֿאָרן צו גאַסט אַנדערש ווי חול־המועד איז מיר פֿון דעסט וועגן נישט איינגעפֿאַלן. אוועקפֿאָרן פֿון דער היים אין די ימים־נוראים, אָדער אין די ערשטע טעג פֿון סוכות האָט מיר אויסגעזען צו זיין ממש אוממעגלעך, עפּעס שלא כדרכי הבריות און בכלל קעגן דעם מינהג העולם.

יענעם זומער פֿון יאָר 1925 איז צו אונדז אין שטעטל אַריין אַראָפּגע־קומען אַ יונגערמאַן פֿון לאָדזש, טשעבוצקי האָט ער געהייסן. דאָס איז געווען אַ שטילער יונגערמאַן, אַ היטל־מאַכער, וואָס האָט סיי מיט זיין אויסזען און סיי מיט זיין גאַנצער הנהגה נישט געמאַכט קיין באַזונדערן רושם. אַן אָרעמער אַרבעטער־אינטעליגענט איז ער געווען. דאָך האָט דער יונגערמאַן געהאַט צוויי מעלות, וועלכע האָבן מיך צו אים צוגעצויגן. ראשית כּל האָט ער געקענט נאָכזינגען בלערליי ליטמאָטיוון פֿון בעטהאָ־ווענישע סימפֿאָניעס. והשנית האָט דער דאָזיקער יונגערמאַן געשריבן, און געשריבן האָט ער נישט, ווי אַנדערע פֿון זיינס גלייכן, לידער און דערציילונגען, נאָר אַ דראַמע און דערצו אַ סימבאָלישע דראַמע, חצי מעטערלינק, חצי וויספּיאַנסקי און טאַקע אויך אין נוסח פֿון פּרצעס „ביי נאַכט אויפֿן אַלטן מאַרק".

פֿון דער זומער־באַקאַנטשאַפֿט מיט דעם דאָזיקן יונגן־מאַן, וואָס איז באַלד צוריק געפֿאָרן קיין לאָדזש, איז נולד געוואָרן מיין חול־המועד־סו־כותדיקע נסיעה אין דער גרויסער שטאָט אַריין. געפֿאָרן בין איך טאַקע צו אים, אַלס זיין גאַסט, הייסט עס. פֿון דעסט וועגן ווי אַ זאַך מאַכט זיך, האָב איך מיר מיטגענומען אַ טרוקענעם צדה־לדרך וואָס מיין מאַמע האָט מיר אויסגעבאַקן.

געוווינט האָט מיין באַקאַנטער טשעבוצקי אויף יערוזאַלימסקא גאַס. דאָס איז געווען אַ קליין געסל צווישן אַלטשטאָט און באַלוט ווו קיין גבירים האָבן נישט געוווינט. דער גרעסטער גביר אין יענער הייזקע איז געווען דער ווירט, וואָס האָט פאַרנומען אַ דירה פון צוויי צימערן מיט אַ קיך אין פראָנט, אויפן ערשטן שטאָק. דער ייד האָט געמוזט האָבן אַ גרויסן צד אין הימל אויב די לאָקאַטאָרסקע קללות האָבן אים נישט געשאַדט.

ווען איך בין אָנגעקומען קיין לאָדזש און האָב זיך שוין דערפרעגט צו מיין באַקאַנטן אויף דעם יערוזאַמילסקע־געסל, האָב איך ביים ערשטן אַריינקום אין שטוב באַמערקט, אַז מיין גאַסטגעבער איז עפּעס צעטראָגן און פאַרחושט. לכתחילה האָב איך געמיינט, אַז דערין איז שולדיק מיין אָנוואַרפן זיך אויף אים אַלס גאַסט. אָבער דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן ווי נישט ריכטיק. טשעבוצקי האָט געהאַט אַן אַנדער וויכטיקע סיבה צו זיין אין אַן אויפגערעגטן צושטאַנד. ער האָט נעמלעך מיט עטלעכע טעג צוריק געגעבן זיין דראַמע אויף מבינות צו ישראל ליכטנשטיינען און דאָס האַרץ האָט אים נעבעך געפּלאַטערט וועגן דעם ענטפער, וואָס אים וועט אויסקומען צו הערן.

דער טשעבוצקי האָט געוווינט אין דער נידער, אָדער אין פּאַרטער, ווי מען האָט עס גערופן אין לאָדזש. ער, זיין טאַטע און זיין מאַמע האָבן פאַרנומען אַ דירה וואָס איז באַשטאַנען פון אַ גרעסערער שטוב, אין וועלכער ס'האָט זיך געפונען אי די קיך, אי די היטלמאַכער־וואַרשטאַט, און פון אַ קליין פּיצעלע חדרל, אַן פענצטער וואָס איז געווען דאָס שלאָפקאַמער פון זיינע עלטערן. טשעבוצקי און זיין פאָטער זענען געווען דאָס וואָס מען האָט גערופן „כאַלופּניקעס", דאָס הייסט: זיי האָבן אַרויסגענומען אַרבעט פון אַ גרעסערן היטל־מאַכער און זיי האָבן די אַרבעט געמאַכט ביי זיך אין שטוב.

אַרום און אַרום וואָלט מיין דעמאָלטיקע נסיעה קיין לאָדזש געווען אַ מין ברכה־לבטלה. ניין, איז מיט מיר מיין באַקאַנטער אין ערגעץ נישט געגאַנגען. שמועסן מיט אים איז אויך נישט געווען מעגלעך, ווייל ער האָט כסדר געשוויגן.

געטראַכט האָב איך: הזאת נעמי? אָט דאָס איז עס דאָס לאָדזש וועגן וועלכן איך האָב אַזוי פיל געחלומט אין מיין קליינעם שטעטל? אָט דאָס איז עס די שטאָט ווו עס טוט זיך אַזוי פיל און עס איז אַזוי „אינטערעסאַנט צו לעבן?"

ווער ווייסט צו וועלכע אויספירן איך וואָלט געקומען און ווער ווייסט צי מיין גאַנץ קליינשטעטלדיק ציען זיך צו דער גרויסער שטאָט וואָלט נישט געליטן אַ קראַך וואָס וואָלט זיך גורלדיק אָפּגערופן אויף מיין

וויטערדיק לעבן, ווען נישט אַ געשעעניש וואָס האָט געהאַט נישט קיין קלענערע ווירקונג אויף מיין לעבן.

ווי איך האָב שוין דערציילט, האָט טשעבוצקי אַ טאָג אָדער צוויי איי־דער איך בין אָנגעקומען, געגעבן ישראל ליכטנשטיינען זיין דראַמע אויף מבינות. ווען איך בין געקומען האָט ער רק געטראַכט וועגן דעם, צי ליכטנשטיין וועט זיין דראַמע טאַקע לייענען און אויב ער וועט לייענען — וואָס ער וועט זאָגן. אויב מיין גאַסטגעבער האָט בכלל עפּעס גערעדט צו מיר אין די דריי טעג וואָס איך בין דאָרט געווען, איז עס געווען בלויז איין פראַזע: נאָך יום טוב וועט מען דאַרפן גיין צו ליכטנשטיינען און הערן: יאָ אָדער ניין.

און אָט איז שוין הושענה־רבה. דער טאַטע פון מיין גאַסטגעבער איז שוין אַהיימגעקומען פון שול. מען גרייט זיך שוין זעצן צו דער קרעפּלעך־סעודה און פּלוצלינג קומט אַריינצולויפן אַ שכנה. איך זע: זי וויל עפּעס זאָגן, זי מאַכט עפּעס מיט די הענט, אָבער איידער זי באַוויזט נאָך פון זיך אַרויסצוקריגן אַ קול, זעען מיר ווי הינטער איר אין דער געעפנטער טיר שטייט אַ מענטש מיט דיקע אויגן־גלעזער וואָס פינקלען אַרויס פון זיין פאַרשאָטנט פּנים. און אָט שפּרייזט דער מענטש אַריבער די שוועל, און מיין טשעבוצקי שפּרינגט אויף ווי אַ געביסענער און שרייט שיער אויס: חבר ליכטנשטיין!

און מער קען ער נישט רעדן. ער מאַכט מיטן מויל ווי אַ פיש וואָס מען נעמט אים אַרויס אויף דער טרוקעניש, נאָר קיין קול הערט זיך נישט. דאָס קול איז אים ערגעץ אַנטלאָפן.

די מוטער, דער פאָטער, די שכנה, אַלע זיינען עפּעס צעטומלט, אַלע טראָגן שטולן פאַרן גאַסט, אַלע ווישן די שטולן מיט די פאַרטעכער, אָדער מיטן כּאַלאַט. דער גאַסט קוקט זיך אַרום, שמייכלט היימיש און וואַרעם, וויל זעט אויס מיטן שמייכל פאַרטרייבן די בהלה וואָס ער האָט דאָ גורם געווען. אָבער עס העלפט נישט: די בהלה שטילט זיך נישט איין, זי ווערט גרעסער. דער אומגעריכטער וויזיט האָט אַלעמען פאַרשמעליעט.

און אין דער אָפענער טיר שטייען שוין מענטשן, שכנים, קאָפּ אויף קאָפּ. מענער, פרויען, קינדער. דער גאַנצער הויף איז זיך צוזאַמענגעלאָפן. פון טיר צו טיר און פון פענצטער צו פענצטער גייט די נייעס: ליכטנשטיין איז געקומען צום היטל־מאַכער.

ליכטנשטיין לייגט אַוועק אויפן טיש די דראַמע. ער וויל עפּעס זאָגן, אָבער די צעטומלטקייט פון דעם יונגן־מאַן, דער אָנגעלויף פון די שכנים שטערט אים צו ריידן. ער וויל עפּעס פרעגן, ער וויל עפּעס אויפקלערן. אָבער אומזיסט זיין מי. ער רעזיגנירט און זאָגט צו טשעבוצקין:

— כ'האָב געלייענט אייער דראַמע. כ'האָב מיט אייך צו שמועסן. אפשר ווילט איר מיך באַגלייטן?

אָבער טשעבוצקי איז אַזוי נבהל ונשתומם, אַז ער הערט כמעט נישט וואָס מען רעדט צו אים. ליכטנשטיין לאָזט זיך צום אַרויסגאַנג און אַז ער זעט, אַז טשעבוצקי גייט נישט מיט אים, זאָגט ער: — נו גוט, קומט צו מיר ווען איר וועט וועלן.

ער גייט אַוועק און פּלוצים גיב איך זיך אַ ריס פון אָרט און נעם אים נאָכלויפן. איך דעריאָג אים אויפן ראָג פון גאַס, דאָרט ווו מען דרייט זיך אַריין אין דער וואַלבאַרסקע און אַז ער דערזעט ווי איך לויף אים נאָך, בלייבט ער שטיין און קוקט אויף מיר מיט דעם זעלביקן וואַרעמען שמייכל:

— איר שרייבט אויך?

— איך... איך... בין פון אַ קליין שטעטל... ס'ערשטע מאָל אין לאָדזש... איך שרייב נישט, איך לייען בלויז...

איך פאַרסאַפּע זיך ביים ריידן און ווער דערביי רויט. איך האָב געזאָגט אַ ליגן. דער אמת איז, אַז איך האָב שוין דעמאָלט אונטערגעזינדיקט מיט שרייבן.

מיר גייען אַ שטיקל וועגס צוזאַמען. קיין שמועס אַנבינדן גיט זיך נישט איין. ביי עק וואַלבאַרסקע און פּולנאָצנע, געזעגנט זיך ליכטנשטיין מיט מיר. ער גיט מיר די האַנט און ער זאָגט:

— נו גוט, דערווייל לייענט... אַז איר וועט שרייבן, קומט אַרויף צו מיר, וועלן מיר זען...

איך לאָז אַפּ זיין האַנט און וויל שוין אַוועקגיין. פּלוצים גיט עס פון מיר אַ זעץ אַרויס, נישט צו וויסן פון וואַנען און פון וואָס:

— אָבער ער, מיין פריינד, טשעבוצקי... ער האָט אַ פונק?

איצט בלייבט ליכטנשטיין שטיין אַן איבערראַשטער. מיט אַמאָל צע־לאַכט ער זיך:

— ע, חבר, איר רעדט דאָך ווי איר וואָלט שוין טאַקע יאָ געשריבן...

איך בלייב ווידער אַ צעטומלטער און נישט וויסנדיק וואָס איך טו, שטעק איך אַריין די האַנט אין בוזעמטאַש און נעם פון דאָרט אַרויס אַ ליד וואָס איך האָב ערשט געהאַט אָנגעשריבן און איך דערלאַנג עס אים. דערנאָך לאָז איך זיך לויפן, איך אַנטלויף ווי אַ פּרא־אָדם, ווי אַ קליינ־שטעטלדיקע בריאה.

בעת איך קום צוריק אויף יערוזאַלימסקע, רוישט דער גאַנצער הויף. מען איז זיך שוין צונויפגעקומען פון אַנדערע שכנותדיקע הויפן און אַלע, אַלע ריידן מיט היץ וועגן דעם וואָס ער, ליכטנשטיין, איז געקומען צום

היטל־מאַכערס זון, האָט אים געגעבן עפּעס אַ „קאַיעט" און אים געהייסן קומען צו זיך, ווען ער וועט וועלן.

דער אָרעמער אַלטשטאָט־עולם קען נישט באַנעמען דעם תמצית פֿון דער געשעעניש. ער ווייסט, אַז דאָ איז געשען אַ גרויסע, אַן אומגעווייני־לעכע זאַך. ליכטנשטיין אַליין איז געקומען צו אַן אָרעמען ארבעטער־בחור אין שטוב אַריין און האָט געהייסן, אַז דער דאָזיקער בחור וואָס קיינער האָט זיך פֿריער אויף אים רעכט נישט אומגעקוקט, זאָל קומען צו אים. אָבער וועגן וואָס דאָ גייט, וואָס פֿאַר אַן עסקים ליכטנשטיין קען האָבן מיט אַזאַ אָרעמען היטל־מאַכער, דאָס באַגרייפֿט קיינער נישט.

אַן עלטערער ארבעטער, אָנגעטאָן ווי אַלע אַנדערע, מיט אַ נערוועזן „קנאַפּ" אין האַלדז וואָס לויפֿט אַהין און צוריק און גיט אים צו אַן אינטעליגענטן אויסזען, וויל מסביר זיין דאָס געשעעניש:

— וואָס פֿאַרשטייט איר נישט? דער חבר ליכטנשטיין אינטערעסירט זיך מיט די טאַלענטן פֿון דעם ארבעטער־פֿאָלק... ער וויל אַנטדעקן אַ פּראָלע־טאַרישן טאַלענט...

דאָס וואָרט „טאַלענט" צעטומלט נאָך מער דעם עולם, און אַ סך נעמען זיך ביי נײַס שטופּן אין דער דירה פֿונעם היטל־מאַכער, כדי אָנצוקוקן דעם שטילן יונגן־מאַן.

אייניקע קומען צוריק אַרויס מיט אַ בפּירושער אַנטוישונג און פֿאַרדרוס:

— ס'איז נישט צו זען קיין אויסטערלישס...

אין געדראַנג אויפֿן הויף דרייט זיך אויך אַרום דער באַלעבאָס פֿונעם הויז. ער דערציילט אַלעמען באריכות ווי אַזוי ער האָט זיך אַקוראַט פֿאַר־זוימט, מהמת נאָך שלאָגן הושענות איז ער אַוועק מיט גוטע־ברידער טרינ־קען אַ גלעזל ביר. די אַלע רייד זיינען ווי אויסן צו פֿאַרענטפֿערן, הלמאי ער האָט פֿאַרשפּעטיקט אַזאַ געשעעניש און איז געקומען שוין העט נאָך דעם ווי ליכטנשטיין איז אַוועקגעגאַנגען.

— וואָלט איך געווען — גיט ער צו פֿאַרשטיין — וואָלט איך אים אַרויפֿ־געבעטן צו זיך אין שטוב. אַזאַ מענטש דאַרף מען אויפֿנעמען בכבוד... אין אַ לייטישער דירה...

דער ארבעטער מיטן נערוועזן „קנאַפּ" דערהערט די רייד און צינדט זיך אָן:

— וואָס מיינט איר זיך עפּעס? דער חבר ליכטנשטיין דאַרף אייער גבירישע דירה? דער חבר ליכטנשטיין קומט נישט צו קיין גבירים... צו אונדז, צו די פּראָלעטאַרישע מאַסן קומט ער... ער קומט בילדן און באַלייכטן די ארבעטאָרערישע טאַלענטן...

א מערכה דאָס דערשרעקנדיקע וואָרט „טאַלענטן", א נישט וואָלט זיך דער צונויפגעלאָפענער עולם נישט אַזוי גיך פונאַנדערגעגאַנגען.

צי טשעבוצקי איז שפּעטער געגאַנגען צו ליכטנשטיינען, ווייס איך נישט. קיין שרייבער איז ער נישט געוואָרן. איך בין נאָך דער מעשה צוריק אַהיימגעפאָרן אין מיין שטעטל און דאָרט האָב איך מיינע חברים געמאַכט וואָסער אין די אויערן מיט מיין איבערלעבעניש. אָט דאָס, הייסט עס, איז לאָדזש. דאָרט אין דעם לאָדזש איז פאַראַן א מענטש, ישראל ליכטנשטיין, וואָס קומט אין שטוב אַריין צו אַן אַרבעטער וועלכער וויל ווערן א שרייבער.

וועגן דעם ליד וואָס איך האָב געגעבן ליכטנשטיינען האָב איך קיינעם נישט דערציילט און וואָס מיט דעם ליד איז געוואָרן האָב איך נישט געוווּסט. ערשט העט העט שפּעטער, אַרום חנוכה־צייט איז צו מיר דערגאַנגען א ידיעה, ווי א בליץ, אַז מיין ליד איז געווען געדרוקט אין „לאָדזשער וועקער".

אין א וואָך אַרום בין איך שוין אויף ס'ניי געפאָרן קיין לאָדזש. דאָס מאָל נישט אין געסט, נאָר אויף צו בלייבן. כ'בין געפאָרן מיט דער באַרוישנדיקער האָפענונג צו ווערן א שרייבער ביי יידן און כדי דאָס צו דערגרייכן האָב איך געהאַט איין אַדרעס: ישראל ליכטנשטיין....

יצחק קלעטשעווסקי

# וואָס איך געדענק

...געווען איז עס נאָך דער רעוואָלוציע פֿון 1917 אין קיעוו. אויף איינער פֿון די אָפּטע פֿאַרזאַמלונגען אויף בעסאַראַבקע (דאָרט האָט זיך געפֿונען דער בונדישער לאָקאַל) האָט זיך באַוויזן אַ פֿרישער חבר וואָס האָט צוגעצויגן אַלעמענס אויפֿמערקזאַמקייט. ער פֿלעגט זיינט דעמאָלט קומען אָפּט און אַלע מאָל אין דער באַגלייטונג פֿון משה ראַפֿעס, א. ליטוואַקן, בערנאַרד גאָלדשטיינען, א. חפֿצן א״אַנד. דער פֿרישער חבר האָט אַרויס־גערופֿן פֿיל שטוינונג ביי די פֿאַרזאַמלטע צוליב דעם וואָס ער האָט געטראָגן אַ „מאַטשעיאָווקע", אַ היטל פֿון גראַנאַטענעם טוך מיט אַ גלאַנציקן דאַ־שעק. אַזעלכע היטלען האָבן געטראָגן פּוילישע רעוואָלוציאָנערן, פּעעסדע־ניקעס אָדער פּעפּעסאָווצעס. קיין בונדיסטן האָבן אַזאַ היטל נישט געטראָגן. האָבן פֿיל חברים געמיינט, אַז דער חבר איז אַן אָנגעזעענער פֿירער פֿון אַ פּוילישער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי. פֿאַר מיר איז די רעטעניש אויפֿגע־קלערט געוואָרן אין עטלעכע טעג אַרום. איך בין דעמאָלט געווען אַן אָנגע־שטעלטער אין דער בונדישער „פֿאָלקסצייטונג"... און כ'פֿלעג זיך דאַרפֿן פֿונאַנדערחשבונען מיטן פֿאַרוואַלטער פֿון דער צייטונג (דאַכט זיך, אַז מען האָט דעם פֿאַרוואַלטער גערופֿן גראַנאָווסקי). בין איך אַריין אין רעדאַקציע־צימער און כ'האָב דאָ געטראָפֿן דעם חבר, וואָס איך האָב געמיינט, אַז ער איז אַ פּוילישער רעוואָלוציאָנער. ער איז געזעסן ביים רעדאַקציע־טיש, דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף דער האַנט, און ער האָט די חברים אין דער רעדאַקציע דערציילט פֿאַרשיידענע עפּיזאָדן פֿון די רעוואָלוציע־יאָרן 1905־1907. דאָס איז געווען דער חבר ליכטנשטיין. דעם ח' ליכטנשטיינס אויס־שפּראַך, זיין קול האָבן געגלעט ווי סאַמעט. זיין דערציילן באַריכות און שטיל האָט אַרויסגערופֿן אַנטציקונג ביי די צוהערערס. ווי נאָר ליטוואַק איז אַרויס פֿון רעדאַקציע־צימער, האָט ליכטנשטיין גענומען דערציילן וועגן חבר ליטוואַקס רעוואָלוציאָנערער אומלעגאַלער אַרבעט... ווען ליכטנשטיין האָט געענדיקט דערציילן, איז אַ לאַנגע ווײַלע געווען שטיל... ליכטנשטיין

האָט מיך באַמערקט, אויסגעשטרעקט צו מיר זיין האַנט און געזאָגט: — מיר האָבן זיך נאָך נישט באַגריסט. זייט באַגריסט, חבר.

אַז מיר זיינען שוין געווען אויף דער גאַס, האָב איך ליכטנשטיינען דערציילט מיין „ביאָגראַפיע", ווי אַזוי די מלחמה האָט מיך פאַרשלעפּט קיין קיעוו און ווי ס'איז שוין דריי יאָר, אַז מיין משפּחה אין קאַליש ווייסט נישט, וווּ איך בין אַהינגעקומען. ליכטנשטיין, ווי זיין טבע איז געווען, האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף מיין אַקסל און געזאָגט: — זייט זיכער, חבר, אין קורצן וועל איך זיין אין פּוילן און איך וועל צו וויסן געבן אייער משפּחה וועגן אייך.

דער חבר ספּיוואַק האָט מיר פאַרטרויליך דערציילט, ווער ס'איז חבר ליכטנשטיין: ער איז געקומען פון פּוילן (לאָדזש). אין לאָדזש איז געהאַט פאַרגעקומען אַן עפנטלעכער מיטינג אויף איינעם פון די לאָדזשער פּלעצער. אויף דעם מיטינג איז ליכטנשטיין אַרויסגעטראָטן מיט אַ רעדע צו די פּויּלישע אַרבעטער און ער האָט גערופן צום קאַמף מיט די דייטשע אָקופּאַנטן ... נאָכן מיטינג האָבן די דייטשן אַרומגעזוכט ליכטנשטיינען און אים געוואָלט אַרעסטירן. ער איז אַנטלאָפן, און ווען ער איז שוין געווען ביי דער דייטש־פּוילישער גרענעץ, האָבן אים חברים אַריבערגעשמוגלט קיין אוקראַ־אינע. דער חבר ספּיוואַק האָט צוגעגעבן אַז ליכטנשטיין וועט אין גיכן זיין צוריק אין לאָדזש, ווייל אין דייטשלאַנד האָט זיך אָנגעהויבן רודערן. אין קורצן איז ליכטנשטיין פאַרשוווּנדן פון קיעוו; ער איז געפאָרן צוריק קיין פּוילן. אין אַ יאָר אַרום, ווען איך בין געקומען קיין פּוילן, האָבן מיר מיינע עלטערן דערציילט, אַז דער חבר ליכטנשטיין האָט כסדר געמאָנט, מען זאָל זיי איבערגעבן מיין גרוס. ס'האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז דער חבר ח. ל. פאָזנאַנסקי איז געפאָרן קיין קאַליש אין אַ פּאַרטיי־שליחות, האָט ליכטנשטיין איבערגעשיקט דורך אים דעם גרוס צו מיינע עלטערן, זיי זאָלן זיין רואיק וועגן מיין גורל.

כאָטש ליכטנשטיין איז נישט געווען קיין פּאַרטיי־אָנגעשטעלטער.. האָבן בונדיסטן אים באַטראַכט ווי איינעם פון די פירער פון דער פּאַרטיי — נישט נאָר פון דער לאָדזשער אָרגאַניזאַציע, נאָר פון דער גאַנצער פּאַרטיי.

...אויף די פּאַרטיי־פאַרזאַמלונגען אין דער פּראָווינץ האָט ער שטענדיק דערמאָנט ...אַז „דער בונד איז נישט נאָר אַ פּאַרטיי וואָס האָט דורכצו־פירן פּאָליטישע און פּראָפעסיאָנעלע אַקציעס; מיר זיינען אַ משפּחה, און די משפּחה־געפילן דאַרפן מיר אַריבערטראָגן צו די ברייטע יידישע פאָלקס־מאַסן". זעלטן ווער האָט מיט אַזאַ וואַרעמקייט גערעדט וועגן דעם ווי ליכטנ־שטיין. ווען עס פלעגן פאָרקומען שאַרפע וויכוחים און פּאָליטישע שטרייטן אין די אָרגאַניזאַציעס, האָט זיך שטענדיק געפונען אַ חבר וואָס האָט דער־

מאַנט, וואָס ליכטנשטיין האָט געזאָגט, ווען ער איז געווען ביי זיין; און די אַרגומענטן האָבן תמיד געבראַכט גוטע רעזולטאַטן.

...פאַר די חברים פון דער פּראָווינץ פלעגט ליכטנשטיין מייסטערהאַפט דערציילן פאַרשיידענע פּאַסירונגען פון פּאַרטיי־לעבן און מיט דעם איינ־פלאַנצן איבערגעגעבנקייט פון איין חבר צום צווייטן און צו דער פּאַרטיי. ער פלעגט תמיד עפּעס אַנטדעקן אין די פּראָווינצשטעט. אָט האָט ער אינעם שטעטל קויל געפונען דעם חבר ה. ה. וואָס איז געווען פאָרזיצער פון דער פּאַרטיי, פון דער קינדערהיים, ראַטמאַן אין שטאָטראַט און אין דער קהילה, רעזשיסאָר פון אַ דראַמקרייז, דיריגענט פון אַ כאָר, מיטגליד פון ראַיאָן־קאָמיטעט, רעפערענט אאַז"וו. און צו דעם אַלעם האָט ער נאָך געמוזט זאָרגן וועגן פּרנסה פאַר זיין משפּחה. אין יעדער שטעטל האָט ליכטנשטיין אַנטדעקט די פּרעכטיקע איבערגעגעבענע חברים און ער פלעגט דערציילן וועגן זיי אין אַנדערע אָרגאַניזאַציעס און מיט דעם באַגייסטערט די חברים.

...אַז דער חבר ליכטנשטיין איז געשטאָרבן, איז דער טרויער געווען נישט צום באַשרייבן... די פּשוטע פאָלקסמענטשן האָבן דאָס שווער אי־בערגעלעבט. איך געדענק אַזאַ בילד: ווען די בעקער־אַרבעטער זיינען פון דער אַרבעט געקומען אין פאַראיין, האָבן זיי זיך אַוועקגעזעצט אויף די בענק, נישט גערעדט, זיך אָנגעקוקט און ביטער געוויינט... די בעקער־אַרבע־טער האָבן געוווּסט, אַז אין זייערע שווערע מאָמענטן האָבן זיי געהאַט אַ חבר מיט אַ גרויסן אויטאָריטעט... ער איז תמיד גרייט געווען צו פאַרטיידיקן זייערע פאָדערונגען... עפנטלעך האָט ער פאַר די פּוילישע אַרבעטער פאַר־טיידיקט דעם קאַמף פון די יידישע בעקער־אַרבעטער קעגן די פּוילישע שטרייקברעכערס און לוינדריקערס אין די יידישע בעקערייען. יידישע אַרבעטס־מענטשן אין פּוילן האָבן געפילט, אַז זיי האָבן פאַרלוירן זייער נאָענטסטן פריינד.

# נידער מיט די שוואַרצע קהילות*)

מיר שטייען שוין אזוי נאָענט פון וואַלטאָג, אז ס'איז איצט שוין מעגלעך מיט א גרויסער וואַרשיינלעכקייט פּאָרויסצוזאָגן, ווי אַזויערנאָך ס'וועלן אויסזען די וואַלן גופא און וואָסערע רעזולטאַטן זיי קאָנען ברענגען...

דאָס, וואָס ס'לאָזט זיך שוין מיט דער פולער זיכערקייט פעסטשטעלן, איז דער פאַקט פון דער אייזקאַלטער באַציאונג פון בריי טן דורכשניטלעכן עולם ווייַלער צו דעם גאַנצן וואַל־יריד.

נישט נאָר דער יידישער אַרבעטער איז אויסגעשפּראָכן פייַנטלעך ג־ שטימט לגבי דער קהלה און אירע וואַלן, נאָר די ברייטסטע מאַסן פון דער סתם יידישער באַפעלקערונג האָבן נישט דעם מינדסטן אינטערעס פאַר די וואַל־קאַכעניש, כאָטש מיר האַלטן שוין ביי גאָר די לעצטע וואַלטעג. א חוץ די הונדערטער קאַנדידאַטן אויף דאַזאָרעס (א קליינ יקייט: האָט דאָך עפּעס לאָדזש אַליין ארום דרייסיק ליסטעס!) און די קאַכלעפל ארום זיי — אינטערעסירט זיך קיינער לחלוטין נישט מיט דעם גאַנצן וואַל־יריד:

ס'איז קלאָר: מיר האָבן דאָ נישט צו טאָן מיט קיין צופעליקע דערשיי־ נונגען און אַז די גלייכגילטיקייט איז אויך נישט קיין רעזולטאַט, נאָר פון דער רעאַקציע און אַפּאַטיע, וועלכע הערשט בכלל אין אונדזער געזעלשאַפט־ לעכן לעבן.

דער ברייטער עולם דערוואַרט אבסאָלוט גאָרנישט פון דער קהלה און דעריבער האָט ער זי אין דער לינקער פּאה.

ווי באַלד אָבער מ'וועט פרעגן: צי איז דער דאָזיקער סטיכישער אויס־ דרוק פון גלייכגילטיקייט צו די וואַלן א גענוגנדיקער גרונד פאַר א סאָציאַ־ ליסטישער פּאַרטיי, כדי צו באַיקאָטירן די וואַלן, וועלן מיר ענטפערן:

פאַרשטייט זיך אַז נישט!

ווייל אַט האָבן מיר דאָך ערשט גאָר נישט לאַנג אַדורכגעמאַכט א וואַל־ קאַמפּאַניע צום סיים, ווו מיר האָבן געהאַלטן פאַר אונדזער ערשטן און וויכטיקסטן חוב גראָד צו גיין קעגן שטראָם פון דער אַפּאַטיע און גלייכגיל־ טיקייט פון די מאַסן און מיר האָבן דעם גרעסטן טייל פון אונדזער ענער־

*) „לאָדזשער וועקער", דאָנערשטיק, דעם 21סטן מאַי 1921.

גיע פֿאַרוועגדט דערויף, כּדי צו ברעכן די באַיקאַטיסטישע שטימונגען פֿון די זעלבע מאַסן.

ווייל אין דעם טאַקע באַשטייט דער אונטערשייד צווישן אַלגעמיינע וואַלן צו אַ פּאָליטישער קערפּערשאַפֿט און וואַלן צו אַזאַ אינסטיטוציע, ווי דאָס איז די קהלה.

בעת דער פֿאַקט גופֿא פֿון אָנטיילנעמען אין וואַלן צו אַ סיים, למשל, אפֿשר באַזונדערס גראָד אין אַ מאָמענט פֿון אַ פּאָליטישער רעאַקציע, איז שוין פֿאַר זיך אַליין אַן אַקט פֿון ערשטקלאַסיקער פּאָליטישער באַדייטונג, קאָן מען דאָס בשום אופֿן נישט זאָגן וועגן דעם אָנטייל אין די קהלה־וואַלן בכלל. און דאָ קומען מיר צו צו דער הויפּטפֿראַגע פֿון איצטיקן מאָמענט — צו דעם אונטערשייד פֿון כאַראַקטער פֿון די וואַלן צו די קהלות מיט 6 יאָר צוריק און איצט.

פֿאַר וואָס זיינען מיר געגאַנגען צו די ערשטע קהלה־וואַלן?

מיר האָבן קיין מאָל זיך נישט געגרייט צו פֿירן וועלכע ס'איז אָרגאַנישע אַרבעט אין די קהלות. מיר האָבן קיין מאָל נישט, אפֿילו אין דער מינדסטער מאָס, אונטערגעהאַלטן די אילוזיע, אַז די געגעבענע קהלות, אַזוי ווי זיי זיינען, זאָלן זיין פֿעאיק און מסוגל צו פֿאַרוואַנדלען זיך אין דעם וועלטלעכן, קולטורעלן זעלבסטפֿאַרוואַלטונג־אָרגאַן פֿון די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן, צו וועלכן מיר שטרעבן, און פֿאַר וועלכן מיר קעמפֿן.

פּונקט ווי איצט, אַזוי זיינען מיר אַלע מאָל געווען איבערצייגט, אַז אונדזער וועלטלעכע נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע קאָן נאָר געשאַפֿן ווערן אויף די חורבות פֿון די פֿאַרשימלטע קלעריקאַל־רעאַקציאָנערע קהלות.

אָבער דאָס דעמאָלטיקע אויפֿקומען פֿון די פֿאַרהעלטעונישמעסיק — אין פֿאַרגלייך צו דעם פֿריערדיקן מצב — דעמאָקראַטישע קהלות מיט אַ שיין פֿון אַלגעמיינעם וואַלרעכט, האָט ביי געוויסע טיילן פֿון די יידישע מאַסן באַשאַפֿן געוויסע אילוזיעס וועגן די מעגלעכקייטן פֿון רעאַלע דעראָבערונגען אויפֿן באָדן פֿון די זעלבע קהלות. דאָס זיינען געווען אילוזיעס, וועלכע האָבן געקאָנט אויסגעלעבט ווערן און פֿאַרשווינדן איינציק און אַליין דורך דער הילף פֿון אַ דירעקטן אָנטייל אין אינערלעכן קאַמף פֿון די קהלות.

פֿון דאַנען איז געדרונגען דער צווייטער אומשטאַנד, וועלכער איז פֿאַר אונדז אַלס פּראָלעטאַרישע פּאַרטיי, געווען דעצידירנדיק.

אַזוי ווי גרויסע טיילן פֿון די יידישע פֿאָלקסמאַסן האָבן זיך דעמאָלט מיטן גרעסטן אינטערעס צוגעקוקט צו די קהלות — אין אונדזער אויפֿגאַבע געווען אויסצונוצן דעם דאָזיקן אינטערעס, כּדי צו פֿאַרוואַנדלען די קהלות אין טריבונעס פֿון אונדזער קלאַסנקאַמף אויפֿן באָדן פֿון די קעגנזאַצן אין דער יידישער געזעלשאַפֿט.

און די דאָזיקע אויפגאַבע האָבן מיר אויסגעפירט אויפן גלענצנדיקסטן אופן:

מיר האָבן אינעווייניק, אין די פעסטונגען פון דער יידישער אייננגעזעסענער רעאַקציע געשטורעמט אירע פּאָזיציעס, אַראָפּגעריסן די מאַסקעס פון דער רעליגיעזער צביעות און באַוויזן דאָס יידישע שוואַרץ־בלוי־ווייסע געמויזעכץ אין זיין אמתן געשטאַלט!

אָט דער דאָזיקער היסטאָרישער רעוואָלוציאָנערער קאַמף אונדזערער האָט געצוווּנגען די יידישע רעאַקציע צו זוכן הילף פון דרויסן, כדי אונדזערע פּטור צו ווערן; אַזוי נאָך איז געקומען צום באַרימטן פּאַראַגראַף 20 און צו די מסירות וועגן מאָסקווער יאַטשייקעס.

## וואָס ווייטער איצט?

היינט צו טאָג זיינען שוין אַלע אילוזיעס בנוגע דער רעליגיעזער קהלה פולשטענדיק אויסגעלעבט. און דאָס איז אונדזער היסטאָרישער פאַרדינסט! גלייכצייטיק אָבער איז די פּאָליטישע באַדייטונג פון די קהלות געוואָרן גאָר אַן אַנדערע: די פאַשיסטישע מאַכטהאָבער זיינען פאַראינטערעסירט דערין נישט נאָר, אַז ס'זאָל אייננעהאַלטן ווערן איר קלעריקאַל־רעאַקציאָנערער כאַראַקטער, נאָר אַז אינעווייניק אין די קהלות זאָלן האַלטן די מאַכט אין זייערע הענט די אויסגעלאַסנסטע פאַרשטייער פון יידישן פאַשיזם.

קענגזייטיק זיך שטיצנדיק וועט דער יידישער און אַלגעמיינער פאַשיזם אָנווענדן אַלע אָן אויסנאַם מיטלען, כדי נישט צו דערלויבן, אַז אין די קהלות זאָל זיך רירן כאָטש איין לעבעדיקער אָדער. די באַדייטונג פון דער קהלה, אַלס פּאָליטישע טריבונע, איז פולשטענדיק פאַרשוווּנדן. די קהלות זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פּאָליציי־קאָמיסאַריאַטן פאַר „יידישע" ענינים, ווו ס'וועט אויסגעפירט ווערן דאָס, וואָס ס'וועט דיקטירן די פאַשיסטישע מאַכט און וואָס ס'וועט ליגן אין די אינטערעסן פון די יידישע מיטהעלפער און שותפים פון דעם זעלבן פאַשיזם.

דעריבער קומען איצט און רופן די יידישע מאַסן אָנטיילצונעמען אין דער מיאוסער און אומווירדיקער קאַריקאַטור פון אַ נאַציאָנאַלער זעלבסטפאַרוואַלטונג, ווי דאָס איז די יידישע קהלה, וואָלט הייסן גיסן וואַסער אויפן מיל פון דעם פאַשיזם, וואָלט הייסן שאַפן אילוזיעס, אַז דער פאַשיזם לויט זיין עצם, קאָן בכלל דולדן, וועלכע ס'איז זעלבסטשטענדיקייט פון די מאַסן. — דעריבער מוזן מיר רופן צום באָיקאָט פון דער איצטיקער שוואַרצער קהלה אַלס ווערקצייג און שפּילעכל אין די הענט פון פאַשיזם!

ישראל ליכטנשטיין

## וואָס ווייטער?

ס'וואָלט אָבער געווען פולשטענדיק פאַלש אויסצוטייטשן אונדזער רוף צו באַיקאָטירן די קהלות מיט דעם מאָטיוו, אַז פאַר דעם יידישן אַרבעטער און פאָלקסמענטש איז גלייכגילטיק דאָס, וואָס ס'ווערט דאָרט געטאָן.

פאַר אונדז איז נישט גלייכגילטיק די הערשאַפט פון קלער און פון די תקיפים, וועמענס שטאַרקסטע פעסטונג ס'איז די קהלה! פאַר אונדז איז נישט גלייכגילטיק דער שווינדל און די הויטשינדעריי, וועלכע די זעלבע תקיפים פירן מיט דער הילף פון דער זעלבער קהלה.

פאַר אונדז איז נישט גלייכגילטיק די שוואַרצע כמאַרע פון קלעריקאַלער דערציאונג, וועלכע ווערט אַדורכגעפירט מיט דער הילף פון דער זעלבער קהלה.

מיר ווייסן אָבער, אַז די שלאַכטן אַרום די דאָזיקע פראַגן וועלן אויסגע־פאָכטן ווערן נישט אין די קהלות, נאָר מחוץ פון זיי! די יידישע קהלות זיינען איצט נאָר אַ טייל און אַן עקספּאָזיטור פון דער אַלגעמיינער פאַ־שיסטישער רעאַקציע.

דאָרטן אויף דעם אַלגעמיינעם שלאַכטפעלד וועט אויסגעקעמפט ווערן אויך די פרייהייט און וועלטלעכקייט פון דעם יידישן מאַסן־לעבן.

דעריבער רופן מיר די יידישע מאַסן זיי זאָלן אַרומרינגלען די יידישע קהלות, די נעסטן פון יידישער תקיפות און שוואַרצקייט, מיט אַ וואַנט פון פאַראַכטונג און האַס, גרייטנדיק זיך אין דער זעלבער צייט צו דעם גרויסן קאַמף קעגן פאַשיזם אין אַלע זיינע פאָרמען!

נידער מיט די שוואַרצע קהלות!

# ווינטער 1931־32 *)

(רייזע־נאָטיצן)

.1

## דאָס אומהיימלעכע בערלין

„דאָס טויער פון מערב־איראָפּע" — אזוי האָט מען א מאָל א נאָמען געגעבן בערלין, און מיר, וועלכע פלעגן אין די אמאָליקע ציימן זיך ארויס־רייסן פון אונדזערע מיזרח־לענדער און אריינפאַלן אינעם דאָזיקן „טויער" אריין, פלעגן מיר מיט פרייד געניסן דאָס ביסעלע פרייהייט און די געמיט־לעכקייט פון בערלין אין פארגלייך מיט דער ברוטאַליטעט און דעם באַר־באַריזם פון אונדזערע מיזרח־לענדער און מיט באַגייסטערונג פלעגן מיר פעסטשטעלן:

ס'איז טאַקע דאָס „טויער", דער אָנהייב פון א נייעם פּאַר אונדז לעבן פון א נייעם און בעסערן לעבנס־שטייגער — ס'איז דאָס טויער צו דער קולטורעלער איראָפּע...

די פיינע, זויבערע ליכטיקע גאַסן, די וואונדערבאַרע באַקוועמלעכקייטן, וועלכע גייען אריין אין אַלע דעטאַלן פון לעבן און זיינען אויסגערעכנט צו מאַכן עס לייכטער און אַנגענעמער.

דער ברייטער „מאָאַרגן"! מיט וועלכן איטלעכער דייטש האָט מיך באַגעגנט, די פיינע מאַניער פון ריידן און באַהאַנדלען אייך — דאָס אַלעס האָט אונדז געפרייט און אפילו באַגייסטערט „ס'איז קולטור!" האָט איטלעכער פון אונדז געזאָגט.

און זאָל זיין אפילו, אז דער פיינער שמייכל און דער ברייטער „מאָאַרגן" זיינען פאַלש, אז מ'איז נאָר דאָ אויסן ביי אייך ארויסצובאַקומען די פּאָר גראָשן — זאָל זיין! ס'איז דאָך אָנגענעמער פרייליכער, היימלעכער, ווי אין דער היים...

*) „לאָדזשער וועקער", פרייטיק, דעם 15טן אַפּריל 1932.

דאָס אַלץ איז געווען אַ מאָל.

איצט איז דעצעמבער 1931.

קאַלטע ווינטן בלאָזן איבער די בערלינער גאַסן. אַנגעכמורעטע מענטשן מיט אויפגעשטעלטע קראַגנס לויפן פאַר אייך פאַרביי. בייזע, פינצטערע בליקן באַגעגענען אייך פון אַלע זייטן, אפילו די פּראָפעסיאָנעלע „שמייכ־לער" די קעלנערס, פריזירערס, פאַרקויפער אין די געשעפטן שווייגן איצט מערסטן טייל פאַרביסן, און הייבן זיי אָן צו ריידן — ריידן זיי מיט האַרץ, מיט גאַל, מיט פאַרצווייפלונג.

נאָך ערגער איז אין אָוונט.

די גרעסטע טייל גאַסן — אַ חוץ געציילטע פאַרווײלונגס־גאַסן זיינען זייער שוואַך באַלויכטן — דער בערלינער מאַגיסטראַט איז געצוואונגען צו מאַכן אָפּשפּאָרונגען... די זעלבע אָפּשפּאָרונגס־פּאָליטיק רעדט צו אייך פון די טויזנטער פינצטערע פענצטער פון די וווינונגען. אַ גרויסע צאָל זייטיקע טראַמוויי־ליניעס זיינען ליקווידירט — ווידער אָפּשפּאָרונגען...

אכט, ניין אַ זייגער אין אָוונט אין שטיל, זעלטענע פאַרבייגייער איילן זיך. פון צייט צו צייט הערט איר נאָר אַ הילכיקער קלאַפּן אויפן טראָטואַר — דאָס וואַנדערן די באַשטיוולטע היטלער־לייט און איר ווייסט שוין אַז צו מאָרגנס וועט איר איבערלייענען אין די צייטונגען וועגן זייערס אַ נייעם מאָרדאָנפאַל.

אומהיימלעך איז אויף די בערלינער גאַסן...

⁂

„דער שרעקלעכסטער ווינטער פונעם לעצטן יאָרהונדערט!" — אַזוי האָט, דוכט זיך, דער הונגער־קאַנצלער ברינינג אַליין באַצייכנט דעם לעצטן ווינטער פאַר דייטשלאַנד. לויט גאַנץ גענויע סטאַטיסטישע אויסרעכענונ־גען איז אין דייטשלאַנד אין דעצעמבער 1931 געווען נישט ווייניקער, ווי פופצן מיליאָן נפשות אַ פערט־חלק פון דער גאַנצער באַפעלקערונג, וועלכע האָבן געלעבט פון די אַרבעטסלאָזע אונטערשטיצונגען מלוכהשע אָדער קאָמונאַלע.

און ווידער אָרום לויט גאַנץ גענויע אויספאָרשונגען — קאָן די דאָזיקע שטיצע בשום אופן נישט קלעקן דערויף, כדי די וואָס באַקומען זי זאָלן קאָנען זאַט זיין! די דורכשניט־הוצאה אויף שפּייז באַטרעפט סך־הכל אָרום צוויי מאַרק אַ וואָך אויף אַ מענטשן!

קלאָר: פופצן מיליאָן מענטשן לעבן אין אַ צושטאַנד פון אַ כראָנישן האַלבהונגער אָן שום ממשותדיקע פּערספּעקטיוון אויף אַ פאַרבעסערונג! פון דער דאָזיקער צאָל געפינען זיך אין בערלין גופא לכל־הפחות 2 מיליאָן.

און דאָך בעת אַ פֿרעמדער קומט אָן אין דײַטשלאַנד איז אים שווער צו גלייבן, אַז אין דעם דאָזיקן שטיינרייכן לאַנד זאָלן אַזוי פֿיל מיליאָנען מענטשן לעבן אין אַ מצב פֿון אַזאַ שרעקלעכער נויט. נישט בחנם גייט איצט אַרום איבער אייראָפּע אַ ווערטל וועגן דײַטשלאַנד: „די דײַטשישע פֿאָלקסמאַסן גייען אויס פֿון הונגער”... אין פּאַלאַצן, בעת איר וואַנדערט איבער די גוואַלטיק לאַנגע וווּנדערבאַר־ריינע און אויסגעפּוצטע, בערלינער גאַסן, ווו דער אַספֿאַלט גלאַנצט, ווו אַלץ איז אויפֿן אָרט און אין בעסטער אָרדענונג, אָדער בעת איר פֿאָרט אַריין אָדער אַרויס פֿון וועלכער ס'איז גרעסערע שטאָט אין דײַטשלאַנד און איר זעט די קאָלאָסאַלע צאָל פֿון נײַע געבײַדעס, בעת איר זעט די וווּנדערבאַרע באַקוועמלעכקייטן פֿון די באַנען, טראַמווייען, אונטערגרונטס, די טעלעפֿאָנען און עלעקטרישע אינסטאַלאַציעס, איז אײַך שווער תּופֿס צו זײַן, אַז אין און צווישן דעם דאָזיקן רחבֿות זאָלן מיליאָנען מענטשן פּראָסט־פּשוט הונגערן. און ווידער קומט די סטאַטיסטיק און דערציילט אײַך, אַז אין משך פֿון די 11 יאָר צווישן 1919 און 1930 זײַנען אין דײַטשלאַנד אויסגעבויט געוואָרן אַ קימאַ־לן פֿון צוויי און אַ האַלב מיליאָן נײַע דירות און אַז דאָס האָט אָפּגעקאָסט אַ קלייניקייט פֿון צוויי און אַ האַלב מיליאַרד דאָלאַר! און ווייניקסטנס נאָך אַזאַ אַסטראָנאָמישע סומע איז אין דער זעלבער צײַט אויסגעגעבן געוואָרן אויף פֿאַרשידענע אינסטיטוציעס, ווי באַנען, שאָסייען, וואַסער וועגן, עלעקטריע־גאַז און אַנדערע אַנשטאַלטן וכדומה.

און רעדט מען שוין פֿון סטאַטיסטיק איז כּדאַי דאָ צו דערמאָנען נאָך איין ענין, וואָס קאָן אויך אויפֿן ערשטן אָנבליק פֿאַרשטאַרקן דעם אומ־צוטרוי צו דעם פֿאַקט גופֿא פֿון דײַטשישער נויט — דאָס איז די פֿאַר־ברויך־סטאַטיסטיק פֿון אַרטיקלען פֿון ערשטן געברויך איינגעטיילט לויט דער צאָל איינוווינער אין פֿאַרגלײַך מיטן שרעקלעכסטן אינפֿלאַציע־יאָר 1923! אין פֿאַרגלײַך מיט דעם דערמאָנטן יאָר האָט איטלעכער איינוווינער פֿון דײַטשלאַנד אין 1930 פֿאַרברויכט מער מיט: 40 פֿונט קאָרן, 46 פֿונט ווייץ, 38 פֿונט פֿלייש אַ האַלבן ליטער שנאַפּס, 3 פֿונט קאַווע, 30 ליטער ביר 5 פֿונט צוקער און אויסגערייכערט זײַנען געוואָרן העכער 3 מיליאַרד ציגאַרן און 11 מיליאַרד פּאַפּיראָסן מער.

ווי געזאָגט אָבער קאָן דאָס נאָר אויפֿן ערשטן אויגנבליק אַרײַנפֿירן אין אַ טעות. פֿאַקטיש אָבער דרינגט ערשט פֿון די דאָזיקע ציפֿער אַרויס די גאַנצע גרויזאַמקייט פֿון איצטיקן הונגער־קריזיס: בעת 13 מיליאָן פּראָלעטאַרישע נפֿשות לײַדן כּסדרדיקן הונגער ווײַל זיי זײַנען אַרבעטסלאָז און האָבן נישט קיין געלט צו קויפֿן זיך די פּראָדוקטן פֿון ערשטן געברויך, אין דער זעלבער צײַט איז שטאַרק געשטיגן די אַלגעמיינע פֿאַרברויך־

ציפּער פֿון דער גאַנצער דייטשישער באַפֿעלקערונג ד"ה, אַז די העכערע קלאַסן עסן נישט נאָר צו דער זעט נאָר פֿרעסן און זויפֿן זיך איבער!

אָבער כדי זיך אין דעם איבערצוציַיגן דאַרף מען שוין אַפֿילו נישט קיין סטאַטיסטיק! ס'איז גענוג אַ שפּאַציר צו טאָן איבער דעם בערלינער וועסטן, אַ קוק צו טאָן וואָס ס'טוט זיך אין און אַרום די טיַיערע און טיַיערסטע נאַכטלאָקאַלן. דער זעלבער אַמעריקאַנישער זשורנאַליסט וועלכער איז געווען אַ בעלן זיך איבערצוטאָן אין טראַנטעס און מאַכן אַ נאַכט־שפּאַציר איבער די לאָקאַלן פֿון די אַרבעטסלאָזע אינעם אַרבעטער־קוואַרטאַל וועדדינג דערציילט ווי ער האָט אַ נאַכט שפּעטער, (פֿאַרשטייט זיך שוין נישט אין טראַנטעס נאָר אין אַ פֿראַק!) געפּרוּווט זיך אַריַינצובאַקומען אין די טיַיערע לאָקאַלן „ווו מ'טרינקט נאָר שאַמפּאַניער" און ווי ער איז אַרומגעוואַנדערט אפֿשר איבער צען אַזעלכע לאָקאַלן און אין ערגעץ איז נישט מעגלעך געווען קיין פּלאַץ צו באַקומען „אַלעס באַזעצט". — האָט מען אים כסדר געענטפֿערט. דער אייגענער זשורנאַליסט איז אויך געווען אַ בעלן אויסצורעכענען וויפֿל מענטשן ס'הוליען און טאַנצן נאַכט אויס און נאַכט איין אין דעם זעלבן בערלין בשכנות מיט די צוויי מיליאָן הונ־גערנדיקע און ער האָט אויסגערעכנט, אַז נאָר אין די עפֿנטלעכע לאָקאַלן פֿון דער ערשטער און צווייטער קאַטעגאָריע אַליין ד"ה, אין די טיַיערסטע און מיטל־טיַיערע — הוליען יעדע נאַכט אין בערלין עטלעכע צענט־ליקער טויזנט מענטשן...

אָט וואָס איז דער פּשט פֿון די ווערטער: דער שרעקלעכסטער ווינטער אין אַ קלאַסן־געזעלשאַפֿט.

# אויפֿן קבר פֿון קאַרל מאַרקס*)

(אַ קאַפּיטל פֿון די רייזע־נאָטיצן)

אין בריסל האָב איך צום ערשטן מאָל אַנגעטראָפֿן אויף שפּורן פֿון פּריוואַטן לעבן פֿונעם גרויסן גאון און שעפֿער פֿונעם וויסנשאַפֿטלעכן סאָציאַליזם — קאַרל מאַרקס.

אויף דעם אימפּאָזאַנטן „גראַנד־פּלאַס" פֿון בריסל, וועלכער מאַכט אַ גוואַלטיקן רושם מיט דער סימעטריע און דעם גאָלד און פּראַכט פֿון די געביידעס, וואָס רינגלען אים אַרום, קעגנאיבער דעם אַלטן שפּאַניש־קעניגלעכן שלאָס, פֿון וועמעס באַלקאָן דער בלוטהונט אַלבאַ האָט זיך אינעם יאָר 1568 צוגעקוקט, ווי מ׳האָט געהאַקט אויפֿן עשאַפֿאָט קעפּ פֿון די אָנפֿירער פֿון די פֿלעמישע רעוואָלוציאָנערן — געפֿינט זיך דער באַרימטער רעסטאָראַן „אונטערן ווייסן שוואַן". דער דאָזיקער רעסטאָראַן איז אַ מאָל געווען דער טרעפֿפּונקט פֿון אַלע דעמאָקראַטישע, רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן. דאָ פֿלעגן ביז דער לעצטער צייט פֿאָרקומען די פּאָליטישע באַנקעטן און פֿאַרזאַמלונגען (אַפֿילו בונדישע פֿאַרזאַמלונגען זענען דאָ שוין אויך פֿאָרגעקומען). דאָ זענען אויך פֿאָרגעקומען די פֿאַרזאַמלונגען פֿון די דעמאָקראַטישע געזעלשאַפֿטן, וועלכע קאַרל מאַרקס האָט געגרינדעט און אָנגעפֿירט מיט זיי אין משך פֿון די דריי יאָר, וואָס ער האָט פֿאַרבראַכט אין בריסל פֿון תּחילת מאַרץ 1845 ביז מאַרץ 1848, פֿון דער צייט ווען מ׳האָט אים פֿאַרטריבן פֿון פּאַריז, ביז צו דעם מאָמענט, ווי מ׳האָט אים — פֿאַרטריבן פֿון בריסל...

נעבן דעם דאָזיקן רעסטאָראַן געפֿינט זיך דער אַלטער בריסעלער ראָט־הויז. אַדורכשניידנדיק דעם הויף און דעם קאָרידאָר פֿונעם ראָטהויז, קומט מען אָן אויף אַ שמאָל געסל. דאָ וואַרפֿט זיך קודם־כּל אין די אויגן אַן אַלט שוואַרצלעך הויז מיט פֿאַרקלאַפּטע לאָדן. אַ הויז אַ חורבה, וואָס שטייט אין גאַנצן ליידיק, שוין באַשטימט אויף איינצווואַרפֿן. דאָס איז דאָס דער „האָטעל דע וויל", די שטאָטישע טורמע, אין וועלכער מען

*) נייע פֿאָלקסצייטונג, וואַרשע, דעם 15טן אַפּריל 1932.

האָט געהאַלטן מאַרקס פֿרוי אַרעסטירט אין משך פֿון אַ נאַכט צוזאַמען מיט פּראָסטיטוטקעס.

אָט ווי מאַרקס, וועלכער האָט בכלל נישט ליב געהאַט צו דערציילן וועגן די „קליינע דעטאַלן" (ווי ער פֿלעגט אַליין אָנרופֿן די רדיפֿות און נגישות וועלכע ס'פֿלעגט אים אויסקומען אויסצושטיין מצד די פֿאַרשידענע אייראָפּעאישע רעגירונגען), דערציילט וועגן דאָזיקן פֿאַקט:

„כ'וואָלט איך נישט דערציילט וועגן מיין אַרעסט און וועגן די גראָבקייטן, וועלכע איך האָב געהאַט אויסצושטיין, ווען זיי זאָלן נישט זיין געבונדן מיטן פֿאַקט, וועלכן ס'איז שווער צו פֿאַרשטיין אַפֿילו אין עסטרייך — „אוממיטלבאַר נאָך מיין אַרעסט איז מיין פֿרוי אַוועק צו ה' זשאַטראַן, דעם פֿאָרזיצער פֿון בעלגישן דעמאָקראַטישן פֿאַרבאַנד, כדי בעטן אים, ער זאָל אָננעמען די נייטיקע מיטלען. אומקערנדיק זיך צוריק אַהיים, האָט זי געטראָפֿן ביי איר טיר אַ מוניציפּאַלן סערזשאַנט, וועלכער האָט געזאָגט צו איר מיט אַ ראַפֿינירטער העפֿלעכקייט, אַז אויב זי וויל רעדן מיטן ה' מאַרקס, קען זי גיין מיט אים. מיין פֿרוי האָט גערן אָנגענומען דעם דאָזיקן פֿאָרשלאָג. מען האָט זי געבראַכט אין פּאָליציי־ביוראָ און דער קאָמיסאַר האָט איר קודם־כל דערקלערט, אַז מאַרקס איז דאָ נישט געווען; דערנאָך האָט ער זי גראָב געפֿרעגט, ווער זי איז, וואָס זי האָט זיך געקליבן צו טאָן ביים ה' זשאַטראַן און צי זי האָט מיט זיך די דאָקומענטן. דער בעלגישער דעמאָקראַט זשיקאָ, וועלכער האָט באַגלייט מיין פֿרוי אין פּאָליציי־ביוראָ צוזאַמען מיטן מוניציפּאַלן סערזשאַנט, איז אויפֿגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַרישע און גראָבע פֿראַגן פֿונעם דאָזיקן קאָמיסאַר און איז געצוווּנגען געוואָרן אַנטשווייגן צו ווערן דורך די גוואַרדייער, וועלכע האָבן אים געכאַפּט און אַריינגעוואָרפֿן אין תּפֿיסה. אונטערן אויסרייד פֿון אַרומשלעפּן זיך, איז מיין פֿרוי אָפּגעפֿירט געוואָרן אין דער תּפֿיסה „האָטעל דע וויל". און איז פֿאַרשלאָסן געוואָרן צוזאַמען מיט פּראָסטיטוטקעס אין אַ פֿינצטערן צימער. 11 אַ זייגער אין דער פֿרי איז זי אַריבערגעפֿירט געוואָרן אין מיטן העלן טאָג אונטער אַ שמירה פֿון זשאַנדאַרמען אין דער קאַמער פֿונעם אויספֿאָרשונגס־ריכטער. אין משך פֿון 2 שעה איז זי געהאַלטן געוואָרן אין קאַרצער, נישט געקוקט אויף די ענערגישע פּראָטעסטן פֿון אַלע זייטן. זי איז דאָרט פֿאַרבליבן ליידנדיק פֿון שטרענגער קעלט און פֿון דער נידערטרעכטיקער באַהאַנדלונג פֿון די זשאַנדאַרמען"...

„...די גאַנצע זינד פֿון מיין פֿרוי איז באַשטאַנען בלויז אין דעם, וואָס הגם זי געהערט צו דער פּרייסישער אַריסטאָקראַטיע, טיילט זי פֿון דעסט וועגן די דעמאָקראַטישע איבערצייגונגען פֿון איר מאַן"...

זייט די ווערטער זענען געשריבן געוואָרן, זענען פֿאַריבער שוין העכער אַכציק יאָר. אין משך פֿון די דאָזיקע יאָרן האָבן זיך די קאַפּיטאַליסטישע מאַכטהאָבער אויסגעלערנט צו זיין נישט אַן ערך ברוטאַלער, אויסגעלאַסענער און ווילדער לגבי די פּראָלעטאַרישע קעמפֿער. ווער שמועסט נאָך אין די לעצטע 20 יאָר פֿון פֿאַרשאַרפֿטן קלאַסנקאַמף! אין פֿאַרגלייך מיט די מעשים פֿון איין־איינציקן דעפּענסיווע־אַגענט, זעען דאָך אויס די טאַטן פֿון דער אַמאָליקער פּאָליציי ווי קליינינטשקע, נישטיקע טאַקטלאָזיקייטן פֿון עכטע דזשענטלמענער! און דאָך האָט מיך דער אָנבליק פֿון דעם שוואַרצן הויז שטאַרק גערירט און פֿאַר מיר איז אויסגעוואַקסן די געשטאַלט פֿון דער אײדעלער „אַריסטאָקראַטישער טאָכטער" דזשעני פֿאָן וועסטפֿאַלן און איר ליידנסוועג אַלס פֿרוי און געטרייסטע חברטע פֿון קאַרל מאַרקס.

דערביי האָט מיטגעווירקט נאָך אַ דריטער געדענקאָרט וועגן מאַרקסן וועלכן מ'האָט מיר געוויזן אין בריסל:

ערגעץ אין אַ זייט פֿונעם אויבן דערמאָנטן „גראַנד פּלאַס", אויף אַ פּלאַץ, וואָס זיין נאָמען האָב איך פֿאַרגעסן (איך געדענק נאָר, אַז דאָס איז נאָענט פֿון אַ קירך און נעבן דער בעלגישער באַנק), האָט מען מיר אָנגעוויזן אויף אַ געלבלעכן אַלטן מויער, אַ גאַנץ געוויינלעך בירגערלעך הויז, דאָס הויז איז דאַכט זיך אַ צווייִשטאָקיקס, אָבער איבער דעם העכסטן שטאָק גייט נאָך אַ ריי קליינינטשקע בוידעם־פֿענצטערלעך (ביי אונדז אין פּוילן רופֿט מען דאָס: פֿאַציאַטקע) און אין אָט דער „פֿאַציאַטקע" האָט עס געוווינט קאַרל מאַרקס מיט זיין פֿאַמיליע בעת זייער דריי־יעריקן וווינען אין בריסל.

דער אָנבליק פֿון די בוידעם־שטיבלעך האָט אויף מיר געמאַכט אַ פֿיל שטאַרקערן איינדרוק, ווי די פֿריערדיקע מקומות. סוף־כל־סוף איז דאָך נישט נאָר דער רעסטאָראַן „אונטערן שוואַן" מיט זיינע פּאָליטישע פֿאַרזאַמלונגען און קאַמפֿן אַ גאַנץ נאַטירלעכע זאַך, נאָר אַפֿילו די טורמע מיט אירע ברוטאַליטעטן איז דאָך אויך אַ גאַנץ געוויינלעכער „שכר" פֿאַר איטלעכן פּראָלעטאַרישן קעמפֿער. באַטראַכט פֿון אַ היסטאָרישער פּערספּעקטיוו, איז דאָס פֿאָרט ניט מער טאָקע ווי „קליינע דעטאַלן", ווי מאַרקס רופֿט דאָס אָן. אָבער די בוידעם־שטיבלעך זענען שוין גאָר עפּעס אַנדערש: דאָ אַנטפּלעקט זיך דאָס טאָג־טעגלעכע, דער וואָכעדיקער אָבער אומאויפֿהערלעכער געראַנגל מיט דער איינגעגעסענער נויט, פֿון וועלכער מאַרקס און זיין פֿאַמיליע האָבן אַזוי שטאַרק געליטן... דאָ, אין די האַלב־פֿינצטערע געבויגענע שטיבלעך, האָט מאַרקס געשאַפֿן דעם קאָמוניסטישן מאַניפֿעסט און דאָ טאָקע האָט ער טאָג־איין, טאָג־אויס אַדורכ־

געלעבט די נאָגנדיקע נויט פֿון זיין פֿאַמיליע, וואָס האָט געהאַט אַזאַ מו־טיקע אָנפֿירערין, ווי דזשעני פֿאָן וועסטפֿאַלן...

איין מאָל פֿאַרטראַכט זיך וועגן די לאַנגע יאָרן בייזער אָרעמקייט מיט אַלע אירע „פּראַכטן", וועלכע מאַרקס פֿאַמיליע האָט אַדורכגעלעבט, האָט זיך מיין געדאַנק איבערגעטראָגן קיין לאָנדאָן: אין בריסל האָט מאַרקס פֿאַרבראַכט ס"ה דריי יאָר (און דערצו יונגע יאָרן, בעת אַזעלכע זאַכן טראָגן זיך לייכטער איבער); אין לאָנדאָן אָבער העכער דרייסיק יאָר! אין לאָנדאָן האָט מאַרקס באַשאַפֿן דאָס געניאַלסטע ווערק — זיין „קאַפּי־טאַל", און טאַקע אין לאָנדאָן האָט ער אַדורכגעלעבט טעג און יאָרן פֿון אַזאַ מוראַדיקער נויט, וועלכע האָט אים סוף־כּל־סוף פֿיזיש צעבראָכן! דאָ האָט ער געטראָגן אין לאָמבאַרד זיין לעצטן ראָק כּדי צו קויפֿן פּאַפּיר; דאָ האָט דאָס די זעלבע דזשעני — „די אַריסטאָקראַטקע" — זיך געוואַלגערט אויף דער ערד אין אַ שווערער קראַנקהייט"... אויף דער ערד, וואָרעם אַלע זאַכן פֿון שטוב, צוזאַמען מיט די בעטן און דעם בעטגעוואַנט, זענען געוואָרן צוגענומען פֿון קאָמאָרניק; דאָ זענען גע־שטאָרבן קינדער פֿון נויט; האָט מאַרקס געפּלאָנעוועט אָפּצוגעבן זיינע עלטערע טעכטער פֿאַר באָנעס צו פֿרעמדע קינדער, „כּדי זיי זאָלן כאָטש האָבן וואָס צו עסן און אַ פּאָר שיך" — און דאָס אַלץ האָט העלדיש, מוטיק איבערגעטראָגן לאַנגע יאָרן דורך אַנאַנד די „אַריסטאָקראַטקע" דזשעני פֿאָן וועסטפֿאַלען... אָבער דאָס הויז, וווּ מאַרקס האָט געוווינט אין לאָנדאָן, עקסיסטירט שוין נישט — האָב איך באַשלאָסן צו גיין זען כאָטש דאָס הויז, וווּ זיינע רעשטלעך זענען באַהאַלטן געוואָרן — זיין קבר...

⁂

ס'איז געווען אַ שיינער זוניקער נאָכמיטאָג — אַ זעלטנקייט אינעם נעפּלדיקן לאָנדאָן — און וואָס ס'איז נאָך זעלטענער — אַ פֿאַרשנייטער טאָג — אגב דער איינציקער פֿאַרשנייטער טאָג אין לאָנדאָן דעם היינטיקן ווינטער. איך בין געגאַנגען מיט אַ חבר איבער דער „הייגעט־היל"־גאַס. „היל" איז דער טייטש: באַרג. די גאַס גייט טאַקע באַרג־אַרויף. דאָס איז אַ פֿיינע גאַס, ווי דאָס טרעפֿט זיך אָפֿשר גאָר אין לאָנדאָן. נישט קיין רייכע גאַס, גיכער אַ גאַס פֿון קליינבירגערלעכע איינוווינער. דאָך אָבער חשוב מיט דער באַזונדערער חשיבות, וועלכע איר טרעפֿט אָפֿשר אין לאָנדאָן. ס'ציען זיך לאַנגע רייען איינשטאָקיקע טונקל־רויטע הייזקעס, אָבער די גאַס איז ריין און שטיל. ביי די זייטן שטייען אַלטעביימער און ווו נישט ווו גייט אַ פּאַרקן, אונטער וועלכן ס'זעט זיך אַן אַלטער גאָרטן. „פֿאַראַן אַזעלכע

איינגעשפּאַרטע ענגלענדער — דערקלערט מיר דער חבר — וועלכע ווילן זיך נישט שיידן מיט זייערע גערטנער, אַפּילו ווען זיי געפינען זיך אויף די טייערסטע פּלעצער". מיר קומען אַרויף אויפן שפּיץ פון היל און פאַרנעמען זיך לינקס. דאָ שניידן מיר אַדורך דעם „וואָטערלאָ־פּאַרק", איינעם פון פיל לאָנדאָנער שיינע פּאַרקן. דער פּאַרק האָט זיך פונאַנדערגעשפּרייט אויף אַ ריי היגלען, אַלטע ביימער ברייטע לאָנקעס. „דאָ זיינען פּאַראַן (זומער פאַרשטייט זיך) אַ סך רויזנביימער — זאָגט מיר דער חבר. ס'פּאַראַן אויך וואַסערלעך, איצט זיינען זיי איבערגעצויגן מיט אַ דין אייזהייטל. ס'איז שיין אָבער פּוסטלעך, ס'איז אַן אַרבעטסטאָג און דער פּאַרק געפינט זיך אין אַ קוואַרטאַל פון אַרבעטנדיקע מענטשן. אָט זיינען מיר שוין ביים טויער פונם „הייגעט סעמעטרי".

ביים טויער שטייט אַ הויכער ענגלענדער, מיט נאָך אַ העכערן צילינדער — דאָס איז דער וועכטער. אַ מנהג אַזאַ איז לאָנדאָן, אַז אַלע שטאָטישע וועכטער זאָלן טראָגן מוראַדיק־הויכע צילינדערס. דער חבר פרעגט ביים צילינדערטן שומר וועגן אָרט פון מאַרקס קבר. ער באַקומט באַשייד און מיר לאָזן זיך גיין אויפן בית־הקברות.

דאָס ווייסבאַשנייטע פעלד מיט דער באַזונדערער בית־הקברות־שטילקייט שאַפן אַ פייערלעכע שטימונג. די שטימונג ווערט אַפּילו נישט געשטערט דורך די מאַרמאָרנע פּאַלאַצלעך, וואָס מאַנכע רייכע ענגלענדער האָבן געלאָזט אויפשטעלן אויף די קברים פון זייערע טויטע. איך דערמאָן זיך דערווייל אין גאָלסוואָרטיס גרויסן ראָמאַן — „די פאָרסייטס", אַז די ענגלישע גרויסבורזשואַזיע האָט געהאַלטן פאַר איר ערנפּונקט באַגראָבן צו ווערן אויף „הייגעט"...

מיר זוכן דעם קבר און איך לייען דערווייל אויפשריפטן און... זוך באַקאַנטע! איך זוך און איך געפין: אַ מאָנומענטאַלע אורנע פון ווייסן מאַרמאָר מיט אַן אויפשריפט „דאָ איז באַהאַלטן דאָס אַש פון הערבערט ספּענסער!" איינער פון די גרעסטע געלערנטע פון דעם ענגלישן בירגערטום. איך טראַכט: הערבערט ספּענסערס סאָציאָלאָגישע טעאָריע איז טאַקע אַן אויסדרוק פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט מיט איר אינדיווידואַליזם און פרייער קאָנקורענץ, אָבער — ער איז געווען אַ פאָרשטייער פון דער פאַזע אין איר אַנטוויקלונג, בעת זי איז נאָך געווען פול מיט כוחות און זי האָט זיך נאָך געקאָנט דערלויבן צו זיין פריי אין אירע פאָרשונגען און אין איר באַציונג צו דער וועלט. אַ קליינער באַוויז: הערבערט ספּענסערס קערפּער איז פאַרברענט געוואָרן נאָך זיין טויט — אַ הייַנטיקער בירגערלעכער געלערנטער קאָן זיך שוין נישט דערלויבן אויף אַזאַ פריידענקערישקייט — פריער אָדער שפּעטער לויפט ער אין קירך אָדער אין שול

אריין, ווי די מעשה זאָל נישט זיין איז ספּענסער געווען אַ גרויסער געלערנטער און זיין „געזעלשאַפֿט" קאָמפּראָמיטירט נישט מאַרקסן אַפֿילו נאָכן טויט. עס זיינען אָבער פֿאַראַן אַנדערע סוחרים און סוחרטעס, וועמענס קבֿרים ס'וואָלט זיך נישט געוואָלט זען אין שכנות מיט מאַרקסן...

אָבער צוריק צום עיקר: דער חבֿר זוכט און קאָן נישט געפֿינען. מיר ווילן שוין צוריקגיין צו דעם באַצילינדערטן שומר. דאָ אָבער טרעפֿן מיר אַן אַרבעטער, וועלכער פֿירט אונדז באַלד צו צום קבֿר.

אַ קליין באַשיידן קבֿרל. צו קאָפּנס אַ מאַרמאָרנער טאָוול, אויף וועלכן עס זיינען אויסגעקריצט פֿיר נעמען פֿון פֿיר מענטשן, וועלכע האָבן דאָ געפֿונען זייער אייביקע רו.

אָט איז בוכשטעבלעך די אויפֿשריפֿט אויף דעם טאָוול:

No. 24748

דזשעני פֿאָן וועסטפֿאַלן

געשטאָרבן ד' 28.8 1881

קאַרל מאַרקס

געשטאָרבן ד' 14.3 1883

האַרי לאָנגע

געב. ד' 7.7 1878, געשט. ד' 20.3 1883

העלענאַ דערמוט

געשטאָרבן 1890

צו קאָפּנס פֿון קבֿר איז געלעגן אַ גרויסער קראַנץ מיט בענדער מיט אַ רוסישער אויפֿשריפֿט — פֿון אַן אויספֿלוג פֿון אַ סאָוויעטישער דעלעגאַציע און פֿון מיטן שניי האָט אַרויסגעקוקט אַ קליינער בוקעט פֿון רויטע טוליפּאַנען.

⁂

איך בין געשטאַנען ביי דעם פֿירקאַנטיקן קבֿר און געטראַכט: איך ווייס נישט וועמענס אידעע דאָס איז געווען צוזאַמענצולייגן די דאָזיקע פֿיר אין איין קבֿר. איך ווייס אָבער, אַז דאָ האָט נישט געקאָנט זיין קיין מאַטעריעלער מאָטיוו, ווייל די לעצטע יאָרן פֿון מאַרקס לעבן איז זיין מאַטעריעלע לאַגע געווען באַדייטנדיק בעסער. איז קלאָר, אַז דאָ איז געווען אַן אַנדער מאָטיוו: דער „האַרטער", „טרוקענער" מאַרקס האָט געוואָלט אויף אַזאַ סענטימענטאַלן אופֿן אויסדריקן זיין טיפֿע צוגעבונדנקייט צו די נאָענטסטע און טייערסטע מענטשן. זיין ווירדיקע פֿרוי און געטרייסטע חבֿרטע דזשעני איז געשטאָרבן מיט קנאַפּע צוויי יאָר פֿריער פֿאַר אים און ער האָט געוואָלט

נאָכן טויט ליגן מיט איר צוזאַמען. דער דריטער לויט דער ריי איז דאָס פֿינפֿיאָריק אייניקל, וואָס האָט איבערגעלעבט מאַרקסן סך־הכל 6 טעג. צום אינטערעסאַנטסטן איז אָבער די פֿערטע פּערזאָן אין דעם קבר. דאָס איז העלענע דערמוט, אָדער „לענכען", ווי מ'פֿלעגט זי רופֿן, די אַלטע דינסט פֿון דער פֿאַמיליע מאַרקס, וועלכע איז ביי זיי אין שטוב געווען דער נאָענטס־טער פֿריינד פֿון דער פֿאַמיליע, מיט וועלכער זי האָט געטיילט אַלע צרות פֿון זייער אַזוי אָפֿט מוראַדיק־ביטערן טעגלעכן ברויט. מיט וואָסער רירנ־דיקער מענטשלעכער איידלקייט עס ווייעט פֿון אָט דעם אָרעמען קבר!

⁂

איך האָב נישט געזען לענינס מאַוזאָלעום אין מאָסקווע. מ'זאָגט, אַז די פּראַכט פֿונעם דאָזיקן קבר איז אַ געוואַלדיקע. איך ווייס נישט, ס'קאָן זיין, אַז פּאָליטישע מאָטיוון האָבן פֿאַרלאַנגט, מ'זאָל מיט דער הילף פֿון אויסערלעכע מיטלען מאַכן פֿון לענינס קבר אַזאַ מין צוציונגס־פּונקט פֿאַר די מאַסן. ס'קאָן זיין. אָבער מיין סאָציאַליסטיש געפֿיל און מיין סאָציאַ־ליסטישער געשמאַק זיינען גראָד באַפֿרידיקט געוואָרן דורך דער פּשוטער, אַפֿילו אָרעמער פּראָסטקייט און מענטשלעכער וואַרעמקייט פֿונעם קבר פֿון דעם גרעסטן לערער, פֿירער און פֿאַרקעמפֿער פֿון דער פּראָלעטאַרישער באַפֿרייאונג!

# און שטיל איז די נאַכט . . .

„לאָדזשער וועקער", לאָדזש, 28סטער מאַרץ 1930.

וואָס טראַכטן און קלערן
גערונצלטע שטערן,
ווען סיוועדן אין די אויגן
פאַרהאַלטן די טרערן?
וואָס טראַכט און וואָס חלומט
די שטומפיקע קוואַל?

— — — — — — — — — — — —

וואָס טראַכט זיך דער הונגער
אין קעלער פאַרשמאַכט?
דער שלאָף וויל נישט קומען
און שטיל איז די נאַכט . . .

י. ל. פרץ.

אזוי ווי איובם בשורות יאָגט איין ידיעה די צווייטע:

א חבר־אַרבעטער האָט באַקומען אַן אַנפאַל פון פוריע (ווילדן משוגעת) און געוואָרפן זיך שטיקן זיין אייגן קינד. קוים מיט צרות מ'האָט דאָס קינד אָפּגעראַטעוועט פון זיינע הענט. און אַז מ'האָט דעם פאָטער אונ־טערזוכט, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער אַנפאַל איז אים געקומען אויפן באָדן פון כראָנישן הונגער . . .

א צווייטער חבר, א יונגטלעכער אַרבעטער, פאַלט אין גאַס. ס'קומט פאַגאָטאָוויע און דער דאָקטאָר שטעלט פעסט: „כראָנישער הונגער!"

אן אָרעם דינסטמיידל סמט זיך. די סיבה: זי האָט נישט געקאָנט איבערטראָגן, נישט די אייגענע נויט און נישט די נויט פון איר אָרעמער קראַנקער מוטער, וועמען זי האָט נישט געקאָנט העלפן.

צוויי יונגע מדיילעך וואַרפן זיך אונטער א צוג. די סיבה: אַרבעטס־לאָזיקייט, הונגער.

און אזוי ווייטער און ווייטער. מ׳קאָן דאָס צעטל פֿון די שרעקלעכע הונגער־טראַגעדיעס פֿירן אָן אַ שיעור, כמעט ביז אין דער אומענדלעכ־קייט אריין.

און דאָ קומען די גרויזאַמע אומברחמנותדיק־טרוקענע סטאַטיסטישע ציפֿערן:

אין דער לעצטער וואָך איז אין דער שטאָט לאָדזש אַליין פֿאַררעגיסט־רירט געוואָרן ביז 40 טויזנט פֿולשטענדיק אַרבעטסלאָזע ! צו דעם קומען נאָך צו 31 טויזנט האַלב און דריי פֿערטל אַרבעטסלאָזע — די, וואָס אַרבעטן צו צוויי און דריי טעג אין דער וואָך. רעכנט מען דאָס גאַנץ פֿאַרזיכטיק צוזאַמען, באַקומט זיך, אַז צוזאַמען מיט די פֿאַמיליעס הונ־גערט איצט אין איין לאָדזש אַ ריזן־אַרמיי (צוזאַמען מיט די פֿאַמיליען־מיטגלידער) פֿון דריי הונדערט טויזנט מענטשן !

נאָך אַ מאָל: דריי הונדערט טויזנט מענטשן, וואָס האָבן מיט זייער ביטערן שווייס געבויט און געשאַפֿן די שטאָט און די מלוכה, זענען איצט פֿאַרמישפּט אויף סיסטעמאַטישן כראָנישן הונגער, וועלכער שטופּט אַזוי פֿיל אומצייליקע, צו מייסטן יונגע לעבנס אַ סוף צו מאַכן מיט דעם איינציקן, וואָס זיי פֿאַרמאָגן — מיט זייערע לעבנס !

און פֿון דער לאָדזשער שטאָט־פֿאַרוואַלטונג סיגנאַליזירט מען: אַלע שפּיטעלער און שטאָטישע היילונגס־אַנשטאַלטן זיינען ממש באַלאַגערט.

נישטאָ קיין פֿרייע פּלעצער, אויף וועלכע ס׳וואַרטן שוין הונדערטער און איבער הונדערטער קראַנקע !

נישטאָ קיין פּלעצער, וואָרעם קיין שום קראַנקער וויל זיך נישט לאָזן אויסשרייבן פֿון שפּיטאָל, כדי צו גיין צו זיך אהיים, וווּ ס׳דערוואַרט אים נויט, קעלט און הונגער...

לויפֿן אַרום צענדליקער משפּחה־מיטגלידער פֿון די נייע קאַנדידאַטן, די קראַנקע מיט קוואַליפֿיקאַציע־צעטלעך אין די הענט און קיין פּלאַץ אין שפּיטאָל קאָן מען נישט באַקומען!

און קיין שום אויסזיכט אויף פֿאַרבעסערונג פֿון זיך אַליין, ווייזט זיך נישט, זעט זיך נישט פֿאָר...

די דערפֿאַרונג פֿון דער געשיכטע לערנט אונדז:

אין די צייטן פֿון אַ גרויסן געזעלשאַפֿטלעכן אויפֿברויז זענען פֿאַלן פֿון זעלבסטמאָרד אַ זעלטענע דערשיינונג, און דאָס איז פֿאַרשטענדלעך !

דעמאָלסט, ווען מ׳שטייט אין שווערן קאַמף, דעמאָלסט, בעת פֿאַר די אויגן טראָגט זיך אָן אידעאַל, צו וועלכן מ׳שטרעבט, פֿאַר וועלכן מ׳קעמפֿט — דעזערטירט מען נישט פֿאַרן לעבן, און מעג עס זיין ווי שרעקלעך!

בעת די פראנצייזישע „סאנקיולאָטן" זענען געשוואָלן געוואָרן פאַר הונגער, בעת די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע קאָאַליציע האָט זיך געגרייט צו דערשטיקן זייער רעוואָלוציע — זענען זיי קיין זעלבסטמאָרדן צוליב הונגער און גויט נישט באַגאַנגען.

דאָס זעלבע איז געווען אין רוסלאַנד אין די צייטן פון דער בלאָקאַדע און דעם בירגערקריג. געשוואָלן פון הונגער, אויפגעפרעסן פון הונגער, פון טיפוס, פון צינגע, אָבער אליין מיט די אייגענע הענט האָט מען זיך דאָס לעבן נישט גענומען צוליב נויט...

איצט קומען שוין אין רוסלאַנד אויך פאַר זעלבסטמאָרדן מאַסנהאַפט און דאָס איז דער בולטסטער סימן פון דער אפאטיע, פון דער פאַרצווייפלונג, וועלכע דרינגען אריין אין די ברייטסטע מאַסן.

וואָרעם שרעקלעכער פון אַלעמען, איז דאָס, וואָס דער דיכטער דריקט אויס אין די ווערטער:

„און שטיל איז די נאַכט !"

צו דער דאָזיקער שטילקייט מוז א סוף נעמען !

הונדערטער טויזנטער ליידן די ביטערסטע נויט ! הונדערטער טויזנטער ווערן טאָג־איין, טאָג־אויס געשטעלט פאַר דעם נסיון, צו מאַכן א סוף פון זייער לעבן, צו אַנטלויפן פאַר די ליידן, וואָס די היינטיקע פאַרשאָלטענע אָרדענונג האָט זיי פאַרגעברייט!

נישט אַנטלויפן, ווי פחדנים, ווי ווערעם פאַר די שרעקן פון לעבן — נאָר קעמפן ! קעמפן מיט ציין און נעגל קעגן דעם הונגער מיט אַלע זיינע סיבות! אויסוואָרצלען זיי ביזן יסוד!

ס'מוז צונויפגעזאַמלט ווערן דער גאַנצער כעס און צאָרן פון דעם שטומפיקן קוואַל, פון די געדרונצלטע שטערנס, פון דעם פאַרשמאַכטן הונגער און פון דער ביטערער נויט, כדי דאָס זאָל אויסברעכן אין א מוראדיקן דונער, וואָס זאָל אויפטרייסלען די וועלט ! ...

א קאַמף אויף טויט און לעבן קעגן דעם ייאוש, קעגן דער פאַרצווייפלונג, קעגן דער אָפּהענטיקייט און דער אפאטיע — דאָס איז די וויכטיקסטע, די ברענענדיקסטע אויפגאַבע פאַרן באַוווּסטזיניקן פראָלעטאַריאַט אין די היינטיקע ביטערע צייטן !

א. פוילישער

# וואָס לערנען אונדז די פּאָגראָמען אין פּוילן*)

נאָך דער איבערבוי פֿון דער גאַנצער סאָציאַלער סטרוקטור
קען העלפֿן די ייִדן

אין דער ייִדישער פּרעסע פֿאַר די לעצטע פּאָר יאָר געפֿינען מיר ווי אַן אומבאַדינגטן, פּראָגראַמפּונקט די ידיעות וועגן אַנטי ייִדישע פּאָגראָמען אין פּוילן, אָדער, ווי די פּוילישע רעגירונגס־פּרעסע באַמיט זיך אויסצודריקן אויף „אַן איידעלן אופֿן": עקסצעסן, וועלכע חזרן זיך איבער מיט דער פּינקטלעכקייט כמעט פֿון אַ זייגער, לויט פֿאָרויסבאַשטימטע טערמינען, און כמעט מיט איין און דעם זעלבן פֿאַרלויף: אויף איינער פֿון די הויכשולן (אוניווערסיטעטן, פּאָליטעכניקומס אאַז"וו) הויבט אָן אַ גרופּע ענדעקישע קאָרפּאָראַנטן אָנצופֿאַלן און צו שלאָגן זייערע ייִדישע שטודיר־קאָלעגן. מיט יעדער שעה וואַקסן זיך די דאָזיקע אָנפֿאַלן וואָס ווייטער אַלץ מער פֿונאַנדער, ביז זיי נעמען אָן דעם כאַראַקטער פֿון אַן אַלגעמיינעם כוליגאַנישן פּאָגראָם אויף אַלע ייִדישע סטודענטן. דעמאָלט באַווייזן זיך אויף דער סצענע די פּראָפֿעסאָרן, דעקאַנען און רעקטאָרן, וואָס האָבן דאָס רוב שטילערהייט און אַ מאָל אויך גאַנץ אָפֿן אויסגעדריקט זייער גרויסע צופֿרידנקייט מיט די אויפֿטועכצן פֿון די „איידעלע בליטן פֿונם פּוילישן פֿאָלק", ד. ה., פֿון די כוליגאַנישע אָנפֿאַלן אויף דער ייִדישער יוגנט, און ווען מ'פֿאַרמעסט זיך אויף אַ גאָר גרויסן פֿאַרנעם, ווערן די הויכשולן געשלאָסן אויף אַ פּאָר טעג. דעמאָלט לאָזט זיך חברה אַרוים אויפֿן גאַס אויסצולאָדעווען זייער „הייסבלוט" שוין ניט נאָר אויף ייִדישע „סטודענטן און סטודענטקעס", נאָר אויף סתם ייִדן בכלל. מ'שלאָגט, מ'קאַליעטשעט, מ'קאַטעוועט, מ'האַקט שויבן, מ'ראַבירט געוועלבער, און אַזוי ווייטער, לויטן אַלטן באַקאַנטן נוסח. אַזוי דויערט עטלעכע טעג, און בעת מ'האָט

*) „די צוקונפֿט", ניו־יאָרק, מאַרץ 1933.

שוין צעקלאַפּט און צעקאַליעטשעט און צעראַבירט, וויפֿל דאָס האַרץ האָט נאָר געגלוסט, און בעת עס הייבן זיך שוין אָן באַווייזן סמנים פֿון זעלבסט־שוץ, ווי אויך צייכנס, אַז די „באַוועגונג" קאָן אויך אָננעמען אַן אַנדערן כאַראַקטער, מ'קאָן אָנהייבן שלאָגן ניט בלויז שוצלאָזע יידן, נאָר אויך אַנדערע, דעמאָלט באַווייזט זיך די מאַכט, כדי אויף אַ פֿאָטערלעכן, צאַרטן אופֿן צו באַרואיקן די צעיושעטע „העלדישע" כוליגאַנעם... די העכסטע שטראָף איז, וואָס מ'פּאַקט אַ פּאָר אָדער אַ פּאָר צענדליק אַריין אין קאָזע, כדי אין אַ פּאָר שעה אַרום, העכסטנס, אין אַ פּאָר טעג אַרום, זיי צו באַפֿרייען מיט אַן ערע פֿון נאַציאָנאַלע העלדן און מאַרטירער...

גלייכצייטיק באַווייזן זיך אויך אויף דער סצענע די באַקאַנטע חשובֿע יידן, וועלכע טוען אָן די יום־טובֿדיקע קאַפּאָטעס און לויפֿן צו די הויכע פֿענסטער „בעטן רחמים אויפֿן יידישן פֿאָלק". די הויכע פֿענסטער דערלויבן זיך שוין לאחר המעשה צו געבן פֿאַרזיכערונגען, אַז „מ'וועט שוין און מ'האָט שוין". די חשובֿע יידן צעגיסן זיך פֿון שמחה און לויפֿן הענדום־פּענדום אין די רעדאַקציעס פֿון די יידישע בירגערלעכע צייטונגען, כדי פֿונאַנדערצוטרומייטערן באַעיר דער גאַנצער וועלט וועגן די ישועות און נחמות, וועלכע זיי האָבן אויסגעפּועלט ביי די לייטזעליקע מיניסטאָרן...

שפּעטער, ווידער, באַווייזן זיך אויף דער סצענע די גלאַטיקע פּוילישע דיפּלאָמאַטן, וואָס לאָזן זיך אינטערוויואירן פֿון די פֿאָרשטייער פֿון דער יידישער פּרעסע אין אויסלאַנד. באַזונדערס, פֿאַרשטייט זיך, אין אַמעריקע, און גיבן אָפּ זייערע אויפֿקלערונגען, לויט אַ פֿאָרויסבאַשטימטן נוסח. צום ערשטן גייט, געוויינלעך, אַ ביסל מוסר אויפֿן אַדרעס פֿון די יידן, פֿאַר וואָס זיי זיינען צו פֿילבאַר, שרייען צו פֿיל פֿון דעם מינדסטן קלאַפּ, וואָס איינער פֿון זיי באַקומט. דערנאָך קומען דיפּלאָמאַטישע באַרואיקונגען, כדי צו פֿאַרענדיקן מיט אַ לויבגעזאַנג לכבוד דער איצטיקער רעגירונג, וועלכע איז אַזוי וווּיל און גוט, באַזונדערס צו די יידן אַז עס נעמט אַזש אָן אַ שרעק, ווייל ס'קאָן דאָך געמאָלט זיין אַז אָט הייבן זיך אויף אַלע יידן פֿון דער גאַנצער וועלט און גיבן זיך אַ לאָז קיין פּוילן... (אין דעם זין האָט דאָ ניט לאַנג גערעדט אַ פּוילישער דיפּלאָמאַטישער פֿאָרשטייער אין לאָנדאָן).

דערנאָך באַרואיקט מען זיך ביז אַ צווייטער פּאָגראָם־כוואַליע, וווּ אַלץ חזרט זיך איבער כסדר לויטן אויבן דערמאָנטן שאַבלאָן.

וווּ זשע געפֿינען זיך די סיבות און די טרייב־כוחות פֿון די דאָזיקע סיס־טעמאַטישע פּאָגראָם־כוואַליעס? וואָס קומט פֿאָר מיט די פּוילישע יידן צווישן איין פּאָגראָם־כוואַליע און דער צווייטער? און דער עיקר: ווי לאַנג קאָנען דאָס דויערן אַזעלכע שענדלעכע אומשטענדן, אַז אין אַ מלוכה, וווּ

ס׳געפֿינען זיך אַן ערך דריי און אַ האַלב מיליאָן יידן, דאָס הייסט העכער 10 פּראָצענט פֿון דער גאַנצער באַפֿעלקערונג, זאָלן זיי זיין שוצלאָז, אַפֿילו ניט זיכער מיטן לעבן, אָדער, מיט אַנדערע ווערטער: ווי זעען אויס די פּערספּעקטיוון פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג אין פּוילן?

אָט וועגן די אַלע פֿראַגן וועל איך זיך באַמיען, אַזוי קורץ ווי מעגלעך, דורכצוטערן אין די פֿאָלגנדע קאַפּיטלען.

## פּאָגראָמען און עקסצעסן

איך האָב אויבן דערמאָנט, אַז די פּוילישע מאַכטהאָבער באַמיען זיך צו מילדערן דעם איינדרוק פֿון די אַנטי־יידישע אָנפֿאַלן, לויטן שטייגער פֿון די אַמאָליקע פֿרומע יידן: זיי זיינען משנה השם; אַנשטאָט פּאָגראָמען רופֿט מען דאָס „קינד" אָן מיטן נאָמען „עקסצעסן". פֿאַרשטייט זיך אַז אויב איינער מיינט, אַז אַ פּאָגראָם „מוז דוקא" זיין מיט אַריינגעהאַקטע טשוועקעס אין די מוחות, מיט פֿאַרפּייניקטע פֿרויען און צעריסענע קינדער, כמנהג קישינעוו, דעמאָלט קאָן מען די געשעענישן פֿון לעמבערג, ווילנע א. א. וו., ניט אָנרופֿן מיטן דאָזיקן נאָמען. ווער, אָבער, עס מיינט, און אַזוי מיינען אַלע קולטורעלע מענטשן, וועלכע האָבן נאָך ניט פֿאַרלוירן דעם לעצטן טראָפּן מענטשלעכקייט, אַז אַ צושטאַנד בעת אַ טייל פֿון דער געוויינלעכער רואיקער ניט־באַוואָפֿנטער באַפֿעלקערונג ווערט אויסגעליפֿערט אויף לאַנגע טעג אין די הענט פֿון צעיושעטע כוליגאַנעס, וועלכע שלאָגן, בלוטיקן, ממיתן, ראַבירן און האַקן שויבן, א. א. וו., א. א. וו. — דאַרף געשטעמפּלט ווערן מיטן שאַרפֿסטן וואָרט, וועלכן די ציוויליזירטע וועלט פֿאַרמאָגט — דער וועט מיט עקל אָפּוואַרפֿן דאָס גלאַטיקע יעזואיטישע ווערטל, וועלכעס וויל באַהאַלטן טומאה אין דער יראה, און וועט דאָס קינד אָנרופֿן ביי דעם אמתן נאָמען — אַ שענדלעכער פּאָגראָם!

אַן אַנדער זאַך איז, אַז דער פֿאַרנעם פֿון די פּאָגראָמען ווי אויך זייערע פֿאָלגן, האַלטן ניט אויס קיין שום פֿאַרגלייך מיט די אַמאָליקע צאַרישע פּאָגראָמען. אָבער אין דעם זיינען שוין בשום אופֿן ניט „שולדיק" זייערע אָנפֿירער, אָרגאַניזאַטאָרן און באַגייסטערער. דאָס דאַרף מען צושרייבן אין גאַנצן אויפֿן חשבון פֿון דעם עלעמענט, וועלכער איז אָביעקטיוו מסוגל אָנטייל צו נעמען אין אַזעלכע אַרויסטרעטונגען אין די איצטיקע געזעלשאַפֿטלעכע באַדינגונגען פֿון צייט און אָרט. בעסער געזאָגט: דער פֿאַקט, וואָס די איצטיקע פּאָגראָמען האָבן אַזאַ „מילדן" פֿאַרלויף איז אַ רעזולטאַט פֿון דעם, וואָס אין זיי נעמען אָנטייל גאָר אַנדערע געזעלשאַפֿטלעכע עלעמענטן, ווי אַמאָל. די אַפּעטיטן פֿון די היינטיקע כוליגאַנעס זיינען ניט

גרעסער פֿון די אַמאָליקע, אָבער די כוחות זייערע זיינען אומפֿאַרגלייכלעך שוואַכער.

## דער איצטיקער אַנטיסעמיטיזם

קודם־כּל מוז פֿעסטגעשטעלט ווערן דער פֿאַקט, אַז אויפֿן געביט פֿונעם כוליגאַנישן אַנטיסעמיטיזם זיינען די פּוילישע שאָוויניסטן אין די לעצטע קריזיס־יאָרן ניט קיין אויסנאַם: די דייטשע און עסטרייכישע פֿאַשיסטן איז ניט נאָר וואָס זיי שטייען ניט אָפּ לגבי זייערע פּוילישע קאָלעגן אין זייערע אַנטי־יידישע אַפּעטיטן, נאָר זיי יאָגן זיי נאָך אַ היפּש ביסל אַריבער..

נאָך מער באַלערנט איז דער פֿאַקט, וואָס אומעטום זיינען די הויפּט־טרעגער און אויספֿירער פֿונעם דאָזיקן אַנטיסעמיטיזם — איינע און די זעלבע: די אַקאַדעמישע יוגנט. ס'איז דעריבער קלאָר, אַז אויך דער מקור פֿו־נעם איצטיקן אַנטיסעמיטיזם איז איין און דער זעלבער: דער האָפֿנונגס־לאָזער קריזיס, וועלכער האָט אַרומגעכאַפּט די בירגערלעכע וועלט האָט אומ־ברחמנותדיק אַראָפּגעריסן פֿון איר אַלע דעקאָראַציעס פֿון אידעאַליזם און מענטשלעכקייט, מיט וועלכע זי איז געווען באַצירט... ס'איז דאָך באַקאַנט, אַז בעת שיפֿן טרינקען זיך זיינען די ערשטע, וועלכע פֿאַרגעסן וועגן אַלע כּללים ניט נאָר פֿון העפֿלעכקייט, נאָר פֿון דער עלעמענטאַרער מענטשלעכ־קייט, גראָד די פּאַסאַזשירן פֿון די העכערע „עלעגאַנטע” קלאַסן. קודם־כּל זיינען דער „מוח און דאָס האַרץ”, פֿון דער בירגערלעכער מענטשהייט — די אינטעליגענץ — אין קעגנוואַרט פֿון דעם איצטיקן שיפֿסברוך פֿון זייער מענטשהייט, מכּולה געוואָרן און די פּוילישע אינטעליגענץ איז ניט בעסער, ניט ערגער און ניט אַנדערש, ווי זייערע דייטשע און עסטרייכישע חברים. אין די צוויי הויפּטגעביטן פֿון טעטיקייט וועלכע די אינטעליגענץ פֿאַרנעמט אין דער איצטיקער געזעלשאַפֿט — אַלס מלוכה־באַאַמטע און ליבעראַלע פּראָפֿעסיעס — ווערט וואָס אַמאָל ערגער. באַזונדערס נאָך וואָס פּוילן איז עקאָנאָמיש אָפּגעשטאַנען, און דעריבער זיינען אירע מעגלעכ־קייטן אַריינצונעמען אַ טייל פֿון דער אינטעליגענץ אין האַנדל און אין דער אינדוסטריע אַ אַן ערך קלענער ווי אין די מערב־אייראָפּעאישע לענ־דער. דאַרף מען די מעגלעכע קאָנקורענטן פֿאַרטרייבן מיט דער הילף פֿון מעסערס און שטעקנס — טוט מען דאָס...

דאָס איז אין אַלגעמיינע שטריכן דער געמיינזאַמער אונטערשלאַק פֿון דער איצטיקער אַנטיסעמיטישער כוואַליע אין די לענדער פֿון מזרח־און מיטל־אייראָפּע. ס'מוז אָבער דאָך קלאָר געזאָגט ווערן, אַז די וואָג און באַדייטונג פֿון דער אַנטיסעמיטישער מכּה איז אַן אַן ערך גרעסער פֿאַר די יידן אין פּוילן, ווי אין אַנדערע שכנישע לענדער שוין צוליב די צוויי גאַנץ

אויבנאויפיקע אייגנשאפטן. ערשטנס, איז די פראפארציע פון די יידן אין פוילן אן אן ערך גרעסער ווי אין דייטשלאנד אדער עסטרייך; צווייטנס, די יידישע אייגנארטיקייט, אפילו ריין אויסערלעכע (אין די מלבושים) מאכט לייכטער דעם אנטיסעמיטישן אנגריף אויף זיי. אין פוילן קען מען גיכער אויסגעפינען ווער עס איז א ייד און ווער ניט. כדי בעסער צו אריענטירן זיך אין דער יידישער לאגע און יידישע אויסזיכטן אין פוילן, וועלן מיר זיך צוקוקן א ביסל בעסער צו דעם בוי פון דער פוילישער מלוכה און געזעלשאפט בכלל.

⁂

בעת זשארזש קלעמאנסא האט אין יאר 1920 געווארפן דאס געפליגלטע ווארט, אז די פוילישע מלוכה וועט זיין די שטעכיקע דראט, וועלכע וועט אפצוימען דעם וועג פון דער רוסישער רעוואלוציע, האט ער דערמיט אויסגעדריקט די אמתע כוונות פון דער בורזשואזיע און איר באציאונג צו דער ניי־געגרינדעטער פוילישער מלוכה.

פאר די טובות*), וואס מ'האט געטאן דעם פוילישן פאלק, האט מען פארלאנגט, אז די פוילישע פאלקסמאסן זאלן אפגיין אין בלוט אינעם קאמף מיטן רעוואלוציאנערן רוסלאנד. פון דאנען האט זיך קודם־כל גענומען דער „בארימטער" מארש אויף קיעוו, וועלכן ס'האט אדורכגעפירט דער איצטיקער דיקטאטאר פון פוילן, פילסודסקי, אינעם יאר 1920. אבער די ראלע פונעם שטעכיקן דראט האבן די הערשנדיקע קלאסן פון פוילן גאנץ ערנסט גענומען אויף זיך, ניט אזוי פיל צוליב זייער אפהענגיקייט פון דער קאאליציע, ווי צוליב זייערע אייגענע נאענטע אינטערעסן: די אייגענע פריצים, רייכע סוחרים און קאפיטאליסטן, וועלכע האבן זיך אין דער צייט פון דער פאליטישער אפהענגיקייט גאנץ גוט צוגעפאסט צו די דריי רעזשימען, וואס האבן געהערשט איבער דעם צעטיילטן פוילן, האבן איבערגענומען די ממשלה איבער דעם באנייטן אויפגעשטאנענעם פוילן מיט דעם איין־און־איינציקן צוועק: צו פארפעסטיקן זייערע סאציאלע פאזיציעס דורך דער פאליטישער מאכט, וואס איז זיי אזוי אומגעריכטערהייט אריינגעפאלן אין

*) דורך־אגב זאל דא באמערקט זיין: די טובות, וועלכע די זיגרייכע קאאליציע האט געטאן פוילן, האבן זיך קודם־כל אויסגעדריקט דערין, וואס מען האט איר „איינגעשלייערט" מאסן פון דער שוין ניט־נייטיקער אמוניציע און קריגס־מכשירים, אגב, אפט שוין ניט טויגבארע, פאר וואס מ'האט גערעכנט גאנץ געזאלצענע פרייזן. פון דעם איז אנשטאנען א קאלאסאלער מלוכה־חוב, פון וועלכן פוילן קאן ניט פטור ווערן....

די הענט אריין. אָבער די דאָזיקע אויפֿגאַבע איז לכתחילה ניט געווען קיין לייכטע: מ׳דאַרף דאָך געדענקען, אַז דאָס אויפֿגעלעבטע פּוילן, וואָס איז אויפֿגעשטאַנען תחית־המתים אַ דאַנק די רעוואָלוציעס, האָט דאָך אויפֿגעלעבט אויך אין דער צייט פֿון די רעוואָלוציעס.

בעת די ברייטסטע פֿאָלקסמאַסן קודם־כל אינעם שכנותדיקן רוסלאַנד, ווי אויך שפּעטער אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך האָבן געשטורעמט און צעשמעטערט די אַלטע רעאַקציאָנערע רעזשימען, איז גאָר ניט אַזוי פּשוט געווען צו באַשאַפֿן אויפֿן פּוילישן אינדזל אַ שפּאָגל־נייע מלוכה, וועמעס סאָציאַלער אינהאַלט זאָל טראָגן אַן אויסגעשפּראָכענעם רעאַקציאָנער־פֿעאָדאַלן כאַראַקטער. די פּוילישע רעאַקציע האָט דעריבער לכתחילה אָנגעווענדט דעם באַקאַנטן מעטאָד פֿון אַ לעקעכל מיט אַ בייטש. די ראָלע פֿון לעקעכל האָט געדאַרפֿט שפּילן די באמת דעמאָקראַטישע קאָנסטיטוציע, וואָס איז אויף דער גיך אָנגענומען געוואָרן און וואָס פֿאַרמאָגט אין זיך אין הינזיכט פֿון דעמאָקראַטיע און פּראָגרעס פֿון כל־טוב. באַזונדערס דעמאָקראַטיש זיינען געווען די געזעצן וועגן סאָציאַלער שוץ און פֿאַרזיכערונג. די דאָזיקע געזעצן האָבן דאָס געדאַרפֿט שפּילן די ראָלע פֿונעם לעקעכל, וואָס זאָל באַרויִקן די מאַסן און אָפּשוואַכן זייער אימפּעט. ווי ווייט אָבער מ׳האָט ערנסט געמיינט מיט דער דעמאָקראַטישער געזעץ־געבונג, באַווייזט דער פֿאַקט, וואָס דער הויפּט־רעפֿערענט פֿון דער אַזוי־גערופֿענער מאַרץ־קאָנסטיטוציע איז געווען איינער פֿון די פֿאַרביסנסטע און פֿינצטערסטע רעאַקציאָנערן אין פּוילן, דער ביסקופּ דובאַנאָוויטש. וויכטיקער איז אָבער דער פֿאַקט, וואָס פּוילן האָט קיין מאָל ניט פֿאַרזוכט דעם טעם פֿון בירגערלעכע פֿרייהייטן ווי עס איז געווען דער פֿאַל ביי די מערב־אייראָפּעאישע, אַפֿילו האַלב־פֿעאָדאַלע מלוכות פֿון פֿאַר דער מלחמה, למשל, דאָס קייזערלעכע דייטשלאַנד אָדער עסטרייך. פּוילן איז פֿון דער ערשטער מינוט אָן געווען אַ פּאָליציייאישע מלוכה, ווייל אַזוי און ניט אַנדערש האָבן דיקטירט די אינטערעסן פֿון די פּריווילעגירטע קלאַסן — קודם־כל דער אינטערעס פֿון די פּריצים.

## פּויערים און נאַציאָנאַלע מינדערהייטן

ס׳איז זיכער, אַז איינער פֿון די צוויי אַנטשיידענע פֿאַקטאָרן אין דעם נצחון פֿון דער גרויסער רוסלענדישער רעוואָלוציע איז געווען דאָס גיבע פֿונאַנדערטיילן פֿון דער פּריצישער ערד צווישן די פּויערים. אָבער אויף אַזאַ פֿונאַנדערטיילן פֿון דער ערד — אויף אַן אַגראַר־רעפֿאָרם — האָבן געוואַרט ניט נאָר די רוסישע פּויערים, נאָר אויך די פּויערים פֿון אַלע אַנדערע לענדער, וואָס האָבן פֿאַר דער מלחמה געהערט צו רוסלאַנד. און אָט האָט

זיך באַקומען אַזאַ בילד: בעת די אַנדערע געוועזענע ראַנדלענדער פון רוסלאַנד, ווי לעטלאַנד, עסטלאַנד און ליטע האָבן זיך געאײַלט אַדורכצופירן די אַגראַר־רעפאָרם ביי זיך, ווייל זיי האָבן דערין געזען אַ מיטל ווי אַזוי נאָך צו פאַרפעסטיקן זייער נאַציאָנאַל־מלוכהשע זעלבסטשטענדיקייט — די פריצים זיינען צום רוב געווען פרעמדע: דייטשע באַראָנען אָדער רוסישע גענעראַלן, איז אין פוילן די הייליק־צוגעזאָגטע אַליץ דורך דער זעלבער אויבן דערמאָנטער קאָנסטיטוציע פון לכתחילה געבליבן אַ טויטער בוכ־שטאַב. ווייל אין פוילן איז אויך גרויסע שטחים ערד דאָס פאַרהעלטעניש אַ פאַרקערטע: די פריצים זיינען פאָליאַקן און די פויערים זיינען אוקראַ־אינער און ווייסרוסן. אויף אַזאַ אופן איז דער אַזוי גערופענער נאַציאָנאַ־לער אינטערעס צוזאַמענגעפאַלן מיט דעם פריצישן קלאַסן־אינטערעס: אַזוי ווי מ'האָט ניט „געקאָנט" אָפּשוואַכן די „פוילישקייט" פון דער ערד אָפּ־נעמענדיק זי ביי די „אייגענע" פריצים און איבערגעבן זי אין די הענט פון „פרעמדע" (אוקראַינישע, ווייסרוסישע) פויערים, האָט מען שוין בכלל די אַגראַר־רעפאָרם באַגראָבן, אַפילו אויף די געביטן, וועלכע זיינען עטנאָ־גראַפיש ריין פוילישע.

אַ דאַנק דעם דאָזיקן אומשטאַנד געפינען זיך אין היינטיקן פוילן אַן ערך 5 מיליאָן אין גאַנצן אָדער כמעט אין גאַנצן ערדלאָזע פויערים בעת אין דער זעלבער צייט פאַרמאָגט אויך פוילן אַ מעכטיקן, כאָטש צאָלמעסיק קליינעם קלאַס פון פריצים, וואָס יעדערער פון זיי פאַרמאָגט צענדליקער טויזנטער מאָרגעס לאַנד און אַזוי ווי אין פוילן ציילט נאָך עד־היום די דאָרפישע באַפעלקערונג 63%, איז קלאָר, אַז די אָרעמקייט פונעם פויער איז דער מקור פונעם דלות פון דער גאַנצער באַפעלקערונג, ד. ה. פון די ברייטסטע פאָלקסמאַסן. גלייכצייטיק אָבער דאַרף מען אין די אַגראַרישע פאַרהעלטענישן זען דעם שורש פון דער נאַציאָנאַלער אָדער נאַציאָנאַלי־טעטן־פּאָליטיק, וועלכע עס פירט די פוילישע מלוכה.

כדי אָבער דאָס בילד זאָל זיין פולשטענדיק, מוז נאָך צוגעגעבן ווערן, אַז דער ענדגילטיקער באַגרעבער פון דער אַגראַר־רעפאָרם איז דער געווע־זענער סאָציאַליסט און פוילישער העלד פּילסודסקי. בעת ער האָט אין יאָר 1926 אַדורכגעפירט זיין מיליטערישע איבערקערעניש, האָט ער אַפילו דערקלערט, אַז ער האָט געמאַכט אַ רעוואָלוציע אָן רעוואָלוציאָנערע קאָנ־סעקווענצן און אַז זיין איינציקער צוועק איז צו שאַפן אַ רעגירונג, וועלכע זאָל שטיין איבער אַלע פּאַרטייען און קלאַסן. אָבער — ס'זאָגט זיך נאָר אַזוי. קיין שום פּאָליטיק ווערט ניט געמאַכט אין אַ פוסטן שטח. און זוכנדיק אַ סאָציאַלן אונטערבוי פאַר זיין ממשלה, האָט ער קודם־כל געקויפט די גרויסע ערדמאַגנאַטן, די ראַדזיווילס, זאַמאָיסקיס און אַנדערע. און דער פרייז, פאַר

וועלכן ער האָט זיי געקויפֿט איז געווען די באַגרעבעניש פֿון דער אַגראַר־רעפֿאָרם...

אונדז אָבער אינטערעסירט דאָ פֿריער פֿאַר אַלעמען די נאַציאָנאַליטעטן־פּאָליטיק און דאָ מוז פֿעסטגעשטעלט ווערן־אויב מזרח־גאַליציע, וואָלין און פּאָלעסיע זיינען פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאָכעדיקן קעסל, און די פֿאַראַיאָריקע פּאַציפֿיקאַציע פֿון מזרח־גאַליציע און די היי־יאָריקע „באַוועגונג פֿון פּאָלעסיע און וואָלין האָט אין איר אַכזריות נאָך איבערגעשטיגן די פֿאַראַיאָריקע „פּאַציפֿיקאַציע"; און דער טעראָר און די תליות אויף די אוקראַינישע נאַציאָנאַלע טעראָריסטן, וועלכע ווערן כסדר אויפֿגעשטעלט אין פּוילן זיינען געוואָרן אַ טייל פֿון דער פּוילישער נאַציאָנאַליטעט־פּאָליטיק, דאַן איז דער הויפּט־מקור זייערער ווידער די אַגראַר־פֿאַרהעלטעניש אַן די אינטערעסן פֿון די פּריצים פֿון אַלע ביזאַיצטיקע רעגירונגען אין פּוילן. אַט די אויסראָטונגס־פּאָליטיק לגבי די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, וועלכע ווינען אין די דערפֿער איז אין די אינטערעסן אויך פֿון דער פּוילישער גרויס־בורזשואַזיע, וועלכע איז געקניפּט און געבונדן מיטן פּריצים־קלאַס, און זי פֿירט טאַקע די זעלבע אויסטראָטונגס־פּאָליטיק לגבי די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, וועלכע ווינען אין די שטעט צווישן וועלכע עס פֿאַרנעמט דאָס ערשטע אָרט די יידישע מינדערהייט.

## די יידישע פֿאָלקסמאַסן אין פּוילן

בעת אַ דעבאַטע, וועלכע איז פֿאָרגעקומען אין פּוילישן פּאַרלאַמענט מיט עטלעכע וואָכן צוריק, איז איינער פֿון די אַנטיסעמיטישע אָנפֿירער, ווערטשאַק, אַרויסגעטראָטן מיט דער אַלטבאַקאַנטער טענה: „צו פֿיל יידן זיינען פֿאַראַן אין פּוילן!" ס'איז זייער כאַראַקטעריסטיש, אַז דעם זעלבן אַרגומענט, הגם, פֿאַרשטייט זיך, מיט גאָר אַנדערע כוונות, האָט אין אַן עפֿנטלעכער דיסקוסיע מיט אַנטי־ ציוניסטישע קעגנער געוואָרפֿן דער פֿירער פֿון די פּוילישע ציוניסטן, יצחק גרינבוים... וועלנדיק באַווייזן די נויטווענדקייט פֿונעם ציוניזם האָט גרינבוים באַנוצט דעם געוואַגטן אַרגומענט, אַז אין פּוילן איז פֿאַראַן אַ מיליאָן יידן צו פֿיל און אַט פֿאַר זיי — פֿאַר דעם איבעריקן מיליאָן — דאַרף מען דאָס האָבן פּאַלעסטינע...

פֿאַרשטייט זיך, אַז ס'איז דאָ להלוטין איבעריק אפֿילו אַן איינציק וואָרט צו פֿאַרברויכן כדי צו באַווייזן, ווי ווייט אומדערהערט ס'איז די באַנוצונג פֿון אַזאַ מין אַרגומענט. ס'איז אָבער כדאַי זיך אָפּצושטעלן אויף פֿאָלגנדיקע צוויי כאַראַקטעריסטישע שטריכן: אויב דער פּוילישער נאַציאָנאַליסט, אַנטיסעמיט ווערטשאַק און דער יידישער נאַציאָנאַליסט גרינבוים אַרויסגייענדיק פֿון צוויי פֿולשטענדיק קעגנזעצלעכע שטאַנדפּונקטן זיינען ביידע

געקומען צו איין און דעם זעלבן אויספֿיר באַווייזט דאָס נאָר איין זאַך: די פּאָליטישע שיטות — אייגנטלעך: איין שיטה! — אין וועמעס נאָמען זיי טרעטן אַרויס שטייען אויפֿן באָדן פֿון דער היינטיקער בירגערלעכער אָרדענונג. זיי זעען ניט די אַבסאָלוטע נויטווענדיקייט פֿון אַן איבערבוי פֿון די יסודות פֿון דער איצטיקער געזעלשאַפֿט (אַזוי אין פּוילן, ווי ערגעץ אַנדערש) אויף סאָציאַליסטישע. און דעריבער מוזן זיי קומען צו די ווילד־משונהדיקע אויספֿירן וועגן דער איבעריקייט פֿון אַזאַ אָדער אַן אַנדער טייל פֿון דער באַפֿעלקערונג. מ׳דאַרף דעריבער פֿעסטשטעלן, אַז פֿון שטאַנדפּונקט פֿון דער בירגערלעכער פּאָליטיק איז באמת נישטאָ קיין שום אויסוועג פֿון דער לאַגע! מ׳דאַרף אָבער אַרייינטראָגן דאָ אַ געוויסע אויסבעסערונג און דאָ קומען מיר צו דעם צווייטן שטריך:

נישט איין מיליאָן ייִדן זיינען היינטיקן טאָג „איבעריק" נאָר אפֿשר צוויי מיליאָן און אפֿשר צוויי און אַ האַלב מיליאָן, ווייל דער פּראָצעס פֿון פּאַופּעריזאַציע פֿון די ייִדישע מאַסן אין פּוילן, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן מיטן אויסבראָך פֿון דער וועלט־מלחמה, האָט אין די לעצטע קריזיס־יאָרן אָנגענומען באמת קאַטאַסטראָפֿאַלע פֿאָרמען: נישט נאָר דער ייִדישער אַרבעטער און די ברייטע ייִדישע אָרעמקייט איז אַראָפּגעדריקט געוואָרן אויף אַ לעבנס־ניוואָ פֿון פֿאַר 50 יאָר צוריק און לעבן איצט דורך אַ גהינום פֿון הונגער, נויט און דחקות, נאָר די גאַנצע קאָלאָסאַלע מאַסע פֿון קליינהענדלער, בעל־מלאכות און סתם לופֿטמענטשן ביז טיף אַריין אין מיטלקלאַס, ווערט בוכשטעבלעך צעריבן און צעמאָלן און ווערט פֿאַרוואַנדלט ממש מיט יעדער שעה אין איין גרויסע מאַסע וואָס שטאַרבט פֿון הונגער.

די ראַמען פֿונעם אַרטיקל דערלויבן נישט זיך ווי געהעריק אָפּצושטעלן אויף די איינצלהייטן פֿון דער גרויליקער לאַגע פֿון די ייִדישע מאַסן אין פּוילן. אָבער איין ספּעציפֿישער שטריך אירער מוז דאָ דערמאָנט ווערן: דאָס איז די פֿאַרצווייפֿלטע לאַגע פֿונעם אונטערוואַקסנדן דור! די יוגנט, וועלכע וואַקסט איצט אונטער, האָט זיך בוכשטעבלעך נישט ווו אַהינצוטאָן. נישט אין מלאכה און נישט אין האַנדל, נישט אין פֿאַבריק און נישט אין די אַזוי גערופֿענע פֿרייע פּראָפֿעסיעס. אויב דער איצטיקער קריזיס האָט באַזונדערס שמערצלעך געטראָפֿן די יוגנט אין אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, דריקט ער אָבער מיט אַ באַזונדערער גרויזאַמקייט די ייִדישע יוגנט אין פּוילן, ווייל ער ווירקט טאָפּלט: דירעקט און אומדירעקט. און דאָ קומען מיר צו דעם בולטסטן אויסדרוק פֿון דער ייִדישער רעכטלאָזיקייט אין פּוילן: צו דער פֿראַגע פֿון באָיקאָט פֿון ייִדישער אַרבעט!

רעדנדיק אויבן וועגן די פּאָגראָם־אָנפֿאַלן אויף די ייִדן, האָב איך אָנגעוויזן אויף הזייער סאָציאַל־עקאָנאָמישן אונטערשלאַק. מ׳דאַרף אָבער גע־

דענקען, אַז די פּאָגראָם־אָנפֿאַלן זיינען נאָר מאָמענטאַלע אויסבראָכן, אָבער זייער מקור איז אַ באַשטענדיקער און ווירקט אומאויפֿהערלעך אַלע טעג פֿון יאָר. דער אויסדרוק פֿון אָט דעם פּאָגראָם־פֿאַקטאָר איז דער כסדרדיקער באָיקאָט אויף יידן אַלס הענדלער און אַרבעטס־נעמער. אין דעם פֿאַל אינטערעסירט אונדז די לעצטע פֿאָרם, ווייל דאָ קומט צום אויסדרוק די האַלטונג פֿון דער פּוילישער רעגירונג בפֿרט פֿון דער איצטיקער, וועלכע האָט ווי אַ דיקטאַטור אַריינגענומען אין אירע הענט אַריין אַ סך צווייגן פֿונעם ווירטשאַפֿטלעכן לעבן אין פֿאָרם פֿון מאָנאָפּאָלן אויף באַנען, טאַבאַקפֿאַבריקאַציע, ספּירט און אַנדערע. דער פּרינציפּ פֿון נישט צולאָזן קיין יידישע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע דערגרייכט גראָד אונטערן איצטיקן רעזשים די העכסטע מדרגה פֿון אכזריות. מ׳דאַרף געדענקען, אַז דער ביוראָקראַטישער אַפּאַראַט האָט זיך אין פּוילן געוואַלדיק פֿונאַנדערגעוואַקסן — דאָס איז דאָך די געוויינלעכע איינגנשאַפֿט פֿון אַ דיקטאַטאָרישן רעזשים. און אין דער קאָלאָסאַלער פֿיל הונדערט־טויזנטיקער אַרמיי פֿון באַאַמטע, וועלכע ציען דירעקט זייער חיונה פֿון דער מלוכה, איז די צאָל יידן אַזוי קליין און נישטיק, אַז מ׳קאָן גאָרניט ריידן פֿון קיין שום פֿאַרהעלטעניש, פֿון קיין פּראָפּאָרץ לויט דער צאָל יידישע איינוווינער. דאָס זעלבע קומט פֿאָר בנוגע דעם יידישן אַרבעטער און בעל־מלאָכה, נאָר מיט נאָך מער ברוטאַלקייט. דערביי דאַרף מען געדענקען, אַז גראָד דער איצטיקער רעזשים, וועלכער פֿירט אַ קאַמף פֿאַר דער נשמה פֿונעם פּוילישן בירגערטום מיט דער איינציקער פּאַרטיי פֿונעם פּוילישן בירגערטום — מיט דער נאַראָדאָווע דעמאָקראַטיע, האָט נישט קיין חשק און קיין מעגלעכקייט צו טאָן וואָס עס איז וואָס וואָלט פֿון דער ענדעציע אויסגעטייטשט ווערן אַלס יידןפֿריינדלעך. אַזוי ווי אויף אַלע אַנדערע געביטן פֿירט זי אויך אויפֿן געביט פֿון יידן־באָיקאָט אַדורך אויף גאַנצע הונדערט פּראָצענט די ענדעקישע פּראָגראַם. באַזונדערס אָבער מוז דאָס קומען צום אויסדרוק אין די איצטיקע קריזיס־צייטן, ווו אויף עטלעכע אַרבעטס־מעגלעכקייטן לויערן אָפֿט הונדערטער קאַנדידאַטן, און ווען מ׳וועט נאָך צו דעם צוגעבן די באַזונדערע שטייער־פּאָליטיק און די אונטערדריקונג אויפֿן נאַציאָנאַל־קולטורעלן געביט, וועלן מיר ערשט באַקומען אַ שטיקל באַגריף פֿון דעם, וואָס ס׳הייסט די לאַגע פֿון די יידישע מאַסן אין פּוילן.

***

און איצט לאָמיר פּרוּוון מאַכן אַ פּאָר אויספֿירן:

דער שווערפּונקט פֿון דער יידן־פֿראַגע אין פּוילן ליגט נישט אין די פּאָגראָם־אָנפֿאַלן. די פּאָגראָם־אָנפֿאַלן זיינען נאָר, בילדלעך גערעדט — די

„קרוין” פֿון דער יידישער רעכטלאָזיקייט. אָבער די דאָזיקע רעכטלאָזיקייט, וועלכע דריקט זיך אויס אין טאָג־טעגלעכן אַנטיסעמיטיזם איז אַ פּועל־יוצא נישט פֿון קיין שום־ראַסן־אייגנשאַפֿט אַזוי פֿון די יידן, ווי פֿון די פּאָ־ליאַקן, נאָר איז אַ גאַנץ באַשטימטן באַשטאַנדטייל פֿון יעדן בירגערלעכן רעזשים אין פּוילן. די לעגענדע וועגן דער יידן־פֿריינדלעכקייט פֿונעם איצטיקן מיליטעריש־דיקטאַטאָרישן רעזשים אין פּוילן איז אין בעסטן פֿאַל אַן אויס־דרוק פֿון דער קליינשטעטלדיקער געפֿאַלנקייט פֿון געוויסע קרייזן פֿון די יידישע בירגערלעכע פּאָליטיק־מאַכער. אויב די פּילסודסקי־רעגירונג ליק־ווידירט (געוויינלעך שוין לאחר המעשה) די פּאָגראָם־אָנפֿאַלן, טוט זי עס נישט צוליב איר יילומרשטן ליבעראַליזם, ווי אויך נישט צוליב איר יידן־פֿריינדלעכקייט, נאָר צוליב גאָר אַנדערע מאָטיוון, וואָס האָבן מיט ליבע־ראַליזם און יידן־פֿריינדלעכקייט קיין שום שייכות נישט: איר איזאָלירטע לאַגע אַלס אַ רעגירונג פֿון דער אויסגעשפּראָכנסטער קעמפֿערישער רעאַקציע צווינגט איר צו ליקווידירן איטלעכע באַוועגונג, וועלכע קאָן אַריינציען ברייטערע מאַסן. דאָ אָבער מוז אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז אויב די פּאָגראָם־אָנפֿאַלן אין פּוילן טראָגן אַ פֿאַרהעלטענישמעסיק מילדן כאַראַקטער איז דאָס דערפֿאַר, וואָס די פּוילישע אַרבעטער און פֿאָלקסמאַסן בלייבן צו זיי פֿולשטענדיק גלייכגילטיק און גאַנץ אָפֿט — פֿיינטלעך. די רעגירונג, וואָס קען די שטימונג פֿון די מאַסן, וואָס דריקט זיך אַזוי אָפֿט אויס אין די סטיכישע אויסבראָכן, מיט וועלכע זי האָט צו טאָן טאָג־איין טאָג־אויס, שרעקט זיך גאָרנישט פֿאַר דער מעגלעכקייט פֿון אַ ברייטערן פֿאָלקס־פּאָגראָם, נאָר פֿאַר דער מער רעאַלער מעגלעכקייט, אַז די אויפֿגעברויזטע מאַסן זאָלן זיך נישט ווענדן קעגן איר גופֿא. אַז די איצטיקע רעגירונג איז נישט ווינציקער אַנטיסעמיטיש פֿון איטלעכער אַנדערער רעאַקציאָנערער רעגירונג, באַווייזט זי מיט איר טאָג־טעגלעכער אַנטיסעמיטישער באָיקאָט־פּאָליטיק.

ווייטער: דער פּאָליטישער אַנטיסעמיטיזם אין פּוילן איז אַן אָרגאַנישער טייל פֿון דער גאַנצער רעאַקציאָנערער און שאָוויניסטישער פּאָליטיק, וואָס עס מוז פֿירן יעדער בירגערלעכער רעזשים אין פּוילן ביי די היינטיקע באַדינגונגען.

און צום סוף: אַ ראַדיקאַלע ענדערונג אין דער באַציאונג צו די יידישע מאַסן קאָן נאָר איינציק און אַליין קומען, ווען די אַרבעטער און פֿאָלקס־מאַסן אין פּוילן וועלן פֿאַר זיך אָוועקשטעלן ווי אַ טאָג־אויפֿגאַבע די ראַדי־קאַלע איבערבויאונג פֿון דער גאַנצער סאָציאַלער און פּאָליטישער סטרוק־טור פֿונעם היינטיקן פּוילן.

רעדאַקטירט פון ש. באַסטאָמסקי

# די ערשטע יידישיסטישע לערער קאָנפערענץ אין ווילנע, פסח 1907*)

ווילנע 1937

(אַ בינטל זכרונות)

דעם מאנדאַט אויף דער קאָנפערענץ האָב איך צוזאַמען מיטן צווייטן דעלעגאַט יצחק עפשטיין אַן (ס״ם) באַקומען פון דער פראָפ׳ סעקציע ביים ווארשעווער לערער־פאַראיין, וואָס האָט זיך דעמאָלט געפונען אונטער דער השפעה פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע.

קיין ווילנע בין איך געקומען דעם צווייטן טאָג חוה״מ פסח.

איך האָב שוין געטראָפן די צוגרייטונגס־ארבעט אין פולן ברען.

פון די הויפטפיגורן, וועלכע האָבן זיך מיר איינגעשניטן אין זכרון אַלס די אינטענסיווע אָנטיילנעמער פון דער קאָנפערענץ, געדענק איך קודם־כל דעם אומפאַרגעסלעכן חבר אהרן פראַנקפורט, אַ באַשיידענער, שטילער, האַרציקער און איינפאַכער מענטש און חבר, וואָס האָט, ניט געקוקט אויף זיין כסדרדיקן שווייגן, דאָך געשפילט איינע פון די הויפט־ראָלעס אויף דער קאָנפערענץ.

נאָך אים גייט דער טעמפעראַמענטפולער און באַוועגלעכער יוסף קאַמענעצקי מיט זיין פרוי העניע; דער חבר ב. ב־סקי (ד״ר לעווינזאָן), אָנגעזעענער מיטאַרבעטער פון דער דעמאָלסטיקער „פאָלקסצייטונג״ און איינער פון די ערשטע באַגרינדער פון דער יידישיסטישער שולפראָגראַם אין די דעמאָלטיקע פאַרטיי־אויסגאַבן; ווייטער — דער ח׳ פלודערמאַכער, ח׳ וויקטאָראָוו, חברטע דעבאָראַ פישער און נאָך און נאָך.

---

*) פון דער זאַמלהעפט „צען יאָר״, אויסגאַבע פון דער ציש״אָ — צום 10־יאָריקן יובילײ פון דער ייִדיש־וועלטלעכער שול אין פוילן.

די קאָנפערענץ האָט זיך אָנגעהויבן דעם זעלבן טאָג (פון מיין קומען) פאַר נאַכט און איז פאָרגעקומען אין לאָקאַל פון דער דעמאָלט באַרימטער אָוונטשול (אויף זאַוואַלנער גאַס), מיט וועלכער ס'האָבן אָנגעפירט די ח"ח אהרן פראַנקפורט און דבורה פישער.

די ערשטע זיצונג איז אַריבער אין פאָרמאַליטעטן. די אייגנטלעכע אַרבעט האָט זיך ערשט אָנגעהויבן צו מאָרגנס. פון דער טאָג־אָרדענונג געדענק איך די פונקטן: 1) באַריכטן, 2) די אָרגאַניזאַציע־פראַגע.

פון די באַריכטן געדענק איך צוויי כאַראַקטעריסטישע שטריכן, אין וועלכע ס'האָבן געשפּילט אַ ראָלע די וואַרשעווער דעלעגאַטן: ערשטנס, האָט אַרויסגערופן אַ פאַרוווּנדערונג דער אינהאַלט פונעם וואַרשעווער באַריכט, ווי ס'האָט זיך דערציילט וועגן די עקאָנאָמישע אַקציעס פון די וואַרשעווער לערער, אַ זאַך, וועלכע איז נאָך דעמאָלט כמעט ניט באַקאַנט געווען דעם גרעסטן רוב פון די פּראָווינצער דעלעגאַטן. צווייטנס, האָט אַרויסגערופן אַ שטיקל סענסאַציע די... שפּראַך פון די דעלעגאַטן; זיי זיינען געווען כמעט די איינציקע, וועלכע האָבן גערעדט אַ נאַטירלעכן פּליסיקן יידיש, בשעת ווען דער רוב, כאָטש גאַנץ ערלעכע איבערגעגעבענע אָנהענגער פון דער יידישער שפּראַך, האָבן זיי אָבער גערעדט אָדער רוסיש אָדער אַ יידיש, וואָס האָט שטאַרק דערמאָנט אָן דער עברי פון אַן אַלטן ניקאָלאַיעווער סאָלדאַט.

דעם מיטלפּונקט פון די דעבאַטן האָט פאַרנומען די פראַגע וועגן דעם כאַראַקטער פון דער צוקונפטיקער אָרגאַניזאַציע. ס'האָבן קענן זיך געקעמפט דער הויפּט צוויי מיינונגען: איין צד איז געשטאַנען דערפאַר, אַז עס דאַרף באַשאַפן ווערן אַ „ריינע" שול־אָרגאַניזאַציע לויטן כאַראַקטער אָדער פון דער טשעכישער „מאַטיצאַ" אָדער פון דער פוילישער „מאַציעזש שקאָלנאַ", וועלכע האָט דעמאָלט, פאַר דער קורצער צייט פון איר עקסיסטענץ, שוין אַנטוויקלט אַ ווונדערבאַרע ענערגישע און פאַרצווייגטע טעטיקייט. די אָנהענגער פון דער דאָזיקער ריכטונג האָבן געהאַלטן, אַז אַזוי ווי ביי דער דאָזיקער אַרבעט טאָרן ניט גענומען ווערן אין אַכט קיין שום קלאַסן־מאָמענטן, דעריבער דאַרף אויך ניט אַריינגיין אין פּראָגראַם פון דער אָרגאַניזאַציע קיין שום אויפגאַבן פון פּראָפ' כאַראַקטער. פאַרקערט, די צווייטע ריכטונג האָט געהאַלטן, אַז אין הסכם מיט דער שטעלונג פון דעם אַלרוסלענדישן פאַרבאַנד פון לערער (וועלכער האָט דעמאָלט נאָר וואָס געהאַט אָפּגעהאַלטן זיין צוזאַמענפאָר אין פינלאַנד, ווו עס האָבן אָנטייל גענומען איבער טויזנט דעלעגאַטן פון אַלע לערער־אָרגאַניזאַציעס פון אַלע פעלקער אין רוסלאַנד) דאַרפן די צוזאַמענגערופענע לערער קודם־כל שאַפן אַ פּראָפעסיאָנעלע לערער־אָרגאַניזאַציע, וועלכע זאָל זיך שטעלן די אויפ־

גאבע צו שיצן די עקאנאמישע אינטערעסן פון די לערער, און אז די דאזיקע ארגאניזאציע דארף האבן איר שולפלאטפארם, וועלכע איז די פאדערונג פון א וועלטלעכער שול אין דער מוטערשפראך, אין דער יידישער שפראך.

דער שרייבער פון די דאזיקע שורות איז געווען דער רעפרעזענטאנט פון א מיינונג, וועלכע האט געהאלטן, אז עס דארפן גלייכצייטיק געשאפן ווערן צוויי פאראלעלע ארגאניזאציעס: 1) א שולפאראיין, וועלכער זאל אריינגעמען אלע אנהענגער פון א יידיש־וועלטלעכער שול אן שום קלאסן־אונטערשייד, און — צווייטנס, א פראפעסיאנעלע ארגאניזאציע, וועלכע זאל ווידער ארומנעמען אלע לערער־פראלעטאריער, אומאפהענגיק פון זייערע פאליטישע איבערצייגונגען. די מערהייט האט זיך אבער אינטערעסירט מיט די ערשטע צוויי מיינונגען.

דא מוז איך באמערקן, אז איך גאראנטיר ניט פאר קיין שום ציפער. איך גיב נאר איבער, וואס איך געדענק. איך דערמאן זיך, אז אייגנטלעך איז אן אפשטימונג פארגעקומען ערשט אין טורמע. איך געדענק ניט גענוי קיין שום צאל. עס באמבלען זיך מיר אבער אין קאפ צוויי צאלן: 1) די צאל 65 אדער 67 אלס די צאל אנטיילנעמער פון דער קאנפערענץ און 2) 44, אלס די צאל בונדיסטן צווישן זיי. אזוי ווי די צווייטע פארמל איז געווען די אפיציעלע שטעלונג פון „בונד", צו וועלכער ס'האבן זיך גענייגט א שפאר ביסל אומפארטייאישע, דעריבער דארף מען רעכענען, אז די צווייטע פארמל איז אנגענומען געווארן פון דער קאנפערענץ.

א ווארט, דאכט זיך, האט דעמאלט געהאט דער באקאנטער בונדישער טוער ליבער־גאלדמאן, וועלכער האט זייער אן אינטענסיוון אנטייל גענומען אין דער ארבעט פון דער קאנפערענץ. מיט א מאל ווערט א שטיקל טומל. פוןביידע זייטן (די שול האט געהאט צוויי איינגאנגען) רוקן זיך אריין גרופעס פאליציאנטן. דער איינדרוק אויפן עולם איז ניט געווען קיין פויגל־דיקער. דערווייל קומט אריין א פריסטאוו, נאך אים — אן אפטיילונג זעלנער מיט די ביקסן ווי אויך א שפארע כאפטע ציווילע שפיקעס.

דאס פרעזידיום פרווט איינטענהן, אז — ווי הייסט: כשרע מענטשן, לערער באראטן זיך וועגן ריין פעדאגאגישע ענינים וכדומה. ס'העלפט ניט!

אלע אנוועזנדיקע ווערן צוזאמענגעטריבן אין איין צימער, ארומגע־רינגלט מיט א קייט פון באוואפנטע זעלנער. די שפיקעס נישטערן ארום אין די ארויסגעווארפענע פאפירלעך, מאכן סקאנדאלן, און דער פריסטאוו זעצט זיך אוועק שרייבן דעם פראטאקאל. די שטימונג ביים עולם איז זייער א געדריקטע: מען טאר ניט פארגעסן, אז דער גרעסטער טייל איז ניט געווען קיין אקטיווער פארטיי־עולם — דעריבער איז פאר זיי אן ארעסט בכלל געווען זייער ניט קיין אנגענעמע זאך. א חוץ דעם זיינען דאס געווען שול־

לערערס, פֿאַר וועלכע אַן ערנסט האָט געהייסן — פֿאַרלירן די פּאָליטישע כשרות, אָן וועלכער מ׳האָט בכלל ניט געקאָנט זיין קיין לערער. דאָס האָט געהייסן פֿאַרלירן ס׳ברויט. אגב זיינען ס׳רוב לערער געווען שוין עלטערע פֿאַמיליע־מענטשן.

מען האָט אָנגעהויבן צו באַרואיקן איינער דעם צווייטן, אַז ס׳וועט זיך נאָך אויפֿקלערן וכדומה. אָבער מיט אַ מאָל איז געשען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט צוגענומען אַלע האָפֿענונגען: מיט אַן אימפּעט פֿון אַ שיכור אָדער אַ ווילדער חיה רייסט זיך פּלוצלונג אַריין אַ נפֿש, אַ גראָבער, אַ הויכער, מיט גראָע וואָנצעס — ווי כ׳בין שפּעטער געוווירן געוואָרן איז דאָס געווען דער נאַטשאַלניק פֿון דער ווילנער „אָכראַנקע" — און מיט אַן אויסגע־קרימטן פֿון כעס פּרצוף און צוזאַמענגעדריקטע פֿויסטן הייבט ער אָן צו שרייען בקול רם: איר אַזעלכע און אַזעלכע!... (דאָ גייט אַ רוסיש ניט צענ־זורירט ווערטל), איך וועל אייך ווייזן מאַכן ביי מיר אונטערן נאָז אומלעגאַלע „בונדיסטישע" צוזאַמענפֿאָרן!... אין די טורמעס וועט איר ביי מיר פֿוילן, אין סיביר וועל איך אייך פֿאַרשיקן!

אויף אַ מאָמענט איז געוואָרן שטיל...

אַלע זיינען ווי פֿאַרשטיינערט געוואָרן פֿון דער דאָזיקער גראָביאַנישער באַליידיקונג. באַלד אָבער איז איינער פֿון די אָנוועזנדיקע (ה׳ וויקטאָראָוו) געקומען צו זיך און געפֿאָדערט אָנשטענדיקע באַהאַנדלונג. דער פּראָטעסט האָט געהאַט אַ פּעולה. ער האָט זיך אָבער באַלד געווענדט צום פּריסטאַוו מיט אַ באַפֿעל: „אַלעמען באַזוכן, צונעמען אַלץ, וואָס זיי האָבן, שמידן אין קייטן, אַפּפֿירן אין טורמע און דאָרטן האַלטן שטרענג איזאָלירט ניט צו־לאָזן קיין שפּייז"!

מיט די ווערטער האָט דער נפֿש פֿאַרלאָזט דאָס צימער.

נאָך דעם דאָזיקן קבלת־פּנים איז קלאָר געוואָרן, אַז אַזוי לייכט וועט שוין די „שפּיל" ניט אַריבער. דערווייל האָט זיך אָנגעהויבן די מיאוסע פּראָצעדור פֿון אַרומזוכן און אַרומטאַפּן יעדן איינציקן און צוזאַמענשטעלן פּראָטאָקאָלן. די דאָזיקע „אַרבעט" האָט זיך פֿאַרצויגן אויף לאַנגע שעהן און ערשט פֿאַר נאַכט האָט מען אַלעמען אונטער אַ שטרענגער וואַך אָפּגע־פֿירט אין פּאָליציי־אַרעסט.



אַ ביסל זיך באַרואיקט און איינגעאָרדנט אין די קאַמערן, האָט מען קודם־כל באַטראַכט וואָסערע „תּירוצים" דאַרף מען געבן דער זשאַנדאַר־מעריע אויפֿן פֿאַרהער.

דאָס פּרעזידיום פֿון צוזאַמענפֿאָר האָט ווייטער אויפֿגענומען זיינע פֿונקציעס און קודם־כּל אויסגעאַרבעט פֿאָלגנדיקן פּלאַן:

עטלעכע ווילנער מיטגלידער, צווישן וועלכע, דאַכט זיך, ס׳איז אויך געווען מאַזאַ, דער שפּעטערדיקער דירעקטאָר פֿון דער ווילנער טרופּע, האָט גענו־מען אויף זיך די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿאַרן צוזאַמענרופֿן אַ ניט דערלויב־טע באַראַטונג פֿון לערער, כּדי אַרומצורײדן די פּעדאַגאָגישע פֿראַגן, וואָס האָבן אַ שייכות מיט דער אָוונטשול. אַלע איבעריקע אָנטיילנעמער, דער־הויפּט די ניט־ווילנער תּושבֿים, ענטפֿערן לויט איין שאַבלאָן: געקומען קיין ווילנע אויף יום־טובֿ, געטראָפֿן אין גאַס אַ באַקאַנטן, יענער האָט דערציילט וועגן דער באַראַטונג, זיך פֿאַראינטערעסירט, געקומען... אאַז״וו.

טאַקע אין דעם זעלבן אָוונט נאָך איז אַראָפּגעקומען אין אַרעסט אַ גרופּע זשאַנדאַרם־אָפֿיצירן און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער „פֿאַרהער", וואָס האָט זיך פֿאַרצויגן כּמעט אויף אַ גאַנצער נאַכט...

אויפֿן דריטן טאָג פֿון אַרעסט איז באַשלאָסן געוואָרן אויסצונוצן די „געלעגנהייט" און ווייטער צו פֿירן די אַרבעט פֿון דער קאָנפֿערענץ. קודם־כּל האָט מען פֿאַר אַ „לא יחרצל" געפּועלט ביי די שומרים, אַז ס׳זאָל דער־לויבט זיין אַריבערצוגיין פֿון איין קאַמער אין דער צווייטער. דערנאָך איז דאָס פּרעזידיום צוגעטראָטן צו דער אַרבעט. לכתּחילה האָט זיך ניט געוואָלט. ס׳האָט געקלונגען מאָדנע: מענטשן אין טורמע, וועמען ס׳דראָט גאָרניט קיין קליינע אומאָנגענעמלעכקייט, זאָלן זיך פֿאַרנעמען מיט דעבאַטן, וואָס האָבן סוף־כּל־סוף געטראָגן אַ ריין טעאָרעטישן כאַראַקטער... מ׳טאָר ניט פֿאַרגעסן, אַז אַ וועלטלעכע מאָדערנע שול מיט דער יידישער לימודים־שפּראַך האָט דעמאָלט געקלונגען ווי אַ זייער און זייער ווייטן מעשהלע... אינסטינקטיוו האָט מען געפֿילט, אַז די שול, וועלכע מוז קומען, וועט קומען אַלס רעזולטאַט פֿון אַ גרויסער געזעלשאַפֿטלעכער כוואַליע — דערוויילאָבער האָט די כוואַליע, די באַוועגונג פֿון 1905, וועלכע האָט אונדז געבראַכט צו דעם געדאַנק וועגן דער שול, געהאַלטן ביים פֿאַלן. ס׳איז געווען דאָס יאָר 1907 מיט זיינע שטאַרקע רעפּרעסיעס — און דערווייל זיצט מען אין טורמע, ס׳איז ענג, שמוציק, ס׳בענקט זיך אַהיים און קודם־כּל שרעקט דאָס, וואָס ס׳קאָן נאָך קומען...

איינציקווייז אָבער האָט זיך דער רובֿ אַריינגעצויגן און ס׳איז אַוועק אַ גאַנץ לעבעדיקע, היציקע דיסקוסיע אַלץ וועגן די זעלבע פֿראַגן. אַ גאַנצן טאָג האָט מען געאַרבעט. אין אָוונט און בשעת די פּויזעס האָט מען דער־ציילט מעשׂיות, געוויצלט זיך און קודם־כּל געזונגען, אָדער בעסער געזאָגט, דער רובֿ האָט זיך צוגעהערט, ווי אונדזערע מנגנים האָבן געזונגען. פֿאַר־

שטייט זיך, אז דאָס ערשטע אָרט האָט פֿאַרנומען דער חבר גערשטיין, וועמעס מעטאַלישער קול האָט געקלונגען ווי אַ גלאָק און פֿאַרזיסט ניט איין שווערע טורמע־מינוט...

דערווייל האָט די קאָנפֿערענץ פֿאַרענדיקט די אַרבעט. ה׳ ב־סקי האָט שוין אויך פֿאַרענדיקט זיין אַנקעטע, וועלכע ער האָט געמאַכט צווישן די דעלעגאַטן. און דאָס זיצן נעמט ניט קיין סוף... ערשט אויף דער זיבעטער נאַכט פֿון אונדזער אַרעסט וועקט מען אונדז. מ׳הייסט זיך גרייט מאַכן אין וועג און צוזאַמענגענעמען די זאַכן... דאָס רופֿט אַרויס פֿאַרשיידענע השערות און מיינונגען — באַלד אָבער ווערט אַלץ קלאָר: מ׳פֿירט אונדז איבער אין דער „אמתער" טורמע, אויף לוקישקעס. לגבי דעם ענין „זיצן" זיינען די „לוקישקעס" אין פֿאַרגלייך מיטן פּאָליציי־אַרעסט געווען אַן אמתער גן־עדן: הויכע ליכטיקע קאַמערן, בעטלעך, געפּלאַסטערטע דילן ווי בכלל היגיענישקייט פֿון דער גאַנצער איינאָרדענונג. דאָך איז שרעקלעך שווער געוואָרן אויפֿן האַרצן.

ס׳האָט זיך דערפֿילט, אַז דאָ געפֿינט מען זיך טאַקע אין אַן אמתער טורמע: שטרענג איזאָלירט. ס׳האָט קיין רייד ניט געקאָנט זיין וועגן אַ צוזאַמענקומען זיך. אָפּגעריסן פֿון דער אויסערלעכער וועלט. די שומרים טאַקע אמתע „טורמעמשטשיקעס", צווישן וועלכע מע האָט אָנגעוויזן אויף איינעם, וועלכער האָט נאָך געהאַט אַ זייטיקן צושפּרונג צו זיין פּרנסה: ער איז נאָך געווען תליון אויך... דאָס שווערסטע אָבער איז געווען דער קייטן־געקלאַנג, וואָס האָט זיך דאָרטן געהערט פֿון פֿאַר טאָג ביז שפּעט אין אָוונט: דאָס האָבן זיך באַוועגט די קאַטאָרזשאַנעס, וועלכע האָבן דאָרטן פֿאַרנומען אַ גאַנצן פּאַוויליאָן...

נאָך 12 טעג זיצן איז געקומען דער פּסק־דין: אַלע ווערן באַפֿרייט, אַ חוץ פֿיר (פֿראַנקפֿורט, מאַזאָ — די איבעריקע געדענק איך נישט), וועלכע באַקומען אַ חודש טורמע פֿאַר איינאָרדענען אַן אומלעגאַלע פֿאַרזאַמלונג.

ווי מ׳האָט געשמועסט האָבן מיר געהאַט צו פֿאַרדאַנקען דעם דאָזיקן „מילדן" אויסגאַנג — דעם ליבעראַליזם פֿונעם דעמאָלסטדיקן ווילנער גובערנאַטאָר*).

אַזוי האָט זיך געענדיקט דער ערשטער פּרוּוו צו אָרגאַניזירן די כוחות אין קאַמף פֿאַר דער יידישער שול.

---

*) ד״ר שאַבאַד האָט אויף דעם 20יאָריקן יובל פֿון דער קאָנפֿערענץ אָנגעוויזן, אַז געראַטעוועט די לאַגע האָט דער אַנטאַגאָניזם צווישן גובערנאַטאָר און דער זשאַנדאַרמעריע.

די אַלע וואַקסנדיקע ווילדע פּאָליציייִשע רעפּרעסיעס פֿון דער „באַרימטער" סטאַליפּין־עפּאָכע האָבן, פֿאַרשטייט זיך, נישט געגעבן קיין שום מעגלעכקייט פֿון אַרבעט אויף דעם געביט. און בשעת איך בין אין אַ יאָר אַרום, שוין אַלס „אַרויסגעשיקטער" און „אַנטלאָפֿענער" געקומען קיין ווילנע און ווידער זיך געטראָפֿן מיט די ח"ח אָרגאַניזאַטאָרן פֿונעם ערשטן צוזאַמענפֿאָר, האָבן מיר אַלע פֿאַרשטאַנען, אַז אונדזער שול מוז וואַרטן אויף נייע בעסערע צייטן.

# דעקלאַראַציע פון ח׳ י. ליכטנשטיין אין נאָמען פון „בונד“ אויף דער ערשטער זיצונג פון לאָדזשער שטאָטראַט דעם 23סטן מאַי 1917

„אַלס דער ערשטער פֿאָרשטייער אין לאָדזשער שטאָטראַט מצד דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט, וועלכער אָנערקענט דעם פּראָגראַם פֿון „בונד“, מוז איך קודם־כל פֿעסטשטעלן, אַז אַ דאַנק דער אַנטי־דעמאָקראַטישער וואַל־אָרדינאַציע, איז דאָ דער לאָדזשער פּראָלעטאַריאַט צאָלמעסיק זייער ווייניק פֿאַרטראָטן, גאָרנישט פּראָפּאָרציאָנעל צו דער באַדייטונג, וועלכע ער שפּילט אין לעבן פֿון דער שטאָט. אָט די עוולה פֿילט זייער שטאַרק דער אַרבעטער־קלאַס, בפֿרט איצט, ווען אַ דאַנק דער מלחמה קומט אים אויס אויסצוטראָגן אַ סך ליידן און צרות.

דער איצטיקער שטאָטראַט וועט נישט באַפֿרידיקן די באַדערפֿענישן פֿון די אַרבעטער. זיינע קאָמפּעטענצן און פּערזענלעכער צוזאַמענשטעל אַנטשפּרעכן נישט די אינטערעסן פֿון די ברייטע שיכטן פֿון דער באַפֿעלקערונג. דער פּראָלעטאַריאַט וועט דעריבער ווייטער פֿירן דעם קאַמף פֿאַר אַ דעמאָקראַטישער זעלבסטפֿאַרוואַלטונג, געוויילט לויטן פּרינציפּ פֿון אַלגעמיינע, גלייכע, געהיימע, נישט־קוריאַלע, און פּראָפּאָרציאָנעלע וואַלן, אָן אונטערשייד פֿון געשלעכט, אַ שטאָט־פֿאַרוואַלטונג, וועלכע זאָל זיין אומאָפּהענגיק פֿון דער אַדמיניסטראַטיווער מאַכט און זאָל זיין פֿאַראַנטוואָרטלעך נאָר פֿאַר דער באַפֿעלקערונג.

דעם קאַמף פֿאַר אַזאַ שטאָטראַט פֿירט שוין דער פּראָלעטאַריאַט פֿון לאַנג. ער האָט אים געפֿירט אין די שווערע צייטן פֿון דער צאַרישער הערשאַפֿט, אין דער צייט פֿון דער הערשאַפֿט פֿון דעם אוזורפּאַטאָרישן בירגער־קאָמיטעט, ווי אויך בעת דער הערשאַפֿט פֿון דעם דורך דער אָקופּאַציע־מאַכט באַשטימטן ביזאיצטיקן שטאָטראַט. דער קאַמף איז אַ טייל פֿון דעם גראַנדיעזן קאַמף פֿאַר פֿולשטענדיקער באַפֿרייאונג פֿון אַרבעטער־קלאַס, פֿון קאַמף, וועלכן דער פּראָלעטאַריאַט פֿירט אונטער די לאָזונגען פֿון אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם.

כאָטש די וועלט־מלחמה האָט לויז געמאַכט די פֿעדעם פֿון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, כאָטש, די רייען פֿון אַרבעטער־קלאַס זיינען אָפּגע־

שוואכט און פֿארקלענערט, רופֿט ארויס ביי אַלע ברייטערע שיכטן פֿון אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט, יעדע ווייטערדיקע אַנטפּלעקונג פֿון אמתן אימפּעריאַליסטישן זין פֿון כאַראַקטער פֿון דער מלחמה, וועמענס וואָרצלען עס געפֿינען זיך אין די גרונט־יסודות פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג, אַלץ גרעסערן אומווילן צו דער איצטיקער אָרדענונג און דראַנג צום ווידער־אויפֿבוי פֿון אינטערנאַציאָנאַל, אונטער די פֿענער פֿון וועלכן דער ארבעטער־קלאַס וועט קענען אָפּהאַלטן דעם ענדגילטיקן זיג.

די אויפֿגאַבע פֿון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פֿארשטייערשאַפֿט אין שטאָטראַט, איז זיין אַן אָנשפּאַרפּונקט אין קאַמף פֿון פּראָלעטאַריאַט פֿאַר דער פֿאַרווירקלעכונג פֿון סאָציאַליסטישן אידעאַל. זי וועט נישט נאָר קעמפֿן פֿאַר צופֿרידנשטעלן די לויפֿנדע באַדערפֿענישן פֿון ארבעטער־קלאַס, נאָר וועט אויך אויסנוצן די טריבונע פֿון שטאָטראַט צום באַלויכטן די פּראָגראַם פֿון אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם און שטאַנדפּונקט פֿון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע וועגן די פּראָבלעמען פֿון דער צייט, בכדי באַוווּסט־זיניק צו מאכן די ברייטע ארבעטער־שיכטן און העלפֿן זיי זיך צו אָרגאַניזירן.

באַטראַכטנדיק די איצטיקע מלחמה ווי אַ פּראָדוקט פֿון אימפּעריאַליס־טישע צילן פֿון דער בורזשואַזיע אין אַלע לענדער, און ווי אַ שעדלעכע פֿאַר די אינטערעסן פֿון די ארבעטנדיקע מאַסן, סאָלידאַריזירן מיר זיך מיט די באַוווּסטזיניקע ארבעטער פֿון אַלע לענדער אין זייער שטרעבונג תיכּף איינצו־שטעלן דעם שלום. האַלטנדיק, אַז דער אימפּעריאַליזם און מיליטאַריזם זיינען מיטלען צו אונטערדריקן פֿעלקער, און די אמתע און פֿולשטענדיקע פֿרייהייט פֿון פֿעלקער, און צווישן זיי אויך פֿון דער באַפֿעלקערונג אויף דער פּוילישער ערד — קען זיך שטיצן נאָר אויף דער דעמאָקראַטיזאַציע פֿון דער געזעלשאַפֿט און אינטערנאַציאָנאַלע באַציאונגען, וועלכע וועלן דער־גרייכט ווערן דורכן קלאַסנקאַמף פֿון פּראָלעטאַריאַט, וועלן מיר באַקעמפֿן אַלע פּרוּוון, וועלכע וועלן געמאַכט ווערן אין דער ריכטונג צו דער מילי־טאַריזאַציע פֿון אונדזער לאַנד און צום אַריינפֿירן אין דער מלחמה נייע הונדערטער טויזנטער בלוט־קרבנות פֿון פּוילישע ארבעטסמענטשן. מיר שטעלן אַנטקעגן, די אונדז פֿון אויבן־אָנגעוואָרפֿענע מלוכה־אינסטיטוציעס, ווי דער מלוכה־ראַט, אונדזער פֿאָדערונג פֿון אַ פֿאָלקס־פֿאַרשטייערשאַפֿט געוויילט דורך דער גאַנצער באַפֿעלקערוג אויפֿן גרונט פֿון אַלגעמיינעם וואַל־רעכט. נאָר דאָס פֿאָלק אַליין האָט דאָס רעכט צו דעצידירן וועגן גורל פֿון זיין לאַנד.

אין קאַמף פֿאַר אָט די פֿאָדערונגען מאַרשירט דער יידישער פּראָלעטאַ־ריאַט האַנט ביי האַנט מיטן פּוילישן פּראָלעטאַריאַט. איך, אַלס פֿאַרשטייער פֿון קלאַסן־אָרגאַניזירטן יידישן פּראָלעטאַריאַט, וועל ביים אויספֿירן מיינע

אויפֿגאַבן, האַנדלען געמיינזאַם מיט די פֿאָרשטייער פֿון פּוילישן פּראָלעטאַריאַט.

די איצטיקע מלחמה, וועלכע איז גינסטיק פֿאַר דער אַנטוויקלונג פֿון דער נאַציאָנאַליסטישער אַגיטאַציע, האָט געשאַפֿן די מעגלעכקייט פֿונאַנדערצעבלאָזן די ראַסן־שנאה און פֿעלקער־קאַמפֿן. בכדי צו פֿאַרדעקן זייערע קלאַסן־אינטערעסן, שפּרייט פֿונאַנדער סיי די יידישע און סיי די פּוילישע בורזשואַזיע לאָזונגען פֿון צווישנפֿעלקערישע קאַמפֿן, אָנגעבנדיק עס די פּיקציע פֿון נאַציאָנאַלער אחדות.

איך וועל ווי צום שאַרפֿסטן באַקעמפֿן סיי די אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק פֿון דער פּוילישער בורזשואַזיע, די פּאָליטיק פֿון דריקן די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, סיי די נאַציאָנאַליסטישע פּאָליטיק פֿון דער יידישער בורזשואַזיע. ווי אַ פֿאָרשטייער פֿון יידישן פּראָלעטאַריאַט, וועל איך זיך אַנטקעגנשטעלן די פֿאָרשטייער פֿון דער יידישער בורזשואַזיע, וועלכע נעמט זיך דאָס רעכט, אונטערן צביעותדיקן פּרעטעקסט פֿון נאַציאָנאַלער אחדות, צו וועלן זיין די פֿאָרשטייער פֿון גאַנצן יידישן פֿאָלק און דורך לאָזונגען שאָוויניסטישע, צי קלעריקאַלע, וועלכע ווערן אויף פֿאַרשידענע אופֿנים געפּריידיקט דורך דעם נאַציאָנאַליסטישן לאַגער אָדער דורך דעם אַסימילאַטאָרישן — האָבן פֿאַר אַ ציל שוואַכער צו מאַכן דעם קלאַסן־באַוווּסטזיין פֿון פּראָלעטאַריאַט. איך וועל באַקעמפֿן די כלומרשטע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, וועלכע מיט זייער שטאַנדפּונקט, אַז דער יידישער אַרבעטער דאַרף שאַפֿן זיין היים ערגעץ ווו, ווייט פֿון דאַנען, פֿירן זיי אַראָפּ דעם ייד' פּראָלעטאַריאַט פֿון וועג פֿון דירעקטן קלאַסן־קאַמף און אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־איינהייט, און וואָס עס דינט די אינטערעסן פֿון דער בורזשואַזיע.

אויפֿן געביט פֿון דער שטאָטישער ווירטשאַפֿט וועל איך פֿאָדערן איינצופֿירן אין לעבן די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּראָגראַם, ווי אַרבעטסשוץ, פֿאַרבעסערונג פֿון דער לאַגע פֿון די שטאָטישע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע, איינפֿירן פֿאַר זיי אַן 8־שעהדיקן אַרבעטסטאָג מיט דער פֿאַרזיכערונג פֿון אַ וועכנטלעכן אָפּרו אין דער הייך פֿון 42 שעה אַן איבעררייס; ביליקע און געזונטע וווינונגען פֿאַר דער אַרבעטער־באַפֿעלקערונג, דירעקטער און פּראָרעסיווער שטייער פֿון פֿאַרדינסט, ביי דער גלייכצייטיקער אָפּשאַפֿונג פֿון אַלע אַנדערע אָפּצאָלן. איינפֿירן אַן אומזיסטע צוואַנגסבילדונג אין וועלטלעכע, אַלגעמיינע שולן מיט דער מוטערשפּראַך פֿון יעדער נאַציאָנאַלער גרופּע אַלס אונטעררעכטס־שפּראַך, פֿאַרבעסערן דעם געזונטהייטס־וועזן, פֿאַרשטאָטישן די אינסטיטוציעס פֿון אַלגעמיינעם באַדאַרף אאַז"וו.

איך וועל פֿאָדערן ספּעציעלע פֿאַראָרדענונגען אויף לייכטער צו מאַכן די רעזולטאַטן פֿון די אומגליקן פֿון דער מלחמה. איך וועל זיך אַנטקעגנשטעלן דער אויסנוצונג מצד דער אָקופּאַציע־מאַכט, דאָס אָרעם מאַכן דאָס

לאנד דורך ארויספֿירן פֿון די מאַטעריעלע ווערטן און ארבעטער. איך וועל פֿאָדערן אַן אומבאַדינגטן קאַמף מיט דער ספּעקולאַציע, פֿארשטאַטישן דעם האַנדל מיט לעבנסמיטלען, אָרגאַניזירן אין אַ ברייטן פֿאַרנעם עפֿנטלעכע אַרבעטן אויפֿן אָרט, שטיצע פֿאַר די ארבעטער-אינסטיטוציעס און אַז״וו.

שטייענדיק אין פֿאַרטיידיקונג פֿון די רעכט פֿון די נאַציאָנאַלע מינדער-הייטן, ארויסגייענדיק פֿון דער הנחה, אַז צו דער אַנטוויקלונג פֿון זיינע כוחות און אָרגאַניזאַציע, באַדאַרף דער אַרבעטער-קלאַס, אַ נישט-געשטערטע קולטורעלע אַנטוויקלונג, וועלכע וועט פֿאַרזיכערט ווערן דורך אַ נאַציאָנאַ-לער קולטור-אויטאָנאָמיע, וועל איך פֿאָדערן די פֿאַרטיידיקונג פֿון יידישע קולטורעלע רעכטן דורך:

1) באַשטימען דורכן שטאָטראַט אַ געהעריקן טייל פֿון בודזשעט, צום באַפֿרידיקן די בילדונגס-באַדערפֿענישן פֿון די יידישע מאַסן, שאַפֿן פֿאַר זיי דעמאָקראַטישע, וועלטלעכע פֿאָלקסשולן מיט יידיש אַלס אונטערריכט-שפּראַך: די פּוילישע שפּראַך דאַרף אין די שולן פֿאַרנעמען אַ געהעריקן אָרט, ווי אַ לערן-קעגנשטאַנד.

2) איבערגעבן די בילדונגס-ענינים ספּעציעלע נאַציאָנאַלע שולראַטן, וועלכע זאָלן געוויילט ווערן דורך יעדער נאַציאָנאַלער גרופּע אויף אַ ברייטן דעמאָקראַטישן באַזיס.

3) פֿאַרזיכערן דער יידישער באַפֿעלקערונג דאָס רעכט פֿון פֿאַרשטענ-דיקן זיך אין די שטאָטישע אינסטיטוציעס אין דער יידישער שפּראַך און פֿאַרעפֿנטלעכן אַלע אַמטלעכע ידיעות אויך אין יידיש.

4) אָנערקענען פֿאַר אַלע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע און האַנדל, דאָס פֿאַקולטאַטיווע רעכט אָפּצורוען זיך שבת אַנשטאָט זונטיק.

אין קאַמף פֿאַר דער רעאַליזירונג פֿון אָט די פֿאָדערונגען, וועל איך האַנד-לען אין ענגער צוזאַמענאַרבעט מיט די ברייטע שיכטן פֿון אָרגאַניזירטן פּראָלעטאַריאַט.

איך האַלט פֿאַר מיין פֿליכט בייצולייגן אַ פּראָטעסט קעגן דעם, וואָס אין איצטיקן מאָמענט, ווען די באַפֿעלקערונג לעבט אין שווערע באַדינגונגען, אָן ברויט און אָן אַרבעט, ווען די שטערבלעכקייט, דער רעזולטאַט פֿון הונ-גער, פֿאַרשטאַרקט זיך ביז צו דער העכסטער מדרגה, און די שטאָטישע אַפּראָוויזאַציע געפֿינט זיך אין אַ צושטאַנד פֿון כאַאָס — איז דאָס צוזאַמענ-רופֿן פֿון שטאָטראַט אָפּגעשלעפּט געוואָרן כמעט אויף 4 חדשים. אַ דאַנק דעם האָבן די פֿאָרשטייער פֿון דער באַפֿעלקערונג נישט געהאַט די מעגלעכ-קייט צו קאָנטראָלירן די שטאָטישע ווירטשאַפֿט, וועלכע איז אָנגעפֿירט

געוואָרן דורך אַן אומפֿאַראַנטוואָרטלעכן, אָנגעוואָרפֿענעם דורך דער מאַכט, מאַגיסטראַט, און ארויסצוזאָגן די פֿאָדערונגען און באַדערפֿענישן פֿון די ברייטע מאַסן. די שולד דערפֿאַר פֿאַלט אויף די בורזשואַזע גרופּן, וועלכע האָבן אַנשטאָט אַן אָפֿענעם קאַמף, געפֿירט פֿאַרשידענע הינטער־קוליסן קאָנטאַקטן מיט די פֿאָרשטייער פֿון דער מאַכט. זיי האָבן דערמיט נאָך אַ מאָל דערוויזן זייער אומפֿעאיקייט צו אַ ברייטער געזעלשאַפֿטלעכער טעטי־קייט אין אָנשפּאַר אָן די פֿאָלקסמאַסן. זיי האָבן באַוויזן די שעדלעכקייט פֿון זייער טאַקטיק פֿאַר די אינטערעסן פֿון אַרבעטער־קלאַס".

איבערגעזעצט פֿון פּויליש.

„סאָציאַליסטישער ביולעטין", נ' 2 פֿון יוני 1917.

# פּראָטאָקאָל פֿון דער זיצונג פֿון לאָדזשער שטאָטראַט דעם 8טן אַפּריל 1919

אין נאָמען פֿון דער פֿראַקציע פֿון „בונד" גיט ליכטנשטיין אָפּ פֿאָלגנ־דיקע דעקלאַראַציע:

די פֿראַקציע פֿון „בונד" אין לאָדזשער שטאָטראַט פֿאַרטרעט דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט און וועט שטענדיק אויסדריקן זיינע אידעאַלן און פֿאַרטיידיקן זיינע פֿאָדערונגען.

דער אידעאַל פֿון די אַרבעטער איז סאָציאַליזם — אָפּשאַפֿן דאָס פּריי־וואַט־אייגנטום פֿון אַלע פּראָדוקציע־מיטלען. דערפֿאַר וועט אויך אונדזער פֿראַקציע אויפֿן ערשטן אָרט פֿון איר טעטיקייט אין שטאָטראַט אַוועקשטעלן דעם קאַמף קעגן דער קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם, דעם קאַמף פֿאַר אַ פֿול־שטענדיקן אָפּשאַפֿן פֿון דער עקספּלואַטאַציע פֿון אַרבעטער־קלאַס.

אינעם איצטיקן מאָמענט, ווען אויף דער וואָגשאָל שטייט דער וויטער־דיקער גורל פֿון דער מענטשהייט, ווען דער פּראָלעטאַריאַט אויף גאָר דער וועלט שטייט אויף צום קאַמף קעגן דער פֿאַרהאַסטער בורזשואַזער סיסטעם און פֿאַרן פֿאַרווירקלעכן דעם סאָציאַליזם, ווען דער הויך פֿון דער סאָציאַ־לער רעוואָלוציע האָט שוין אָנגעפֿילט דאָס לעבן מיט אַ נייעם אינהאַלט, וועט די פֿראַקציע פֿון „בונד", ווי אַ רינג אין דער אינטערנאַציאָנאַלער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, מיט דער גרעסטער ענערגיע און מיטן פֿולן גלויבן אין אַ נאָענטן זיג קעמפֿן דערפֿאַר, אַז דער גאַנצער כלל זאָל איבער־נעמען אין זיינע הענט אַלע אוצרות, וואָס דאָס אַרבעטנדיקע פֿאָלק האָט

באשאפֿן. דער יידישער פּראָלעטאַריאַט האָט אונדז געשיקט אין שטאָטראַט מיט אַ מאַנדאַט אויסצונוצן די דעראָבערטע פּאָזיציע, כדי צו פֿאַרטיפֿן דעם רעוואָלוציאָנערן באַוווּסטזיין פֿון די פֿאָלקס־מאַסן. אונדזער פּראַקציע וועט דעריבער שטרעבן דערצו, אַז דער שטאָטראַט זאָל לייגן דעם פֿונדאַמענט פֿאַר אַ סאָציאַליסטישער ווירטשאַפֿט אין אונדזער שטאָט. און דערפֿאַר וועט זי כסדר דעמאַסקירן די גיריקע און עגאָאיסטישע פּאָליטיק פֿון די בורזשואַזע ריכטונגען. אין הסכם מיט די אויבן דערמאָנטע שטרעבונגען וועט די בונדישע פֿראַקציע פֿאָדערן, אַז די ברענענדיקע נויטן פֿון גאַנצן לאָדזשער פּראָלעטאַריאַט זאָלן וואָס שנעלער באַפֿרידיקט ווערן, און זי שטעלט אַרויס פֿאָלגנדיקע פֿאָדערונגען:

1) די שטאָט מוז פֿאַרזיכערן דעם פּראָלעטאַריאַט מיט אַרבעט, ברויט און אַ דאַך איבערן קאָפּ. דאָס הייסט, מיר וועלן פֿאָדערן פֿון שטאָטראַט אַז ער זאָל, אומאָפּהענגיק פֿון רעגירונגס־אַקציעס, אָרגאַניזירן עפֿנטלעכע אַרבעטן, שטאָטישע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען און **אַ מאַטעריעלע** שטיצע פֿאַר די אַרבעטסלאָזע, ווען די שטאָט וועט נישט קענען באַשעפֿטיקן. די אַקציע פֿון קאַמף קעגן אַרבעטסלאָזיקייט דאַרף געפֿירט ווערן מיטן אָנטייל און אונטער דער אָנפֿירונג פֿון אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס. מיר וועלן פֿאָדערן פֿון שטאָטראַט, אַז ער זאָל איבערנעמען אין זיינע הענט — מיט דער באַטייליקונג פֿון די אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיוון — דעם איינקויף און דאָס גערעכטע פֿונאַנדערטיילן פֿון אַלע פּראָדוקטן פֿון ערשטן געברויך, ווייל דאָס איז דער איינציקער ראַדיקאַלער מיטל צו קעמפֿן קעגן ספּעקולאַציע.

אויפֿן געביט פֿון דער וווינונגס־פֿראַגע וועלן מיר פֿאָדערן, אַז דער שטאָטראַט זאָל אויסראָטן די וווינונגס־ליכווע און רעגולירן די וווינונגס־באַדינגונגען לטובת די אָרעמע שיכטן פֿון דער באַפֿעלקערונג, אַז ער זאָל אויסקעמפֿן און רעאַליזירן דאָס רעכט צו רעקווירירן דעם גאַנצן שטח, וואָס געהערט צו דער שטאָט, מיט אַלע זיינע געביידעס. נאָר דאַן וועט מעגלעך זיין אַ גערעכטע פֿאַרטיילונג פֿון דירות פֿאַר דער גאַנצער באַפֿעלקערונג.

2) די שטאָט דאַרף אַלזייטיק פֿאַרזאָרגן די קינדער פֿון פֿאָלק. מיר וועלן דעריבער פֿאָדערן, אַז דער שטאָטראַט זאָל אָרגאַניזירן זויגלינגהיימען, קינדערהיימען און היימען פֿאַר קימפּעטאָרינס, אַז ער זאָל איינפֿירן אַן אָבליגאַטאָרישע און וועלטלעכע שולע פֿאַר אַלע קינדער אין עלטער פֿון זיבן ביז זעכצן יאָר. די שולע דאַרף זיין אַן איינהייטלעכע פֿאַר דער גאַנצער באַפֿעלקערונג און זי דאַרף זיך באַזונדער רעכענען מיט די נויטן פֿון אַרבעטער־קלאַס. מיר וועלן פֿאָדערן, אַז די שילער זאָלן פֿריי

באַקומען לערנביכער, מלבושים, וואַרעמע מאָלצייטן אאַז״וו די דערגענצונג צו דער פֿאָלקסשולע דאַרף ווערן די פֿאַכשולע.

3) די שטאָט מוז פֿירן איר ווירטשאַפֿט אין די אינטערעסן פֿון די אַרבעטנדיקע מאַסן. מיר וועלן דעריבער פֿאָדערן, אַז דער שטאָטראַט זאָל שאַפֿן היגיענישע לעבנס־באַדינגונגען אין שטאָט, אַז ער זאָל באַזירן די ווירטשאַפֿט אויף אַ ברייטער פֿאַרגעזעלשאַפֿטלעכונג פֿון די אינדוסטריעס, וואָס באַדינען די נויטן פֿון די שטאָט־איינוווינער. דער שטאָטראַט דאַרף פֿאַרזיכערן אַלע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע מיט אַרבעטס־באַדינגונגען, וואָס די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען וועלן באַשטימען. וואָס שייך די נייטיקע פֿינאַנצן, וועלן מיר פֿאָדערן, אַז דער שטאָטראַט זאָל שעפּן זיינע הכנסות אויסשליסלעך פֿון דירעקטע און פּראָגרעסיווע שטייערן פֿון דער הכנסה און קאַפּיטאַל פֿון די פֿאַרמעגלעכע קלאַסן. די הויך פֿון די שטייערן דאַרף זיין אָפּהענגיק פֿון די נויטן פֿון דער שטאָטישער ווירטשאַפֿט. די אַלע אויבן דערמאָנטע פֿאָדערונגען זיינען געמיינזאַם פֿאַרן גאַנצן לאָדזשער פּראָלעטאַריאַט, פּונקט ווי געמיינזאַם עס זיינען זייערע נויטן. אָבער עס איז פֿאַראַן נאָך איין זייט פֿון געזעלשאַפֿטלעכן לעבן, וואָס פֿאָדערט אַ ספּעציעלע אויפֿמערקזאַמקייט און ענערגיע מצד די אַרבעטער־פּאַרטייען. ביזן היינטיקן טאָג ווערט דער קאַמף פֿון יידישן פּראָלעטאַריאַט פֿאַר זיין פֿולשטענדיקער באַפֿרייאונג געשטערט און אָפּגעשוואַכט צוליב דער נויטווענדיקייט צו באַשיצן זיינע עלעמענטאַרסטע נאַציאָנאַלע רעכט. דעריבער וועט די פֿראַקציע פֿון „בונד” פֿאָדערן, אַז אין די שולן פֿאַר דער יידישער באַפֿעלקערונג דאַרף טאַקע דער לימוד פֿון דער פּוילישער שפּראַך זיין אָבליגאַטאָריש, אָבער אַלע אַנדערע לימודים דאַרפֿן פֿאָרקומען אין דער יידישער שפּראַך און אונטער דער אויפֿזיכט פֿון אויטאָנאָמע קערפּערשאַפֿטן, געוויילטע פֿון דער גאַנצער יידישער באַפֿעלקערונג. אין איינקלאַנג מיט אונדזער פּאָסטולאַט וועגן נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע וועלן מיר ווייטער פֿאָדערן, אַז די יידישע באַפֿעלקערונג זאָל באַקומען אַ מעגלעכקייט זיך צו ווענדן צו אַלע שטאָטישע אינסטיטוציעס אויף יידיש; אַז די אָפּֿיציעלע שטאָטישע פּובליקאַציעס, וואָס זיינען געווענדט צו דער גאַנצער באַפֿעלקערונג, זאָלן פֿאַרעפֿנטלעכט ווערן אויך אין דער יידישער שפּראַך, כדי אַלע זאָלן זיי באמת קענען פֿאַרשטיין. אַז ביים באַשטימען אַן אָבליגאַטאָרישן רוטאָג אין דער וואָך, זאָל די יידישע באַפֿעלקערונג האָבן דאָס רעכט אויסצוקלייבן צווישן שבת און זונטיק; אַז די יידישע באַפֿעלקערונג זאָל באמת זיין גלייכבאַרעכטיקט ביי די עפֿנטלעכע אַרבעטן, ביים אָננעמען שטאָטישע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע, אין דער באַציאונג פֿון דער

שטאַט צו געזעלשאַפֿטלעכע אָרגאַניזאַציעס — מיט איין וואָרט — אויף אַלע געביטן פֿון דער טעטיקייט פֿון שטאַטראַט.

נעמענדיק אין באַטראַכט, אַז יעטוועדע אָפּהענגיקייט פֿון דער טעטי־קייט פֿון שטאָטראַט פֿון די אַדמיניסטראַטיווע אָרגאַנען האַמעוועט די נאָרמאַלע אַנטוויקלונג פֿון דער דאָזיקער טעטיקייט, וועלן מיר שטרעבן, אַז די קאָמפּעטענץ פֿון שטאָטראַט זאָל ווערן וואָס מער אויסגעברייטערט און ער זאָל ווערן אומאָפּהענגיק פֿון דער רעגירונגס־ביוראָקראַטיע.

מיר מאַכן זיך נישט קיין אילוזיעס, אַז דער פּראָלעטאַריאַט וועט קענען דערגרייכן זיינע צילן נאָר אַ דאַנק זיין טעטיקייט אין שטאָטראַט. אונדזער כוח באַשטייט נישט אין דער צאָל שטימען אויף די זיצונגען פֿון שטאָט־ראַט, נאָר אין דער וואַקסנדיקער אַרבעטער־באַוועגונג, ווי פּוילישע און יידישע אַרבעטער מאַרשירן צוזאַמען אין ברידערלעכע רייען. די אָרגאַני־שע פֿאַראייניקונג מיט דער גאַנצער אַרבעטער־באַוועגונג, וועמענס קאַמף־אָרגאַניזאַציע עס זיינען די אַרבעטער־ראַטן — דאָס איז אונדזער מעכטיקס־טער וואָפֿן אינעם קאַמף פֿאַר אונדזערע פֿאָדערונגען אין שטאָטראַט. די־נען דער דאָזיקער באַוועגונג, אויסדריקן אירע שטרעבונגען, דאָס וועט זיין די אויפֿגאַבע פֿון אונדזער פֿראַקציע אין שטאָטראַט. מיר ווייסן, אַז די בורזשואַזע ריכטונגען, אָן אונטערשייד פֿון רעליגיע און נאַציאָנאַליטעט וועלן, מיטן פֿולן באַוווּסטזיין פֿון זייערע קלאַסן־אינטערעסן, זיך אַנטקעגנ־שטעלן מיטן גאַנצן כוח קעגן אונדזערע פֿאָדערונגען מיטן ציל צו קאָנטי־נואירן זייער פּאָליטיק רייכער צו מאַכן די רייכע און צו עקספּלאָאַטירן דאָס אַרבעטנדיקע פֿאָלק. מיר ווייסן, אַז די דאָזיקע ריכטונגען וועלן אויסנוצן פֿאַר די צילן פֿון זייער פּאָליטיק דעם דוחק איז קלאַסן־באַוווּסטזיין און די טאַקטישע וואַקלדיקייט פֿון געוויסע אַרבעטער־גרופּירונגען אין שטאָט־ראַט, כדי אָפּצוטיילן דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט פֿונעם פּוילישן. עס איז אָבער אונדזער טיפֿער גלויבן, אַז אין זיין טאָג־טעגלעכן באַפֿרייאונגס־קאַמף וועט דער פּוילישער פּראָלעטאַריאַט פֿאַרשטיין, אַז זיין איינציקער פֿאַרבינדעטער איז נאָר דער פֿולקאָם גלייכבאַרעכטיקטער יידישער פּראָלע־טאַריאַט.

מיטן גלייבן אין כוח פֿונעם קעמפֿנדיקן פּראָלעטאַריאַט וועלן מיר מאַרשירן אויף אונדזער וועג, דעם איינציקן, וואָס פֿירט קאָנסעקווענט צום ענדגילטיקן ציל — צו דער באַפֿרייאונג פֿון פּראָלעטאַריאַט און פֿון דער גאַנצער מענטשהייט צום סאָציאַליזם.

א. ליעסין

# ישראל ליכטנשטיין*)

מיטן טויט פון ישראל ליכטנשטיין, וואָס איז זייער אַ קראַנקער מענטש אוועק איבערן ים אין אַ שווערער שליחות פאַרן פוילישן „בונד", און איז געשטאָרבן אויף זיין פּאָסטן איז אוועק פון די יידישע סאָציאַליסטישע רייען איינער פון די באַליבטסטע שענסטע, איידלסטע פּאַרשטייער פון דער אַלטער גוואַרדיע פון „בונד".

דער חבר ליכטנשטיין איז געווען ניט נאָר אַ פּאַרטיי־טוער, נאָר אויך אַ שריפטשטעלער, (נאָך אין מאַרץ־נומער „צוקונפט" איז געדרוקט געווען אונטערן נאָמען „אַ פּוילישער" זיין פיינע אָפּהאַנדלונג וועגן די יידן אין פּוילן) און דער רעדאַקטאָר פון בונדישן אָרגאַן אין לאָדזש. דער שרייבער פון די צייל[ן] האָט אים אין רוסלאַנד ניט געקענט. מיר האָבן זיך צום ערשטן מאָל געטראָפן ערשט אין אַמעריקע. און שוין אין ערשטן אָוונט פון זיין באַזוך, האָט אַ ווייַ געטאָן מיטן שענסטן און בעסטן פון אַמאָליקן „בונד". אַזאַ באַדייטנדע פּערזענלעכקייט און אַזאַ שטילע צניעות. אַזאַ אָפּפערוויליקע, פּרוכטבאַרע דריי־און־דרייסיק־יאָריקע טעטיקייט און אַזוי ווייניק פּאָזע, און אַזאַ ברייטער וויסן, אַפילו יידישער וויסן (ער איז גוט באַקאַנט געווען אויך מיט דער אַלטער און מיט נייער העברעאישער ליטעראַטור), און אַזאַ פאַרשטענדעניש פאַר ליטעראַטור, וואָס מען טרעפט ניט געוויינלעך ביי רעוואָלוציאָנערע טוער; און דער הויפּט, אַזאַ טיפע ליבע און גרענעצלאָזע איבערגעגעבנהייט צו די יידישע פאָלקסמאַסן, צו זייערע טאָג־טעגלעכע אינטערעסן, צו זייערע קולטור־אינטערעסן, צו זייער שווערן קאַמף. אַ רעוואָלוציאָנערער פאָלקיסט אין שענסטן זין, וואָס איז צענדליקע יאָרן געגאַנגען צווישן די יידיש פאָלקסמאַסן מיטן פולן קאָרב זריעה ווי דער פּאָעט שילדערט, און האָט געזייט און געזייט.

„זייט דאָס קלוגע, דאָס גוטע, דאָס אייביקע".

---

*) „די צוקונפט", ניו־יאָרק, מאַי 1933.

און עס ברעכט דאָס האַרץ אויף זיין טראַגישן גורל, אויפֿן פּיינעם, איידעלן מענטשן, וואָס איז אין די רעכטע בליענדע יאָרן, רעכטן מיטן פֿון זיין וויכטיקער טעטיקייט, אויף פֿרעמדער ערד, נאָך אַזוי פֿיל יסורים, אוועקגענומען געוואָרן פֿון אונדז.

י. י. טרונק

# ישראל ליכטנשטיין

אַלע קעגנער וואַרפֿן דעם „בונד" פֿאַר ענגהאַרציקייט. דער „בונד" קאָן נישט אַרויס פֿון זיינע בונדישע ד' אמות.

ווייל אין דער יידישער געזעלשאַפֿטלעכקייט איז דאָ אַזוי ווייניק כאַראַק־טער, דעריבער קאָן די יידישע געזעלשאַפֿטלעכקייט אַזוי שווער באַנעמען די גרעסטע מעלה פֿון „בונד" — זיין כאַראַקטער.

בונדיזם איז כאַראַקטער.

כאַראַקטער איז וועלט־אָנשויאונג.

פֿאַר אַ וועלט־אָנשויאונגס־געפֿיל איז די וועלט נישט קיין צופֿאַל, קיין קאַפּריז, קיין אויסערלעכקייט.

דאָס געפֿיל פֿון וועלט־אָנשויאונג וויל זען די וועלט פֿון איר כאַ־ראַקטער אַרויס.

„בונד" איז נישט קיין סטאַדע, קיין צוזאַמענגעלאָף. די, וואָס זאַמלען זיך אונטער די פֿאָנען פֿון „בונד", קומען נישט צופֿעליק.

„בונד" איז לעבנסשול, „בונד" איז דערציאונג.

צום „בונד" מוז מען זיין נישט בלויז פּראָגראַמאַטיש דיספּאָנירט. ס'איז נישט גענוג, אַז מען איז מסכים מיטן „בונד". מען מוז זיין פּסי־כיש דיספּאָנירט צו זיין אַ בונדיסט, ווייל „בונד" איז כאַראַקטער, דעריבער, ווען עס בושעוועט אַרום אים, שטייט דער „בונד" פֿעסט, ביי אַלע זיינע אַנטוישונגען, אַנטוישט זיך נישט דער „בונד".



פֿון זיך אַליין אַרויס, פֿון זיין לעבנס־עלעמענט דערציט דער „בונד" זיינע גייסטיקע פֿירער.

קיינער פֿון די פֿירער איז נישט געקומען צו באַשענקען דעם „בונד", קיינער איז נישט געקומען דעם „בונד" עפּעס געבן. אַלע זיינען זיי באַ־

שאַנקען און באַרייכערט געוואָרן פֿון „בונד". אַלע האָבן זיי גענומען פֿון אים, זיך דערצויגן אין אים.

„בונד", דאָס איז, די צו שעפֿערישקייט דערוואַכטע יידישע מאַסע. דאָס איז גלויבן אין זיך. נאָר מיט דעם דאָזיקן שיקזאַלפֿולן גלויבן אין זיך טרעט דער נייער יידישער מענטש, דער יידישער סאָציאַליסט ארויס אויף דער בינע פֿון דער וועלט.

נאָר די, וואָס גלייבן אין זייער שעפֿערישקייט — בויען.
די אייביק־פֿאַרפֿאָלגטע פֿון דער וועלט ווילן בויען די וועלט.

⁂

נאַכט איז אַרום אונדז און פֿינצטער. ווו איז דער וועג, די ליכטיקע מענטשלעכע פּערזענלעכקייטן באַלויכטן די פֿינצטערנישן. זיי רופֿן אונדז צו, זיי הייסן אונדז גלייבן. ווײַלטועגדיק איז דער גלויבן אינעם מענטש. דורך דעם ליכטיקן אינעם מענטש זעען מיר דורך אַלע פֿינצטערנישן דעם גלויבן און די האָפֿענונג.

ישראל ליכטנשטיין איז געווען איינע פֿון די ליכטיקע פּערזענלעכקייטן, וואָס דער „בונד" האָט דערצויגן. שווער אָפּצושיידן ליכטנשטיינען פֿון „בונד". פֿאָלקסטימלעכע פּשטות, צדקותדיקע גוטסקייט, ברייטהאַרציקייט, און — אומבּרחמנותדיקע עקשנות פֿון כאַראַקטער. אַזוי וויל זען דער „בונד" דעם נייעם יידישן מענטש, דעם יידישן סאָציאַליסט.

דער, וואָס האָט געקאָנט ליכטנשטיינען, איז פֿעסטער געוואָרן אין זיין גלויבן אין „בונד".

ערע ליכטנשטיינס אָנדענק!

יעקב פּאַט

# אויף ליכטנשטיינס שפּורן

לאָנדאָן, בריסל, אַנטווערפּן, אַמסטערדאַם, פּאַריז, קאָפּענהאַגן — דאָס זיינען די סטאַציעס פון ליכטנשטיינס פּאַריאַריקן מאַרשרוט און איך האָב דאָ אומעטום געפונען זיינע וואַרעמע שפּורן. מען האָט דאָ אומעטום גערעדט וועגן אים, דערציילט וועגן אים מיט אַ ליכטיקייט אין די אויגן:

— אַ, חבר ליכטנשטיין...

מען האָט מיר דאָ דערציילט און איבערדערציילט שטיקלעך פון זיינע רעדעס, פראַגמענטן פון שטימונגען אין זאַל, בעת ער האָט גערעדט, זיינע גלייכווערטלעך און באַזונדער — זיין פּשטות, זיין גוואַלדיקע זאָרג און איבערגעבנקייט צום „בונד״, מיט וועלכער ער האָט דאָ אַלעמען אָנגעשטעקט.

איך בין געווען פיר וואָכן אין לאָנדאָן און אַלע טאָג האָב איך געהערט וועגן ליכטנשטיינען. ער האָט נישט נאָר דערציילט, נישט נאָר אויפגעקלערט — דערציילט מען מיר — נאָר ער האָט געפּאָדערט, ער האָט גערעדט מיט דער פעסטקייט פון „בונד״, און עס איז געווען אַזוי גוט אָט פון דער גבורה פון „בונד״, וואָס ליכטנשטיין האָט צו אונדז אַראָפּגעבראַכט:

— דער „בונד״ הייסט!...

די גאַנצע צייט, וואָס ליכטנשטיין איז געווען אין לאָנדאָן, זיינען געווען קאַלטע, נאַסע וועטערן, עס האָט אָפּט גערעגנט, ליכטנשטיין איז תמיד שוואַך געווען, אָפט זיך שטאַרק צעהוסט, אָבער אָפּגעהוסט, אָפּגעווישט דעם שווייס פון שטערן, אַ פייערל האָט זיך ווידער אָנגעצונדן אין די אויגן, און — מען האָט געדאַרפט רעמאָנטירן אונדזער בונדישע קינדערשול אין לאָדזש, און עס איז קיין גראָשן נישט געווען, זיינען געקומען פיר חברים מאַלערס אין זייער שבתדיקן רוטאָג און מסיים געווען אַ בונדישע מצוה — אויסקאַלכן און אויסמאָלן די בונדישע שול... — האָט ער ווידער דער־ציילט און אָפּגעגעבן גרוסן פון „בונד״ צו די לאָנדאָנער יידישע אַרבעטער.

אַ לאָנדאָנער חבר דערציילט מיר אַזוי:

— דוכט זיך אַזוי, אַז מען קוקט אים אָן, איז דאָס אַ שוואַך מענטשל, אַ קראַנקער, קיין זאַך עסט ער נישט, הוסט, אָבער אָט דערציילט ער אונדז

װעגן אַן אַרבעטער־דעמאָנסטראַציע אין פּױלן, װעגן פּױלישע און ייִדישע אַרבעטער, װעגן „בונד", װעגן „בונדס" פֿאָן, און עפּעס איז ער פּלוצלונג געװאָרן אַ גבור.

איך האָב אין לאָנדאָן אַזױ געהערט רעדן:

— מיר האָבן געהערט און געקענט דעם אַלטן דור פֿון „בונד". ליכטנ־שטײנען האָבן מיר נישט געקענט. מען האָט צו אונדז געשריבן, אַז עס קומט צו אונדז אַ שליח פֿון „בונד" ליכטנשטײן, האָב איך געטראַכט — װי אַזױ זײנען זײ אָט די איצטיקע בונדישע פֿירער? — איך האָב עפּעס מורא געהאַט, אַז אַ חלום, װאָס איך האָב מיטגענומען מיט צענדליקער יאָרן צוריק, זאָל נישט צערונען װערן. װי נאָר מיר האָבן אים צום ערשטן מאָל געזען, װי נאָר ער איז צום ערשטן מאָל געװען צװישן אונדז און מיר האָבן פֿון אים געהערט דעם גרוס פֿון „בונד", האָב איך װידער געזען מײן חלום: יאָ, אָט אַזױ איז עס!.. אָט אַזױ איז דער „בונד"!...

איך האָב געהערט װעגן זײנע פֿאַרזאַמלונגען, װעגן זײנע באַגעגענישן מיט מענטשן. און מען דערצײלט מיר:

— אײן מאָל אױף אַ צונױפֿקום זײנען געקומען געציילטע מענטשן. מען האָט זיך געשושקעט, צי מען זאָל נישט אָפּלײגן די פֿאַרזאַמלונג. האָט ליכטנ־שטײן געזאָגט:

— און אַז עס איז װײניק מענטשן — איז װאָס? — און אַז עס זײנען אַפֿילו צװײ — דרײ מענטשן — איז װאָס — עס איז דאָך אַ בונדישע מצװה צו דערפֿרײען אַפֿילו אײן אײנציקן בונדיסט, װאָס איז פֿאַרװאָלגערט אין דער פֿרעמד און חלומט צענדליקער יאָרן װעגן זײן מאַמען — װעגן „בונד"!....

בריסעלער בונדיסטן קאָנען ליכטנשטײנען נישט פֿאַרגעסן. מער װי אַ חודש צײט איז ער געװען מיט דער שליחות פֿון „בונד" אין בריסל און, װי די חברים דערצײלן, איז דאָס געװען אַ חודש פֿון יום־טוב. די בונדיסטן פֿון בריסל זײנען נאָך ייִנגערע בונדיסטן. די אימיגראַציע איז אַ יונגע. מערסטן טײל זײנען עס בונדיסטן, װאָס אָט נעכטן, פֿאַר אַ יאָרן, פֿאַר דרײ יאָרן האָבן זײ ליכטנשטײנען געהערט פֿון דער טריבונע אין פּױלן, געװען מיט אים אױף פֿאַרזאַמלונגען, אױף זיצונגען. אַ סך זײנען דאָ לאָדזשער בונדיסטן. און עס האָט זיך געשאַפֿן אַזאַ בונדישע ליכטנשטײן־שטימונג, װאָס די חברים קאָנען נישט פֿאַרגעסן.

— פֿריער האָט ער זיך אױף אונדז געבײזערט — דערצײלט מען מיר אין בריסל — ס'טײטש און ס'טײטש און װי אַזױ... — ער האָט געמײנט, אַז מיר זײנען געװאָרן קאַלטע בונדיסטן. אָבער — באַלד האָט זיך די פֿאַרזאַמלונג צעװאַרעמט, באַלד האָט זיך אַ װיג געטאָן אונדזער בונדישע

התלחבות און ליכטנשטיין האָט נאָך אַ מאָל דאָס וואָרט גענומען, און עס האָט זיך געטאָן אַ צינד אָן אַ פֿלאַם, וואָס האָט אונדז אַלעמען אָנגעצונדן...

מען האָט מיר דאָ דערציילט, ווי אַזוי מען האָט זיך געזעגנט מיט אים. חברים האָבן אַרויסגעוויזן רירנדיקע דאַנקבאַרקייט און איבערגעבנקייט. ער האָט געוווינט אין אַ שטיבל איבערן פּאַרטייקלוב. זיין שטיבל איז פֿול געוואָרן מיט באַשיידענע מתנות פֿון חברים און חברטעס. ער האָט געשריען, זיך געוועהרט קעגן דער כוואַליע פֿון אויסדרוקן פֿון פּערזענלעכער דאַנקבאַרקייט. עס האָט אים אָבער גאָרנישט געהאָלפֿן. צו שטאַרק איז געווען דער שטראָם פֿון בונדישער ליבע, וואָס האָט געשטראָמט אין זיין קעמערל פֿון די בריסעלער בונדיסטן.

מען האָט געמאַכט אַ בונדישע ליאַמע. ליכטנשטיין איז געווען זייער גערירט. ער האָט זיך צעוואָרעמט און אָנגעהויבן רעדן וועגן „בונד".

— איך האָב געהערט ליכטנשטיינען רעדן סיי אין פּוילן, סיי אין בריסל, סיי אין אַנטווערפּן — דערציילט מיר דער חבר הערץ פֿון אַנטווערפּן — אָבער אַזוי ווי ער האָט גערעדט אויף דער בריסעלער ליאַמע, צו וועלכער איך בין געקומען פֿון אַנטווערפּן, האָב איך אים נאָך נישט געהערט רעדן!... דאָס וועל איך קיין מאָל נישט פֿאַרגעסן!...

און פּלוצלונג האָבן די הייסע בונדיסטן אים אַ נעם געטאָן אויף די הענט און אַ טראָג געטאָן אין דער לופֿטן און אַוועק מיט אים אַ טאַנץ.

— חברים!... — האָט ער געשריען — ראַטעוועט!... האָט רחמנות אויף אויף אַ בונדיסט!... פֿון דעם ליכטנשטיין קאָן בלייבן בלויז אַ שטיין!...

ענלעכס האָב איך געהערט אין אַמסטערדאַם. די חברים האָבן אים אַרומגערינגלט מיט אַזוי פֿיל ליבע און איבערגעבנקייט, אים ממש אויף די הענט געטראָגן, אַזוי — אַז עס איז אים שוין געווען צו פֿיל, צו גוט. די חברטע ראָזשיקאָווסקאַ דערציילט מיר:

— מיר האָבן באַגלייט ליכטנשטיינען צו דער באַן. ער האָט זיך געפֿרייט, וואָס ער איז שוין פֿריי פֿון אונדזער זאָרג פֿאַר אים, פֿון אונדזערע מאכלים פֿרוכטן, דאַנקבאַרקייטן, און ער האָט זיך מיט אונדז געזעגנט פֿון וואַגאָן־פֿענצטערל:

— פֿריי!... פֿריי!... זאָל לעבן די פֿרייהייט!...

ער האָט זיך פֿיל מאָל געפֿילט שטאַרק אָפּגעשוואַכט, געווען נישט־געזונט, גאַנצע טעג כמעט גאָרנישט געגעסן, פֿיל גערייכערט, געהוסט.

דער חבר ראַץ אין קאָפּענהאַגן דערציילט מיר אַזוי:

— חבר ליכטנשטיין האָט גערעדט. ער האָט גערעדט זייער הייס, מיטן גאַנצן האַרצן. פּשוט אַרויסגערעדט דאָס האַרץ. פּלוצלונג האָט ער געזאָגט, אַז ער מוז מאַכן אַ קליינע הפסקה. ער איז געווען זייער בלייך. איך האָב זיך

זייער דערשראָקן. „אפשר דארפֿט איר וואסער?" — „ניין, ניין — גאָרנישט...
— האָט ער געזאָגט, איך וויל נאָר א פאפּיראָס, רייכערן, רייכערן...

ער האָט זיך אָפּגערוט, געררייכערט, געשלונגען א פּאָר טראָפּן וואסער און
— שוין, ער איז ווידער ליכטנשטיין, ער האָט ווייטער גערעדט וועגן „בונד".

⁂

מיט צוויי טעג צוריק האָט ח' קארטאזשינסקי אין קאָפּענהאגן געעפֿנט
אונדזער פֿארזאמלונג מיט אזעלכע ווערטער: — עס איז פּונקט א יאָר,
ווי פֿון דער טריבונע האָט גערעדט פֿאר אונדז דער שליח פֿון „בונד", ח'
ישראל ליכטנשטיין. מיר געדענקען נאָך אלע, אסוראט ווי דאָס וואָלט נעכטן
זיין, אָט דעם ווונדערבארן מענטשן, וואָס האָט אריבערגעבראכט אהער
צו אונדז דעם גרוס פֿון „בונד". עס איז געווען א פֿלאמיקער גרוס. ער
האָט אונדז אויך מיטגעבראכט זיין באגייסטערונג, זיין הארץ. אָט דאָס
הארץ האָט שוין געפּלאצט. ח' ליכטנשטיין לעבט שוין נישט מער, ער איז
געשטאָרבן ביים מזבח פֿון „בונד"!...
— אך!... — האָבן איינציקע מענטשן אינסטינקטיוו א געשריי געטאָן
אין זאל — א געשריי פֿון הארץ ארויס אך!... א!...
די פּאָר ווערטער פֿון ח' קארטאזשינסקי האָבן געווירקט אין זאל, ווי
אן אומגעריכטער אויפֿרייס. ישראל ליכטנשטיין איז געשטאָרבן!...
לאנגע מינוטן זיינען געשטאנען די פֿארזאמלטע און באערט ליכטנשטיינס
אָנדענק.

דוד איינהארן

# דאָס געליטערטע ליכט

אַמבעסטן וואָלט געווען שווייגן.

צומאַכן די לאָדנס, אויסלעשן די ליכט און דאַן, אין דער פֿינצטערניש, אַרויסבאַשווערן פֿון זכרון די ליכטיקע קאָנטורן פֿון פֿאַרשטאָרבענעם.

די סודותדיקע, אומזיכבערע שטראַלן, וואָס קאָנען דורכבויערן די גרעסטע פּאַנצערס און אַריינדרינגען אין די פֿאַרשלאָסענע הערצער.

און דאַן, מיט צוגעמאַכטע אויגן זיך לאָזן דורכלויכטן פֿון זיין ליכט און אויפֿהעלן אין זיך דעם שוואַרצסטן ייִאוש דעם אייזקאַלטן צווייפֿל, דעם פֿעלדזן־שווערן טרויער און דורך די גראָבע שיכטן פֿון אַלטעגלעכן גאַסנשטויב, מענטשלעכן בלינדן עגאָאיזם, בייזקייט, האַס און אומצוטרוי, וואָס דעקן היינט צו טאָג צו די מענטשן, דערזען אין זיי דעם אייביקן ריינעם קערן, דאָס געליטערטע ליכט, ווי ער האָט דאָס געקאָנט זען.

⁂

וויפֿל זיינען ביי אונדז אַזעלכע ווי ליכטנשטיין געבליבן, וואָס האָבן געקאָנט אין אונדזער פֿינצטערער צייט אַרומגיין מיט אַן אָפֿן האַרץ און לאָזן פֿריי ברענען יענעם פֿאַרבאָרגענעם פֿלאַם פֿון מענטשלעכער ליבע, נישט מורא האָבנדיק אַז דער זאַמדשטורעם פֿון אַלטאָג זאָל אים נישט פֿאַרשיטן און פֿאַרלעשן.

⁂

העלדן, פֿירער, שטורמער, ברעכער, דיקטאַטאָרן, מאַסן־באַצווינגער, פֿול מיט ברוטאַלער פֿאַראַכטונג צום מענטשן און נידעריקע גאווה פֿון זיך.

צו די, וואָס מיינען, אַז זיי בויען נייע וועלטן, צו די, וואָס שטוקעווען צונויף אַלטע וועלטן. שנאה בלוט, אייזן פֿייער. טרערן און ציין־קריצעניש. ווער וואָלט שוין היינט געגלויבט אין מענטשן?

ווער וואָלט שוין היינט געאַכטעט די אידעע, ווער וואָלט שוין היינט בכלל געהאָפּט אויף דער צוקונפט, ווען אַזעלכע ליכטנשטיינס וואָלטן נישט געוואַנדערט צווישן אונדז?

⁂

אין דעם טיפן חושך שטראַלן די קאָנטורן. איך זע זיי דורך די פאַר־מאַכטע אויגן. לייכטע ווייסע ליכטוועלן ציטערן דורך דער לופט. זיי צעשפּרייטן זיך אין קרייזן, דרינגען דורך די שטיינערנע ווענט און בילדן אַ ליכטיקן רינג אַרום דער ערד.

— ליכטנשטיין, איז נאָך דאָ אַ האָפענונג?

— אוודאי, געוויס, אַ גרויסע האָפענונג.

— און די מענטשן?

— איר זעט זיי נישט, גייט אַראָפּ אין „באַלוט", אין די פאַרחושכטע לעכער, ווו מענטשן ווערן געשוואָלן פון הונגער, ווו די בייטש פון נויט פייפט אין דער לופט, ווו דער ייאוש, דוכט זיך, האָט אויסגעלאָשן אַלע ליכט און דאָרט וועט איר זען אויסגעלייטערטע מענטשן און אָפענע הער־צער, און אַ גרויסן גלויבן אין דער צוקונפט, און אייער צווייפל וועט צע־רינען ווי אַ נעפּל.

— דאָס האָט איר דאָך אויפגעהאַלטן דעם גלויבן, דאָס האָט איר דאָך געעפנט די הערצער.

— ניין, דאָס האָבן זיי מיך פאַר אַזאַ געמאַכט.

— אָבער דעם וועג אהין?

— בלויז דער ערשטער טריט איז שווער. נאָך דעם גייט מען צוזאַמען מיט אַ סך און מען פילט נישט דעם וועג. איר קאָנט דעם אַלטן יידישן וועבער אין לאָדזש מיט דעם גרויען בערדל מיט אַזעלכע ווי ער מערקט מען נישט, ווי עס גייט זיך, און אַזעלכע קען מען געפינען מחנות. מ׳דאַרף נאָר האָבן דעם שליסל.

— צו זיי?

— ניין, צו זיך אַליין. זיך אַליין אָפּצושליסן און עפענען.

— און פאַר וואָס פאָרט איר אהין? איר זענט קראַנק, שוואַך, איר ברויכט רו און דאָרט איז אַזוי קאַלט!

— וואָס איז רו, ווען די פליכט רופט און די נויט צוויגט. איר ווייסט דען, וואָס ביי אונדז טוט זיך?

— און טאָמער?

— ווער טראַכט פון דעם, ווען דאָס לעבן באַפעלט.

און די וועלן ציטערן און שפּרייטן זיך און נעמען אַרום די גאַנצע וועלט. דורך די פֿינגער אויפֿן פּנים רינען די טרערן און עס ווערט אַזוי ליכט, ליכט אויפֿן האַרצן. דער צווייפֿל צערינט, די נאַכט ווערט העל און דער טרויער ווערט ליכט ווי אַ פֿעדער און פֿאַרוואַנדלט אין אַ טיפֿער ליבע פֿון איינעם צו אַלעמען. די פֿעלדזן־שווערקייט ווערט צעטיילט אויף טויזנטער הערצער. און אַ צאַרטע האַנט לייגט זיך אויפֿן האַרצן און רעגולירט דאָס פֿאַרקראַמפּטע אָטעמען.

און מיר דוכט זיך: איך בין אַ שטום יינגל און ער לערנט מיך רעדן. איך געדענק אַזאַ קליינע סצענע. אָט שטייט דאָס שטומע יינגל איינגעגעסן מיט די אויגן אין זיינע אויגן. ליבע און צוטרוי אין מענטשלעכע וואַרעמקייט שטראָמט אַהין און צוריק פֿון בליק צו בליק. און זיין האַנט ליגט אויפֿן שטומען יינגלס ברוסט. און מען פֿילט, ווי יעדער ווייכער ציטער פֿון די פֿינגער לייזט אויף דעם אינערלעכן קראַמף אין דער שטומער ברוסט. און פּלוצלונג, אַנשטאָט חיהשע ברומען, שווימט אַרויס פֿון יינגלס מויל אַ ווייכע, האַרציקע, קלאָרע מענטשלעכע שטים.

וויפֿל הענט אַזעלכע ברויך די שטומע, דערוואָרגענע וועלט איצט?

און איצט ליגט די האַנט פֿאַרגליווערט און דער בליק איז אויסגעלאָשן.
און דאָך — ליכט. בלויז די דערינערונג, די אייביקע שיין, און דאָס האַרץ אָטעמט אויף.

ניין, אַזעלכע מענטשן שטאַרבן נישט, זייער תחית המתים, קומט פֿאַר אין יעדן פֿון אונדז, וואָס האָט זיין בילד באַגראָבן אין האַרצן.

ליכטנשטיין....

ישעיהו שפיגל

# די שטוב פון ישראל ליכטנשטיין*)

(א ביגטל זכרונות צו זיין 25סטער יאָרצייט)

זעלטן ווען אַ יידישע שטוב זאָל אין זיך קאָנצענטרירן אַזוי פיל פאַרשיי־דענע ווועלטן און אַזוי פיל ווערטן, ווי דאָס איז געווען די שטוב פון ישראל ליכטנשטיין, — ווי איך האָב זי געקענט אין די צוואַנציקער יאָרן. געוויינט־לעך איז אין יעדער שטוב פאַראַן אַ צענטראַל־פיגור, אַרום וועלכער עס וויקלט זיך דאָס שיינע, דאָס דערהויבענע פון דער משפחה. אָבער איך מוז זאָגן, אַז אין יענע יאָרן, וואָס דאָס זיינען געווען פאַר מיר די יאָרן פון שטעלן די ערשטע טריט אין דער יידישער ליטעראַטור — האָב איך קוים געקענט אָפּטיילן — פון דער דאָזיקער צענטראַלקייט — די מענטשן, וואָס האָבן געלעבט און געלויכטן אין דער דאָזיקער שטוב. ווייל סיי פון אים אַליין, פון ישראל ליכטנשטיין, סיי פון זיין פרוי, דעם זעלטענעם מענטשן גוטע, סיי פון זיינע צוויי זין ראַפאַל און אַלעש, דעמאָלט נאָך יונגטלעכע, — פון אַלע זיי האָט געווייעט אַ זעלטענע מענטשן־ליבע, אַ זעלישע שיינ־קייט, וואָס האָט באַווירקט די איינגייער, די נאָענטע, די חברים און די געסט. אויב איך וואָלט געדאַרפט פאַרגלייכן צו עפּעס די שטוב, וואָלט איך געזאָגט: דאָס איז געווען אַ לויכטנדיקע שטערן־גרופּע אויפן פירמאַמענט, וואָס יעדער קערפּער איז איינגעשלאָסן אין זיין אייגענעם ליכטקרייז, אָבער אַלע קרייזן זיי אַרום דעם איינציקן זונקערפּער און פון אים באַקומען זיי זייער פייער, ליכט און לעבן.

איך וועל פרווון דאָ אָנוואַרפן עפּעס פון דער אַטמאָספער פון יענער שטוב אין יענער תקופה, אויף וויפל דאָס לאָזט זיך טאָן אין אַ קליינער ראַם פון זכרונות. דורך דער פריזמע פון יאָרן, וואָס דערווייטערן אונדז אַלץ מער פון יענעם לעבן, איז פאַרשטענדלעך, אַז יעטוועדע דערינערונג מוז זיין אַ

---

*) „לעבנס־פראַגן", תל־אביב, יולי 1958.

רייִן־סוביעקטיווע. איך וועל זיך נישט אָפּשטעלן דאָ אויף ישראל ליכטנ־שטיין ווי אויף אַ פּאַרטיי־פֿירער, נאָר בעיקר ווי אויף אַ מענטש פֿון גייסט, אַ קולטור־פֿלאַנצער, ווי אויף איינעם, פֿאַר וועמען יידישע ליטעראַטור, יידיש שאַפֿן, יידישע גייסטיקייט זיינען געווען אומאויסשעפּלעכע קוואַלן פֿאַר זיין דענקען און ווירקן, פֿאַר זיין טעגלעכער אַרבעט, פֿאַר זיין פּאַרטיי און אירע אידעאַלן. ער האָט אַליין געטרונקען פֿון די גרויסע קוואַלן, כּדי שפּעטער די שענסטע ווערטן פֿון הומאַניזם און מענטשלעכע חלומות אַריבערצוטראָגן צו אַלע דורשטיקע און געקריוודעטע, צו אַלע ליידנדיקע — אין די רייען פֿון יידישן אַרבעטער־קלאַס.

ס'איז אַזוי געשען, אַז די שטוב פֿון ישראל ליכטנשטיין איז אין די צוואַנציקער יאָרן געווען נישט בלויז די שטוב פֿון אַ באַדייטנדיקן פּאַרטיי־פֿירער. די שטוב אויף אַליע פּיערוושענאַ מאַיאַ אין לאָדזש איז אויך געווען , אין אַ געוויסן זין, אַ שטילער, פֿאַרמאַכטער קולטור־און ליטעראַ־טור־טעמפּל. גראָד ווי אַ צווייטע שטוב פֿון דער דאָזיקער שטאָט — די שטוב פֿון יצחק קאַצענעלסאָן — איז אויך די שטוב פֿון די ליכטנשטיינס געווען תּמיד איבערפֿולט מיט פּראָבלעמען פֿון ליטעראַטור, קונסט און קולטור. דער אַמאָליקער האַרעפּאַשנער בעקער־אַרבעטער האָט פֿאַרמאָגט אַ זעלטן פֿילבאַר האַרץ פֿאַר אַלע קולטור־געשעענישן אין דעמאָלטיקן לעבן. ער איז געווען נישט בלויז אַ פֿלאַמיקער חסיד פֿון פּרץ, שלום־עליכם און אַש, נאָר ער האָט אויך פּרצעס אידעען אַריבערגעטראָגן אין די טרויעריקע וועבערשטובן אויף באַלוט און דאָרט, אין די הערצער פֿונעם פֿאַרשטויסע־נעם און געקריוודעטן אַרבעטער, אויסגעשלאָגן די וואַרעמסטע פֿונקען פֿון גלויבן און קאַמף פֿאַר אַ בעסער און גערעכט לעבן. ווי אַן אויטאָדידאַקט האָט ער פֿאַרמאָגט אַן אומגעפּלעשטע און אומגעשטילטע ליבשאַפֿט פֿאַר וויסן און גייסטיקייט. ער איז געווען נשמהדיק־נאָענט צו יידישע שרייבער און צו זיי געטראָגן מוט און דערמונטערונג. ווער עס האָט געהערט ליכטנ־שטיינען רעדן וועגן ליטעראַטור, דער האָט געפֿילט, אַז פֿאַר אים שטייט נישט בלויז אַ פּאַרטיי־פֿירער, נאָר דווקא אַזאַ פֿאָלקסטריבון, וועלכער ווייסט ווי אַזוי אויפֿצולויכטן די פֿאַרבאָרגנסטע שיינקייטן פֿון דער פֿאָלקס־נשמה. דעריבער איז ערשט היינט פֿאַר מיר פֿאַרשטענדלעך די זעלטענע הברשאַפֿט און פֿריינדשאַפֿט, וואָס האָט געהערשט צווישן דעם בונדיסט ישראל ליכטנ־שטיין און דעם ציוניסטישן פּאָעט קאַצענעלסאָן. נישט איין מאָל האָב איך באַגעגנט יצחק קאַצענעלסאָן ביים שבתדיקן פֿרייטיקטיש פֿון די ליכטנ־שטיינס, וווּהין ס'איז אויך געקומען פֿון וואַרשע דער שרייבער י. י. טרונק, וועלכער האָט מיך אַריינגעפֿירט אינעם הויז פֿון די ליכטנשטיינס. און הגם אויפֿן פֿרייטיקטיש האָבן דעמאָלט נישט געברענט די שבתדיקע ליכט האָט

מען אָבער געפֿילט, אַז די זיצנדיקע ביים טיש זיינען אַליין די פֿלאַקערדיקע, שיינע יידישע ליכט, וואָל לויכטן מיט דערהויבנקייט און גייסטיקייט.

דערמאָנט זיך מיר אַ קליינער, זייער כאַראַקטעריסטישער עפּיזאָד פֿון יענע יאָרן.

אין איינעם אַזאַ פֿרייטיק־צו־נאַכטס זיצן ביים טיש, אַ חוץ דער משפּחה ליכטנשטיין, אויך יצחק קאַצענעלסאָן, י. י. טרונק און איך. זייער עלטסטער זון ראַפֿאַל (שפּעטער געשריבן אונטערן פּסעוודאָנים ראַפֿאַל לען), אַ שרייבער־אָנהייבער אין דער פּוילישער ליטעראַטור — לייענט אַ פֿראַגמענט פֿון אַ דערציילונג, פֿאַרשטייט זיך אין פּויליש. נאָכן פֿאָרלייענען, ווענדט זיך יצחק קאַצענעלסאָן צו ראַפֿאַלן:

זאָג מיר, ראַפֿאַל, פֿאַר וואָס שרייבסטו נישט אין יידיש, האַ?

ראַפֿאַל לאָזט אַראָפּ אַ ביסל פֿאַרשעמט זיין קאָפּ אויפֿן טיש, בעת זיינע אויגן, גרויסע און לויכטנדיקע, גלאַנצן מיט אַ פֿאַרבאַהאַלטענעם טרויער. אָבער דאָ קומט אים צו הילף די מאַמע.

און אַז ער שרייבט פּויליש איז עס נישט יידיש? ער וועט נאָך שרייבן יידיש אויך... ער וועט אַריבערגיין צו יידיש...

דער דאָזיקער שמועס איז מיר געבליבן אין זכרון דערפֿאַר, וואָס אויך איך האָב דעמאָלט גערעדט עפּעס לייענען ביים טיש. אַזוי אָבער ווי ס'איז שוין געוואָרן שפּעט — האָב איך נישט געלייענט. דאָס האָט געזאָלט זיין אַ דערציילונג, וואָס האָט גערעדט דורך ליכטנשטיינען ווערן אָנגענומען געדרוקט צו ווערן אינעם „וועקער", וואָס איז דעמאָלט דערשינען אין לאָדזש. ביים געזעגנען האָט מיר ליכטנשטיין דערלאַנגט אַ פֿאַרמאַכטן קאָנווערט צום פֿאַרוואַלטער פֿון דער צייטונג, חבר זילבערבערג. איך האָב נישט געקענט דעם אינהאַלט פֿונעם בריוו, איך האָב זיך אָבער משער געווען, אַז דאָס האָט אַ שייכות מיט מיין דערציילונג, וואָס איך דאַרף אים איבערגעבן פֿאַר דער צייטונג.

ווען איך האָב צו מאָרגנס איבערגעגעבן דעם בריוו — בין איך נשתומם געוואָרן: זילבערבערג האָט מיר אויסגעצאָלט אויף דער האַנט אַזאַ סומע, וואָס האָט געקלעקט צו קויפֿן אַ גאַנצן אָנצוג... אויף מיין שאלה: איר האָט דאָך נאָך נישט אָפּגעדרוקט די אַרבעט — צאָלט איר מיר שוין האָנאָראַר? — האָט ער געענטפֿערט:

— יאָ געדרוקט, נישט געדרוקט, אָבער דערווייל זענט איר דאָך שוין געדריקט!....

שפּעטער בין איך געוויר געוואָרן, אַז דאָס זיינען געווען ליכטנשטיינס ווערטער אינעם בריוועלע, וואָס איך האָב געטראָגן צו זילבערבערגן. דאָס

איז געווען דער האָנאָראַר „עד־לחשבון״.. פאַר מיינס אַ קורצער דערציילונג..

ישראל ליכטנשטיין איז געווען אַ בקי אין פיל ליטעראַטורן. ער האָט געהאַט פּיעטעט פאַר גייסט און הויך געשעצט שעפערישע מענטשן. פון אים האָט געשטראַלט מיט ערלעכן, לויטערן הומאַניזם. אָבער זיין טיפּס־טע לעבנסזאָרג איז געווען דער גורל פונעם אַרבעטער. צו אים איז ער געקומען אַ באַפליגלטער מיט די שענסטע אידעען פון פּראָגרעס און סאָציאַ־ליזם. און דער יידישער פּראָלעטאַריער, דער בונדישער אַרבעטער, איז מיט גרויס צוטרוי אים נאָכגעגאַנגען, נאָכגעגאַנגען ביזן לעצטן הויך פון י. ליכטנשטיינס שיין, מסירת־נפשדיק לעבן.

און אויב ס׳איז נישט מקוים געוואָרן דאָס וואָרט פון ראַפאַלס מוטער, אַז דער זון וועט נאָך צוריקקומען צו יידיש, איז אָבער ראַפאַלס גורל געווען אַזאַ ווי ס׳איז געווען דער גורל פון גאַנץ יידיש־פּוילן. ער איז טאַקע צוריק־געקומען צו יידיש דורך דער עקדה פון יידיש אין פּוילן.

יענע וווּנדערלעכע שטוב פון ישראל ליכטנשטיין וועט בלייבן ווי אַ סימבאָל פון אַ תקופה, וואָס איז מער נישטאָ. אָבער פון יענער שיינער, העראָישער און גלייכצייטיק שווערער תקופה, זיינען פאַרבליבן אין אונדז די וואָרצלען, וואָס וועלן קיין מאָל נישט פאַרוויאַנען: דאָס זיינען די וואָרצ־לען פון גלויבן, פון מסירת־נפש אין געראַנגל פאַר יענע אַלמענטשלעכע ווערטן, וואָס מאַכן שענער, דערהויבענער אונדזער גראָ לעבן.

י. י. טרונק

# פון בוך „פוילן"

ישראל ליכטנשטיינס שטוב אין לאָדזש איז געווען דער „סאַלאָן" פון דער בונדישער אידעע. ליכטנשטיין איז געווען דער ליבלינג פון די יידישע מאַסן אין לאָדזש און ער האָט אויך פאַר זיי געהאַט אַ טיפע און פלאַמיקע ליבשאַפט. דער „בונד", ווי דער וועג אויף וועלכן די יידישע מאַסן אין פוילן באַדאַרפן גיין צום היסטאָרישן פאָרויס — איז פאַר ליכטנשטיינען געווען די אומדערמידלעכע טאַט פון זיין לעבן. ער האָט זיין לעבן פאַרוואַנדלט אין אַט אַ דער טאַט. דער „בונד" איז פאַר אים געווען נישט בלויז די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע תשובה פאַר די יידישע מאַסן. דער „בונד" איז געווען דאָס בילד פון אַ גאַנצן סך־הכל. דאָס בילד פון דעם המשך, אי פון דער רעוואָלוציאָנערער באַנייאונג פון די יידישע מאַסן אין שייכות צום יידישן פאָלק און אין שייכות צו דער וועלט. אַלצדינג האָט ביי ליכטנשטיינען באַלאַנגט צום בילד פון „בונד": דער פּאָליטישער קאַמף פאַר דער מאַכט פונעם אַרבעטער־קלאַס, די יידישע ליטעראַטור, די יידישע שול. און דער עיקר: דער קאַמף פאַר די השפעות פונעם „בונד" אויפן יידישן לעבן. אומעטום איז ליכטנשטיין געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער בונדישער טאַט אין לאָדזש.

...ער איז געווען אַ בונדיסט אַ תלמיד־חכם. ער האָט געהאַט די טיפסטע סימפּאַטיעס פאַר פּראָסטע נישט־געלערנטע מענטשן, און די פשוטקייט פון די יידישע פאָלקסמאַסן איז פאַר אים געווען אַ הויכע מדרגה פון מענטשלעכער איידלקייט. אין דער זעלבער צייט איז ער געווען דער פאַר־ליבטער אין דער ליטעראַטור און אין אַלטע יידישע ספרים. פאַר מענטשן וואָס האָבן ווייניק פאַרשטאַנען דעם בונדס טיפע וואָרצלען אין דער יידי־שער קאָנטינואַיטעט, איז עס אויסגעקומען פרעמדלעך צו זען ווי אַ פירער און קעמפער פונעם „בונד" זיצט ביי אַ העברעאישן ספר, ביי אַ מדרש צי ביי אַ ספר־אגדה. איך ווייס נישט צי איז עס ליכטנשטיינען גופא געקומען צום באַוווסטזיין אַז דאָס דאָזיקע פאַרליבטע לייענען זיינס אין די אַלטע

יידישע ספרים איז נישט בלויז די ביבליאָפילישע נייגעריקייט, נייערט דאָס געפיל: אַז די פּסיכיק פון אַ יעדער טאָט פון די יידישע מאַסן איז אַ היס־טאָרישע קאָנטינואיטעט, און אַז אויך דער „בונד" קומט אַרויס פון די אַלטע יידישע קוואַלן. בלויז דאָס געשטאַלט פון „בונד" איז אַ מאָדערנע אָבער זיינע וואָרצלען גרייכן זייער טיף אין דער יידישער אַמאָליקייט. דערין ליגט דער גרויסער רעוואָלוציאָנערער באַטייט פונעם „בונד".

(פוילן, זעקסט בוך, זז' 184־186)

